# A HAND IS WRITING

*MINIATURES*

•

Address of the Author:
SHEA TENENBAUM
353 Central Park West
New York 25, N. Y.

•



•

דאָס בוך דערשיינט אין 1000 עקזעמפּלאַרן

•

Printed by:
Futuro Press, 476 Broadway, New York, N. Y.


200

# דאָס בוך איז געווידמעט

דאָס בוך איז געווידמעט צום אייביקן אָנדענקען פון מיינע טייערע עלטערן —

רחל לאה (גראָסמאַן), געבוירן 1864 — געשטאָרבן 1942 ;
אברהם מרדכי טענענבוים, געבוירן 1863 — געשטאָרבן 1939.

פון מיינע עלטערן האָב איך געירשנט אַלץ וואָס עס איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן בוך און אין אַלע מיינע שריפטן. מיין פאָטער האָט געשטורעמט מיט קינסטלערישן טעמפעראַמענט און אומרו. ער איז געווען אַ פילפאַרביקער, דראַמאַטישער כאַראַקטער, ווי פון בייראָנס אַ פּאָעמע. אים האָט כל־ימיו געצויגן צו מאַלעריי און צום שרייבן. די שטובן און דאָס מעבל האָט ער אָנגעטאָן אין גאָלדענע און זילבערנע פאַרבן. אויף אַלע ווענט האָט ער געמאָלןביימער און מענטשן. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער פאַרשריבן די מאַרגינעס פון די ספרים מיט מלחמה־געשעענישן און מיט משפחה־כראָניק. ער האָט שיין און בילדלעך גערעדט און זיין טעגלעך לשון איז פול געווען, ווי רייפע פרוכטן, מיט פאָלקלאָר און מיט שפּריכווערטער און מיט דורות־אַלטער חכמה. מיין טאַטע האָט זיין גאַנץ לעבן געבענקט, געזוכט און געחלומט. ער האָט ביטער געקעמפט פאַר זיין שיקזאַל. זיין שטערן איז צו אים געווען אומפריינטלעך. אינסטינקטיוו האָט ער געפילט, אַז אין אים גייען פאַרלוירן אוצרות פון שאַפונג. אַז דער קינסטלער אין אים ווערט באַגראָבן אין זיין קאַמף פאַרן שטיקל ברויט. דאָס האָט אים אָפט געמאַכט ביטער, אָפטמאָל אומפריינטלעך אַפילו צו אייגענע, צו ווייב און קינדער. זיין גאַנץ לעבן איז געווען אויסגעפילט מיט גרויסער אַמביציע, מיט טיפער אַנטוישונג, מיט ביטערער אָרעמקייט און קראַנקהייט. עס ציט מיך תמיד מיין פאָטערס לעבן אָנצושרייבן אין אַ בוך.

פון מיין פאָטער האָב איך געירשנט קינסטלערישן כישוף ; דאָס פייער וואָס פאַרצערט ; די פאַנטאַזיע, דעם אומרו, די ליבשאַפט צו שיינקייט, דעם דראַנג צום באַשאַפן . . .

מיין מוטער איז געווען די שטילקייט און די גוטסקייט זעלבסט. ווי אָרעם זי איז געווען, האָט זי שטענדיק געזוכט צו העלפן אַנדערע. בשעת עס איז נישט געווען פאַר זיך אַליין צו עסן, האָבן די פאַרבייגייענדיקע בעטלערס

שטענדיק געוואוסט אַז אין אונדזער הויז איז גרייט פאַר זיי אַ מאָלצייט. מיין מאַמע האָט אין איר גאַנץ לעבן געדינט צו די אָרעמע און באַליידיקטע פון דער ערד. צו איר גרויס, מענטשלעך האַרץ און צו איר באַדערפעניש יעדן טאָג צו טאָן גוטע מעשים — איז נישט געווען קיין גרענעץ. די פינצטערע אָרעמקייט, איר אומגליקלעך לעבן, האָט איר נישט געשטערט צו האָבן גרויס ליבשאַפט צו מענטשן און צו געטרייען אין גאָט. אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן וואָס כ׳בין געווען מיט מיין מאַמען, האָב איך קיין איינציקן מאָל נישט געהערט פון איר קיין איינציקן וואָרט פון בייזקייט אויף אַ קינד, צי אויף אַ פרעמדן מענטש. קיינמאָל האָב איך אויף איר פנים נישט געזען קיין אויסדרוק פון אומצופרידנקייט, צי פון באַקלאָגן זיך, אויף איר גורל. זי האָט אַלע צרות אָנגענומען מיט ליבשאַפט. ווען איך האָב שפּעטער געלייענט די באַשרייבונגען פון גרויסע מענטשן, פון הייליקע, פון מענטשן וואָס האָבן געזוכט זייער לעבן לאַנג צו העלפן די ליידנדע, האָב איך געטראַכט: מיין מוטער שטייגט מיט איר לויטערן כאַראַקטער זיי אַלעמען אַריבער. די אמת׳ע, גאַנצע, פולקאָמענע געשטאַלט איז זי געווען. אַזוי פיל צו ליידן, און דאָך צו לעבן אַזוי בראַוו, איז אַ זעלטנקייט אַפילו צווישן די הייליקסטע פון די מענטשן.

פון מיין מאַמען האָב איך אַ סך געלערנט: ווי אַזוי צו לעבן מיט מנוחה; ווי אַזוי ליב צו האָבן מענטשן; ווי אַזוי צו שטיין באַשיידן פאַר גאָט; ווי אַזוי צו טראָגן שטענדיק, אונטער אַלע אומשטענדן, דעם באַשעפער אין האַרצן; ווי אַזוי צו דערשטיקן אַלע קרעכצן אין זיך, אַז קיינער זאָל זיי נישט פאַרנע־מען. נאָך אַזאַ אײדעלען, ריינעם און גרויסן מענטשן ווי מיין מאַמע, האָב איך קיינמאָל אין דער וועלט נישט געזען. און די גרויסקייט פון מיין מוטער שטייגט אַלץ מער מיט די יאָרן, וואָס מער איך טראַכט פון איר לעבן און פון אירע מעשים.

דעריבער האָב איך דאָס דאָזיקע בוך געווידמעט צום הייליקן אָנדענק פון מיינע טייערע, אומפאַרגעסלעכע עלטערן. איך פיל, אַז איך בין זיי אַלץ שולדיק. דאָס וואָרט האָב איך געגומען פון מיין טאַטנס רייכן לשון. דאָס רע־ליגיעזע וועלט־געפיל האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין איידעלער מוטער... די קאָלירן, דעם אָרנאַמענט, די אַראַבעסקן, געהערן צו מיין גאָטזעליקן פאָטער דעם קינסטלער... די טיפע שטילקייט, דאָס מיסטישע, דעם באַגער צו פאַר־שטיין, צו באַנעמען, אומצוהאַלדזן מיט ליבשאַפט גאָר דאָס לעבן אויף דער ערד, צו באַרירן דאָס וועלט־רעטעניש, דאָס פאַנטעאַיסטישע געפיל אין האַרצן — דאָס אַלץ געהערט צו מיין גאָטזעליקער מוטער...

פון דעם גרויסן אוצר וואָס מיינע עלטערן האָבן מיר געשענקט, צאָל איך זיי צוריק אָפּ מיט אַ קליינעם גאָלדענעם רענדל...

ניו־יאָרק, 1ער יוני, 1952.

# די פלאַמיקע פעדער

נישט איך, נאָר אַנדערע גייסטער אונטער מיר, אין מיר און איבער מיר שרייבן מיינע שריפטן. מען דיקטירט מיר פון אַלע ווינקלען פון וועלט־אַל מיין וואָרט. איך בין אַ שטאָלצער קנעכט פון די וואָס באַפעלן מיר: שרייב אונדזער שמערץ. טונק איין דיין פעדער אין פלאַם־פייער, גיב זיך די מיה פאַר אונדזער געשיכטע, דערציייל צו די דורות אונדזערע עפישע געשעענישן, דערמאָן אונדז מיט דיין פייער און בלוט אין דעם גאַנג פון די צייטן. נישט איך, נאָר איבער מיר בויגן זיך איין געשטאַלטן ביז צום הימל הויך און זיי דיקטירן מיר מיט געשריי און מיט געיאָמער וואָס צו שרייבן. צו מיר רייכט אַ דעמאָן פון לויטער פייער די בליציקע פעדער אין דער האַנט. — שרייב אָן, — זאָגט ער מיט זיין צעבראָכענעם מויל, — דעם יאָמער פון דער גאַנצער וועלט. — אין אַ באַגינען, ווען דער שניי מישט זיך אויס מיטן פלוש פון דער נאַכט, קומט מיין טאַטע פון זיין ווערמדיקן קבר אין ברוקלין און ער דערלאַנגט מיר די פעדער, מיט וועלכער ער האָט אין מלחמה־צייטן באַשריבן די בלוטיקע געשעענישן אויף די מאַרגינעס פון זיין טאַטנס ספרים. — נעם, — זאָגט ער מיט אַ מורא׳דיק קול, ווי פון חלום אַרויס, — שרייב אָן אונדזער אָרעם לעבן. דערציייל פון מיינע וואַנדערנישן און וואָגלענישן. דערציייל פון די וועגן אין פוילישע דערפער, וואָס איך האָב מיט בלוט פאַרשפּיגן. צינד אויף־דאָסניי אָן מיין פינצטער לעבן איבער די וועגן פון קרוין־פוילן.

דער זיידע, וואָס האָט איבער דער ווייסלס וואַסערן געפירט טראַטוועס קיין דאַנציג, מיט אַ פלאַמענדער באָרד ווי אַן על גרעקאָ הייליקער, שטרעקט צו מיר אויס אַ שטעכיקע פעדער, הונדערט יאָר אַלט. — שרייב! שרייב, וואַנדזיניק אייניקל מיינס, די געשיכטע פון מיין שווער לעבן, פון די הונ־דערט זיידעס וואָס זיינען געוועזן פאַר מיר. באַשרייב דאָס לעבן פון אַ איד, עס וועט זיין מעכטיקער ווי אַ האָמערישע עפּאָפּעע. דאָס לעבן פון אַ איד — שווערער ווי דאָס לעבן פון זייערע אַכילעסעס, אַגאַמעמנאָנס און טהעמיסטאָקלעסעס.

אַ שווינדזוכטיקע פריילין גייט אַרויס פון אַ קבר אונטער די ראָקי־פעלזן; זי ציטערט מיט איר דינער, בלאַסער האַנט: — נאַ, שרייב אָן, דיכטער, מיין מיידעלשן אומעט, מיין פּרוויאישן אונטערגאַנג. — די גע־שיכטע פון דעם חורבן פון אַ שטאָט איז נישט גלייך צום וויאַנען פון אַ

קראַנקע מיידל וואָס ווערט אויפגעגעסן ביינאַכט פון דעם וואַמפּירישן מויל פון דער לבנה.

אַ איד פון חורבן בית המקדש שטרעקט אויס צו מיר אַ שטורקאַץ:
— שרייב, פּאָעט, באַשרייב די פלאַמען פון חורבן פון גאָט׳ס הייליקן טעמפּל. דאָס משוגענע פייער וואָס שיסט שטורמיש פון די רערן פון די אָרגלען און צעשמעלצט די לייכטער פון די מנורות. דאָס פאַרשאָלטענע פייער וואָס קושט די פרעסקאָס פון די ווענט, רייסט אַרונטער מיט פלאַמיקע הענט די קאַנדעליאַברעס.

אַ שיכורער נעגער, מיט אַן איבערגעשניטענע האַלדז פון אַ שאַרפער בריטוווע, שענקט מיר אַ בלייפעדער פון קויל: — שרייב אַן אין שוואַרצע פלאַמען דעם ווייטיק פון אונדזער ראַסע. פאַראייביק אין אידישע שורות מיין פינצטערע אַגאָניע. זע מיין פאַרבלוטיקטן האַלדז, ס׳האָט אים דער טייוול איבערגעשניטן. איך געזעגן זיך מיט דער וועלט איצט. פּאָעט, באַשרייב מיך!

אַ פּראָסטיטוטקע אונטערן גרויען, וויסטן רעגן, מיט אַן אַדורכגעווייקט קלייד, רייסט אָפּ פון דעם פינצטערן הימל אַ שטערן: — באַשרייב מיטן שטערן די געשיכטע פון מיינע זינד און פון מיינע טרערן. מאָל אויס די ריזיקע בלומען פון טרוימען און האָפנונגען וואָס די פּרינצעסין אין מיר האָט געחלומט. זאָג אָן די דיכטער און די דערציילער אַז זיי האָבן מיין לעבן נישט אמתדיק באַשריבן. זאָג זיי אַז זיי האָבן מיך אידעאַליזירט. איך בין נישט הייליק און בין נישט זינדיק. איך בין אַ טייל פון דעם טאָל פון יסורים. איך בין אַ טרויעריקע בלום פון ליידן, אַרויסגערופן נישט דורך דער זון, נאָר דורך דער לבנה. איך בין איינע פון די פילע אומגליקלעכע ברואים, אַ שברי כלי, אַ צעבראָכן געפעס. —

אין אַ נאַכט גייט אַרויס אַ מת פול מיט ווערעם אויפן לייב און ער טראָגט אין זיין ביינענדיקער האַנט דעם שפּיץ פון אַ פעדער ווי אַ שפּיז:
— שרייב פּאָעט, שרייב מיט דער אַריינגעשטאָכענער שפּיז אין האַרצן. שרייב מיטן בלוט פון דיין האַרצן. באַשרייב די ערד־מייז וואָס לעכערן דורך די ערד און פרעסן מיינע אויגן און מיינע געדערים. באַשרייב דעם שמערץ און די שאַנדע פון פוילן פון אַ מענטשלעכן גוף. באַשרייב די וויסטע באַליידיקונג און דעם שטומען שמערץ פון טויט.

דער פאָרשער פּליניוס גייט אין פלאַמען ביזן גאַרטל און ער גיט מיר איבער די אָנגעגליטע פעדער מיט וועלכער ער האָט ביז דער לעצטער רגע פאַרצייכנט דעם אויסברוך פונ׳ם ווולקאַן; דעם טויט פון די מאַסן איינוווינער; די שיינקייט פון אַש און פלאַמען וואָס ברעכן שיכור און וואַנזיניק אַרויס פון די טיפענישן פון דער מאַמע־ערד: — שרייב, פאַרענדיק

די עפּיק פון חורבן און טויט. מיינע פינגער ברענען שוין, דאָס פייער גייט ביז צו מיין האַרץ. —

דאַנטע אַליגיערי גייט אַ בלאַסער און אַ שווייגנדיקער אין די טאָלן פון טרערן און יסורים. און ווירגיל מיטן לאָרבער־קראַנץ אויפן שטערן גיט מיר איבער דאַנטעס פּען־שווערט מיטן געבאָט פון׳ם איטאַליענישן דיכטער: שרייב דאָס נייע גהינום פון די זעקס מיליאָנען. פאַרשרייב די גרעסטע טראַגעדיע פון אַלע צייטן. זיי דער נייער ירמיהו פון דיין אויס־געשאָכטן פאָלק. —

דער נביא ירמיהו איז געבליבן פאַרגליווערט ווי אַ שטיין אויף די בערג אַרום ירושלים. זיין פעדער שטעקט אין זיין האַנט: — נעם זי אַרויס פון מיינע פעלדזיקע הענט, — זאָגן שווער זיינע שטיינערנע ליפּן, — פאַר־קריץ אויף אַלע האָריזאָנטן מיט פייער פון דיין וואָרט אַ נייעם איכה. קלאָג אויס איבער אַלע וועלטן אַ נייעם יאָמער־ליד, אַזאַ מעכטיקן ווי מיינעם.

דער באַרד קאַצענעלסאָן, בלאַס ווי קרייד, אין יאָמער נאָך זיינע קינדער, נאָך דעם אויסגעהרג׳עטן אידישן פאָלק, שטרעקט אַרויס די פעדער פון אַ גרוב מיט מתים און ער שרייט: — נעם איבער די פעדער, אידישער דיכטער, איך האָב שוין נישט קיין כוח. פאַרשעם די הימלען און מאַך צו שאַנד די שטערן, זאָל זיך אויסלעשן די זון און זאָל אַראָפּ־פאַלן ווי אַ פּוילנדיקער עפּל די לבנה, מאַך אָן אַ ווינט וואָס זאָל רייסן אַלע אידאָלן און וואָס זאָל צעשמעטערן אַלע טראָנען. פאַרשעם זיין הימ־לישן מאַיעסטעט, דעם קעניג פון אַלע ערדישע קעניגן. זאָג אַלעמען אַז אַז איך האָב געזען אַ גרעסערן טאָל פון יסורים ווי דאַנטע און אַז אויב גאָט האָט דאָס דערלאָזט, איז גאָט נישט קיין איד!

פון אומעטום שטרעקן זיך צו מיר פעדערס מיט פאַרטיקע עפּישע געשיכטן. געשפּענסטער קומען צו חלום פון די משוגענע ווינטן געטראָגן מיט פייערדיקע מגילות, אַז איך זאָל זיי איבערשרייבן מיט נייעם פייער פון האַרצן. גייסטער מיט פלאַמענפּנימער שטופּן דיר אין האַרצן ווי שפּיזן די פעדערן, נישט פון גאָלד, נאָר פון אייזן. פון אַלעביימער ווערן פּענעס און פון אַלע הימלען — פאַרמעטן. און פון אַלע וואַסערן — טינט. און דער יאָמער קומט צו דיר פון אַלע ווינקלען און ער יאָמערט אַריין ווי אַ שטורמווינט אין דיין שאַרבן אַריין. עס ברעכן זיך אַרויס פון אַלע הייזער און דעכער ווילדע ווייטיקן און זיי באַפעלן דיר דו זאָלסט זיי פאַראייביקן. יעדעס שטיק באַליידיקט לעבן שרייט געוואַלט: פאַרקריץ מיך. איך גיי אונטער ווי אַ שניי. איך פאַרלעש זיך ווי אַ פייער. איך ווער צעבראָכן

ווי אַ בליץ. איך קראַך ווי אַ וואַסערפאַל. געוואַלט, פּאַראַייביק מיך איידער עס ווערט צו שפּעט...

איך בין דאָס גאַנצע לעבן געפאַנגען פון דעם יאָמער פון די מענטשן. איך בין פאַרטרונקען פון זייערע ליידן. איך בין אַ שקלאַף פון דעם מענטשלעכן וויטיק. איך בין דער נביא פון אַלע שאַטנס. איך בין דורכגענומען און דורכגעקרייציקט מיט גאָר די שיקזאַלן פון די מענטשן. ווי בלעטער אין ווינט יאָמערן אַרום מיר מיליאָנען זעעלן. איך בין דער שקלאַף פון די פאַרברענטע. דער קרבן פון די נישט־דערגאַנגענע. דער ציטער־אויסדריק פון די שטומע. איך בין דאָס געשריי פון פאַרשטיינערטע מיילער. איך בין דער זיפץ פון די מתים פון דעם אונטערערד. איך בין דער דיכטער פון די איינזאַמע נשמות וואָס ווייַנען אין זייער שטיינערנער איינזאַמקייט. זיי אַלע שטרעקן צו מיר פייערדיקע פעדערס. פון אַלע זייטן פון אוניווערס גייען אויף מיר אייזערנע פענעס מיט טרערן פאַרגאָסענע: שרייב, שרייב אויף דער מגילה פון מילך־וועג אונדזערע אומגליקן. פאַרשרייב די האָריזאָנטן מיט אונדזער שמערץ. דיכטער, לייז אונדז אויס פון אונדזער אונטערגאַנג. פּאָעט, נעם אונדז אַרויס פון די וואָלקנס אַש וואָס טורמען אומרואיקע ביז צו די הימלען. דערזע ווי מיר האָבן געיאָמערט אין די לאַנגע שטונדן פון דערמאָרדן און פאַרגאַזן און באַגראָבן אונדז. זע ווי מיר האָבן געציטערט באַקעטע און גערופן צו גאָט פאַר רעטונג ווען מען האָט אונדז איינגעשפאַרט אין די הערמעטיש־געשלאָסענע גאַזקאַמערן. זע ווי יונג מיר זיינען געווען, הערלעכע אידישע טעכטער, ווען מען האָט אונדז אָפּגעטיילט פון דער מאַסע צוזאַמענגעקלעפּטע, וויסטע גופים און מען האָט אונדז מאַסנווייז באַגראָבן אין דר׳ערד. זע די פאָרמען פון אונדזערע יונגע לייבער ווען מען האָט אונדז אויפדאָסניי אויפגעגראָבן און מיט קעראָסין פאַרגאָסן די בערג מיט גופים און מען האָט אונדז געברענט און אונדזער פייער איז ביזן הימל געגאַנגען אין דער פוילישער פראָסט, כדי מען זאָל דעם צייכן פון אונדזערע מיאוסע משונות פאַרטיליקן אויף אייביק. פּאָעט, עפן ווידער אויף אונדזערע לויכטנדיקע פּנימער. פון אונדזערע פאַנאַנדערגעוואָרפענע אַשעס ווי מיסט איבער די פעלדער כישוף פייערדיק אַרויס אונדזערע געשטאַלטן, אונדזער יוגנט, אונדזערע מיידלשע שיינקייטן, אונדזער כלה׳דיקער חלום. אָ, ציגד אונדז ווידער אָן צו ליד און צו ראָמאַנס. מיר ווילן ווידער לעבן אין קליינע ווילע אין דיין וואָרט, מיר ווילן ווידער טאַנצן אין דעם ראָמאַנטישן גאָרטן פון דיין וואָרט — — —

— דיכטער! — רופן צו מיר מיליאָנען שטימען פון אַלע פיר זייטן פון דער וועלט — הייב אונדז אויף פון די טיפע טאָלן פון פאַרגעסן; דער־

הויב אונדז ווי מאָנומענטן, ווי פייערדיקע זיילן אויף פיעדעסטאַלן פון מאַרמאָר און גאָלד, הויך אַריבער די פּלאַנעטן און די שטערן, צום קלאָרן כישוף פון אייביקייט. צו אויף אייביק־געפורעמטע פאָרמען און ווערטן פון גאָט. באַלוין אונדז מיטן זין פון אַלע עקזיסטענצן און זאַכן — מיט איי־ביקייט. זיי אונדזער נביא, זיי אונדזער משיח, דו, מאַן פון אידישן וואָרט !...
ניו־יאָרק, 16 פעברואַר, 1952.

## די מיסטעריע מענטש

עס איז אָוונט. די לבנה, ווי דער בלוטיקער שאַרבן פון אַ געץ, רינט אויס מיט אירע לעצטע טראָפּנס שטראַלנדיק ליכט איבער גאָר די ערדישע לאַנדשאַפטן... איך זיץ איבער אַ באַנד מיטאָלאָגיע, איבער אַ באַנד תנ״ך און איבער דער קאָמעדיע פון דער מענטשהייט „דאָן קיכאָטע" און איבער דער טראַגעדיע פון דער מענטשהייט „האַמלעט". איך בין אַרומגערינגלט פון כאַראַקטערן פון דער וועלט־ליטעראַטור: די געוואַגטע, די צווייפלענ־דיקע, די געמאַטערטע פון געוויסן און די פעסימיסטישע און די העראָ־אישע און די עקסטאַטישע...

איך זיץ איבער אַ באַנד שעקספּיר — דאָס דראַמאַטישע שפּיל פון דער מענטשהייט׳ס פסיכיק און איבער אַ באַנד סערוואַנטעס — דאָס קאָמישע שפּיל פון דעם העלד וואָס רייט אויף זיין דאַרער ראָסיגנאַנטע אין פריען מאַרגנרויט און טרוימט אויס און סקולפּטירט אויס דער גראָבער, דאָרפּי־שער דולציניייע פון זיין קראַנקער און ריטערשער פאַנטאַזיע — ער, דער דינער, שלאַנקער, געשפּענסטישער ריטער מיט דער פאַרזשאַווערטער שווערט און מיט די ראָסטנדיקע, ריצערישע ריפּן פון אייזן...

איך טראַכט: וואָס איז פאָרט דער מענטש, אָט דער אייביק־לעכער־לעכער און אייביק־טראַגישער מענטש? דער וואָס שמידט ריזיקע קרוינען פון גאָלד און זעצט זיי אַליין אַרויף איבער אידיאָטישע, שוואַכזיניקע און שמאָלקעפּיקע קעפּ פון בלוי־בלוטיקע קאַרליקעס און אידיאָטן און שיכורים און הורן־יונגען און משוגעים און דעספּאָטן און טיראַנען און אַלערליי דעגענעראַטן — און בוקט זיך צו זיי ווי צו געטער? דער מענטש, וואָס שמידט שווערטן כדי צו טויטן זיינע ברידער און דערפינדעט פולווער כדי אויפצורייסן שטעט און איז פונם פרימיטיוון פייל־און־בויגן אָן דער־גאַנגען — אין זיין הונגער נאָך פאַרניכטונג און מאָרד און דראַנג אָפּ־צורוימען פיזיש דעם קעגנער — צו דער אַטאָם־באָמבע, מיט וועלכער ער האָט אַריינגעקרוגן גאָט׳ס מעכטיקן סוד? דער מענטש וואָס שלייפט יאָרהונדערטער דאָס קרישטאָלענע גלאָז און שטעלט אויף איבער די בערג מעכטיקע טעלעסקאָפּן אַריינצוקוקן אין דער אומגעהייערער ביזשוטעריע פון

די שטערן וואָס וואַנדערן אַרום אַנגעצונדענע אין אַן אומענדלעכן חלל? ווער איז דער דאָזיקער בלאַסער, נערוועזער, פסיכאָפּאַטיש־קראַנקער מענטש וואָס האָט מיט זיין מעכטיקער פאַנטאַזיע אויסגעטראַכט געטער אין די הימלען וואָס בינדן מיט אייזערנע גאַרטלען דאָס וועלט־סיסטעם און ער בוקט זיך צו זיי דורך די שטורמישע יאַרטויזנטער מיט אַזאַ ברענענדיקער עקזאַלטאַציע און פאַנאַטישן גלויבן? ווער איז דער האַמלעטישער, פּרינצ־לעכער מענטש און דער דאָן קיכאָטישער טרוימער־ריטער וואָס רעוואָל־טירט אייביק, און זיינע רעוואָלטן, געקנאָטן מיט בלוט פון מיליאָניקע פּראָלעטאַריער און לומפּן, פון די פעלדזיקע זשאַן וואַל זשאַנס און באַבעפּס און טראָצקיס און זשאָרעסעס און לעקערטס און באַטווינס און טרומפּעל־דאָרס — און צום סוף ווערן אַלע רעוואָלטן, אַלע רעוואָלוציעס, ווערן אַלט און זשאַווערן און פאַרציען זיך מיטן ווילד־פלייש פון דראַנג נאָך מאַכט און פּערזענלעכע אַמביציע און גייציקייט און דראַנג אַנצוטאָן בלויז דאָס אייגענע אַנטבלויזטע ווייב — אַנטבלויזט ווי יעדער גאַסנפּרוי און ווי יעדער ניי־געבוירן קינד — אין בלענדענדיקער צירונג, אין משוגענער ביזשוטעריע און אין זייד געבראַכט פון כינע און פון יאַפּאַן... ווער איז דער מענטש וואָס גייט דורך די אָצעאַנען פון די גרויע צייטאַלטערן אָן, גייט דורך מיט זעגל־שיפן דורך אומבאַקאַנטע, שטורמישע, נאַכט־שוואַרצע ימים און ער זוכט גאָלד, געפינענדיק די ליימיקע ברעגן פון מעכטיקע, פּרימיטיווע אימפּעריעס? און ער שפּרייט שטאָלענע בריק־שנירן איבער די טייכן און די אָזערעס און ער שליידערט צוגן איבערן געבירג און פּרעסט אויס מיט די ציין די פעלזן און שטעכט דורך טונעלן אין דער טיפעניש פון די אייזערנע בערג?

עס רינט דאָס בלוט פון דער לבנה און פאַרבט מיך אָפּ אינגאַנצן אין רויט. איך זע אויס ווי אַ וואַנזיניקער קלאָון וואָס ווײנט אונטער טויזנט לאָמפּן. מענטש אַנטפּלעקט זיך צו מיר אַ פלאַמענדיקער, מיט אַזאַ ווילדער, אייזערנער מאַסקע. ער שטעקט אַרויס זיין פּנים פון דער טיפעניש פון אורוואַלד און ער דערזעט די שיינקייט פון דער אורנאַכט און ער שליידערט זיין אויסגעשריי פון אַנטציקונג און פון מענטשלעך־ווונדיקן שמערץ איבער גאָר דער נאַכטיקער פּאַנאָראַמאַ פון וואַלד און געבירג און ער זינגט זיין ראָמאַנטיש ליד, זיין סערענאַדע דעם קאָלאָסאַלן ווייב — די מוטער פון אונדזערע פעלקער...

ווער איז דער מאַן וואָס ווערט געצווונגען שוין אין די אורצייטן צו קריצן זיינע וויזיעס אין די פעלדזן פון געבירג, הויך איבער די שוימיקע כוואַליעס פון די אָקעאַנען און אין די היילן ווו בערג מיט סקעלעטן וואַלגערן זיך ווייס און פון חיות צעגריזשעט? ווער איז דער מענטש

וואָס אין די גרויע פאַרגאַנגענע יאָרטויזנטער האָט ער געלאָזט שטיין די געוואַלטיק־פּרימיטיווע פרעסקאָס פון זיין צעשטראַלטן געניוס און האָט זיי אָנגעטאָן אין פאַרבן און אין גאָלד?

ווער איז דער מענטש וואָס דערגייט פון די דאָזיקע אורווילדע און אינסטינקטיווע שיינקייטס־אויסדריקן צו דער העכערער שיינקייט און לויכטנ־דיקע קאָלירן פון אַ ראַפאַעל׳ס מאַדאָננאָס און פון זיינע מעכטיקע פרעס־קאָס אין דעם שלאָס פון וואַטיקאַן? וואָס דערגייט צו דער טראַגישער שיינ־קייט פון אַ דאַנטעס וויזיעס אין גן־עדן און שליידערט אַ טאָלסטאָי וואָס גראָבט אויס דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן פון דער ערד, גייט אין וואַלד צו זוכן אַ היילונג פאַר׳ן לעבן, עס צעגלידערן, אַנאַליזירן עס ווי אַ האַלבגאָט און אָנשרייבן אַ נייעם תנ״ך פון לעבן? ווער איז דער מאַן וואָס טויטעט און באַלעבט און האָט רחמנות און שלאָגט? וואָס בלאָזט אַריין קאָכעדיקן אָטעם פון זיין נשמה־אָטעם אין דעם בוזם פון אַ פאַרוווּנדעטן, פון אַ געראַניעטן פריינט און שטעקט אַריין אַ שאַרפע שפּיז אין דער ברוסט פון זיין אויסגעטראַכטן שונא? ווירקלעך, ווער איז דער מענטש וואָס קען זיין אַ רוסאָ, אַ קראָפּאָטקין, אַ טהאָראָ, אַ וואָלט וויטמאַן, אַן עמערסאָן, אַ שטירנער, אַ קיטס, אַ ישעיהו און אַ — משה?

און ווער זיינען די שטורמגייסטער וואָס זיינען באַקאַנט צום מענטשן אונטער די נעמען פון פּרץ, בייראָן, שעללי, היינע, לערמאָנטאָוו, ניטשע, עמפּעדאָקלעס, סאָקראַטעס, אַנאַקרעאָן, האַפיז און העלדערלין? ווער איז דער מענטש וואָס זינגט טרויעריק ווי אַ רילקע זיין גרויס און טיף און תהלים׳דיק געזאַנג צו גאָט — זיין אורחבר, זיין ערשטע מחשבה, זיין פלאַ־מענדיקע האָפנונג, אין דעם אומגעהייערן בית המקדש פון דער וועלט. וואָס האָט אַ טויזנט תהילימס אויסגעזונגען פון זיין האַרצן צו גאָט — פון דער טיפעניש פון טאָל פון יסורים — פון זיין געלעגער פון וווּנדן און פיין און שרעק און יאָמער.

און ווער איז דער מענטש וואָס זינגט ברייט און מעכטיק זיין ליד פון לעבן ווי וויטמאַן און ווי טאָמאַס וואָלף און ווי דזשאַק לאָנדאָן? ווער איז דער דאָזיקער שטומער גיגאַנט, וואָס הגם געבונדן דורך ערדישער גראַוויטאַציע, דערהייבט ער זיך אין ריטם איבער דער ערד ווי אַ ניזשינסקי און אַ פּאַקין און אַ דונקאַן און אַ פּאַוולאָוואַ און ער שוועבט אין טריאומף איבער דער ערד־אויבערפלאַך ווי אויסדריקנדיק זיין דראַנג צו די הימלען און זיין זיג איבער די געזעצן פון דער נאַטור און זיין דערהייבן זיך שטורמיש איבער דער ערדישער גראַוויטאַציע און זיין שאַלן דאָס נצחון־ליד פון איקאַרוס, וואָס הגם ער פאַלט אין אָקעאַן, ווייזט ער איבערן הימל דעם ביישפּיל פאַר לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי צו שמידן צום ערשט אין זיין

פאַנטאַזיע און שפּעטער אין דער מעכאַניק די שטאָלערנע פליגל פון מענטש? ווער איז ער, דער דאָזיקער מאַן פון אַ מיליאָן קאָנטראַסטן און קאָנ־פליקטן, דער מענטש דער מייסטער־קאָמעדיען פון דער ערדישער בינע און דער מייסטער־טראַגעדיען? דער אַריסטאָפאַנעס און דער מאָליער, דער אייסכילאָס און דער עאוריפּידעס, דער היינריך היינע און דער סטעפאַן געאָרגע? ווער איז דער דאָזיקער מיסטעריעזער מענטש מיט דער בלאָסער מאַסקע, וואָס האָט זיין פּנים געבאַרגט ביי גאָט און ער טראָגט עס געמיינזאַם מיט גאָר די באַשעפענישן פון דער ערד וואָס טראָגן גאָט׳ס פּנימער? דער מענטש ווער איז וואָס האָט די מעכטיקע מאַמאָנטן געטויטעט און די נאַטור האָט זיי באַהאַלטן אין אייז פאַר די מעטראָפּאָלישע מוזעאומס און פאַר׳ן ניו־יאָרקער מוזעאום פון נאַטור־געשיכטע?

ווער איז דער מאַן וואָס וואַרפט אַן מיט אַזאַ ליידנשאַפטלעכער קראַפט סודות׳דיקע פּיראַמידן? וואָס באַשעפטיקט הונדערטער טויזנטער שקלאַפן אויף אַוועקצושטעלן אין מדבר די דאָזיקע געהיימנישפולע בערג פון גראַ־ניט? ווער איז דער מאַן וואָס באַהאַלט די פּרעה׳ס אונטער די פּיראַמידן מיט זייערע אין האָניק געשמירטע און געשמינקטע ווייבער און אין פאַר־פיום־דערטרונקענע — און ער גייט אַליין אַוועק, אַן אומבאַקאַנטער שקלאַף, אין דער אומענדלעכקייט פון דער געשיכטע? ווער איז דער מאַן וואָס שטעלט אַוועק ספינקסן מיט זייער מעכטיקן שוויגן אין די וויסטענישן פון מדבר און ווערט שפּעטער געשמידט אין קייטן און די סקעלעטן בלייבן שטיין אויף יאָרטויזנטער געקאָוועטע? אָ, ווער איז דער מענטש דער דאָזיקער ווונדערבאַרער און שרעקלעכער — שריי איך אין פינצטערער נאַכט צו דער גרויסער געטלעכער קאַנדעליאַברע פון שטערן? ווער איז ער, דער צויבערער פון ווונדערלעכע טויזנט און איין נאַכטס־געשיכטן און דער וועבער פון קאַנט׳ס און שפּינאָזאַ׳ס און סאָקראַטעס׳ס און רוסאָ׳ס פּי־לאָסאָפיעס? דער זינגער פון די בריטישע אינדזלען, אָסיאַן, און דער באַרד פון דער אַמאָל גלאָררייכער טראָי — דער „בלינדער״ האָמער? ווער איז דער מאַן פון גאָר דער ציוויליזאַציע און פון גאָר דער קונסט און פון גאָר די אַלטע קולטורן און די נייע מעכטיקע ציוויליזאַציעס — ביז צו דער שוועל פון דער אַטאָם־עפּאָכע?

ווער איז דער מענטש וואָס האָט געשאַפן די אַלטע מיטאָלאָגיעס און די נייע העלדן־עפּאָסן פון געוואַלטיקער גרויס? וואָס קומט מיט אים פאַר? איז דער מענטש פון אורדזשאַנגל שוין דעמאָלט געווען אַרומגענומען פון משוגעת? דער מאַן וואָס פאַרבט אַנדערש די בלומען און די גערטנער ווי דער געטלעכער נאַטור־מאָלער פאַרבט און מאָלט די אָקעאַנען מיט זיין בלוט און פאַרפלאַנצט בית עולמ׳ס אויפן גרונט פון די אָקעאַנען און

איראָניזירט טראַגיש און ציניש איבער זיין אייגענער עקזיסטענץ מיט לעאָ־פּאַרדישער, שאָפּענהויערישער, ווייניגגער און רוסאָ און איוב און קהלת־דיקער עלעגיע? ווער איז דער מאַן וואָס טוט זיך אַליין אָן אַ מאַסקע פון זייד און פון אייזן און וואָס פאַרשעמט זיין געטער־גאונישן פּנים? דער מענטש וואָס שאַפט אימפּעראַטאָרס און צאַרן און קיסרים און צעזאַרס און קעניגן און קייזערינס און שאַכן און קאַליפן און סולטאַנען און צעסאַר־זשעס און קרולס און אַלערליי הערשער און דעספּאָטן וואָס בילדן אימפּע־ריעס אויפן רוקן פון די שקלאַפן און קריגער און געדונגענע סאָלדאַטן און אויף די קעפּ פונם פּעבל פון אַלע קאָנטינענטן און לענדער?

ווער איז דער מענטש, פרעג איך אין אַ נאַכט פון לבנה, ווען דאָס ליכט שטראָמט ווי טייכן איבער דער ערד און פאַרבט קאַלעכדיק די ווענט פון צעשטערטע שטעט און לענדער — ווער איז דער מענטש מיט דער מיסטעריע פון גלויבן און פאַרלייקענונג, פון פּאָליטעאיזם און מאָנאָטע־איזם? דער מענטש וואָס שטעלט אויף אין זיינע טאָלן און אויף די שטיינערנע רוקנס פון די בערג זיינע טויזנטער טאָניקע געצן מיט פעלזנ־שטומע פּנימער און ער שטעלט אַוועק אין די הימלען הויך דאָס גראַנדיעזע געשטאַלט פון אַ גאָט וואָס האָט מיט זיין האַנט אויסגעקנאָטן אַלע מענטש־לעכע דורות; וואָס קנעט אויס מיט זיין האַנט אין יעדער מוטער׳ס בויך איר עמבריאָן און בלאָזט אַריין אין זיינע נאָזלעכער מענטשלעך־געטלעכן אָטעם און שיקט אים אַרויס צו מלחמה און צום שלאַכטפעלד צו טויטן דאָס וואָס גאָט האָט באַשאַפן? ווער איז דער דאָזיקער מענטש מיט פייערדיקע אויגן וואָס שרייבט אויף שטיינער עטישע תורות און שרייבט אויף פאַרמעט פינצטערע דעמאַגאָגיעס און שרייבט אויף פּאַפּירוס די שענ־סטע לירישע דיכטונגען און שטורמט אויס און ברעכט אָפּ פון זיין מענטש־לעכן שמערץ געוואַלטיקע סימפאָניעס און שמידט אויס אין קרעכץ און אין שטורם הימלישע פאַסטאָראַלן? אָ, ווער איז דער מענטש וואָס שטייט אויף די מויערן פון ירושלים און ער שליידערט מיט אַ בליציקן צאָרן און מיט עלעמענטאַרער געוואַלט גאָט׳ס אומגעהויער וואָרט וואָס פאַלט אויף דער ערד ווי אַ שטורם פון פייער?

די לבנה רינט אומהיימלעך און פּאַסיוו מיט איר זילבערנעם, אָפּגע־קילטן מוח־בלוט... האַמלעט מיטן פּורפּורנעם שאַרבן אין זיין ציטערנ־דיקער, דינער האַנט; דאָן קיכאָט מיט זיין אַסקעטישן פּנים וואָס ווייסט נישט פון קיין שמייכל; דר. פאַוסט וואָס גייט שקלאַפיש נאָך דעם שאָטן זיינעם, דעם מעפיסטאָ, און דער מהר״ל וועמענס הענט זיינען פול באַקלעפּ־טע מיט ליים פון׳ם קנעטן די ליימיקע מאַסע פון׳ם גולם; פאַן טוואַר־דאָווסקי און דאָן זשואַן וואָס האַלט זיך אין פעכטן אויף אַ דועל מיט זיין

ליבע־קעגנער; קאַזאַנאָוואַ און וואָלטער דער שפּעקולאַנט און אָפּשפּעטער פון דער קאַטוילישער קירכע; און העלדן פון דער ליטעראַטור גייען אויף איינע נאָך די אַנדערע: טשיילד־האַראָלד און דער קאָרסאַר; קין און מאַנפרעד; אַננאַ קאַרעניגאַ און דאָריאַן גריי; עמיל און מאַקבעט; סאַלאָמע און ראַסקאָלניקאָוו; די צוועלף אַפּאָסטאָלן פון דער עוואַנגעליע און פון אַלעקסאַנדער בלאָק; און די געקרייציקטע קריסטוס און ברונאָ; און קראָפּאָטקין און עמוס און ישעיהו און דער פעלדזיקער ירמיהו — פון ליידן פאַרשטיינערט; גאָר די העלדן, טיפּן און כאַראַקטערן פון דער וועלט־ליטעראַטור גייען פאַרביי מיר אין אַ געוואַלטיקער פּראָצעסיע און גאָר דאָס לעבן אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר אין זיין טויזנטפאַרביקער און טויזנט־פאַרמדיקער פאַרשידנאַרטיקייט — און די לבנה גליט אויף אין אַ פייער־דיקן פראַגעצייכן — אויסגעקריצט דורך די נעגל פון מענטשלעכע דורות אין דעם מאַרמאָרנעם האַריזאָנט און גאָר דאָס שטורמישע, דראַמאַטישע, ספּעקטאַקולאַרע לעבן ציטערט אויף אין זיין גראַנדיאָזיטעט איבערן אומ־רואיקן פירמאַמענט און פייניקט מיין צעלעכערטן, פון האַמלעטישע ספיקות צעבראָכענעם שאַרבן און אַנגעצונדענעם מוח...

וואָס איז דער מענטש? פונוואַנען איז ער דערשינען? פון וועלכן שטערן פון קאָסמאָס איז ער אַראָפּגערונען אין פייערדיקע טראָפּנס אויף דער ערד? פון וועלכן פייערדיקן טייג האָט ער זיך אָפּגעריסן און אַ קרישקע האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אונדזער גינסטיקן קלימאַט? ווו האָט ער געגומען זיינע הייסע בענקשאַפטן און זיינע אומרואיקייטן און זיין פינצ־טערע מעלאַנכאָליע? צוואָס האָט ער דעראָבערט די אימפּעריע פון אונ־דזער אָפּגעקילטן פּלאַנעט און האָט אירע בערג און טאָלן און ים־ברעגן געמאַכט פאַר דעם זיצאָרט פון זיין טעטיקייט? צו וואָס האָט ער אַזוי שווער געאַרבעט אויף זיין אַנטוויקלונג און איז אויפן שמערצלעכן וועג פון עוואָלוציע דערגאַנגען אַזש ביז צום פאַרשאָלטענעם טייוולס־כוח פון דעם אַטאָם־סוד? ווער איז זיין קאָסמישער פאָטער און זיין קאָסמישע מוטער? איז ער געבוירן געוואָרן פון געוואַלטיקער שנאה, פון פייערדיקן האַס און דאָס איז זיין גורל — אָדער פון ווונדערלעכער ליבע און דאָס איז זיין שיקזאַל?

געשפּענסטיש און ספּעקטעראַרטיק און געהיימניספול הענגט די לבנה אויפן הימלישן פאַרהאַנג — דאָס קינד פון מיין פאַרווונדעטן מוח; דער קאָלאָסאַלער פראַגעצייכן. און עס דאַכט זיך מיר אַז גאָר די דורות פון דער ערד — אַלע גענעראַציעס וואָס זיינען געשטאָרבן אין די מלחמות פון גוג און מגוג; וואָס רוען שווייגנדיק אויף די שלאַכטפעלדער און די בית עולמ׳ס; מיט ווילדגראָז פאַרצויגן; מיר דאַכט אַז אַלע דענקער און דיכ־

טער און נביאים און טענצער און אַקטיאָרן האָבן דעם דאָזיקן ריזיקן פראַגעצייכן אויסגעקריצט אויף די ווענט פון׳ם וועלטאַל און אים גע־לאָזט הענגען איבער די צייטן, ווי אַן אייביקע פראַגע, ווי דער לייט־מאָטיוו פון אַלע ציוויליזאַציעס און קולטורן פון דער מענטשהייט...

ניו־יאָרק, 1941.

## וויקטאָר הוגאָ

איך ווייס נישט ווער עס האָט דעם פּאָרטרעט פון דעם פלאַמיקן וויקטאָר הוגאָ געמאָלן. „זאָלסט נישט פאַרגעסן די געדריקטע" — שיינט אַרויס פון זיינע אויגן. דער קעמפער קעגן „קליינעם נאַפּאָלעאָן" שיינט צו זאָגן: „וואָרים דער אויפמאָנער פון בלוט געדענקט זיי, ער פאַרגעסט נישט דאָס געשריי פון די פאַרליטענע". פון דער ראָם פון פּאָרטרעט שרייט אַרויס דער נביא: „וואָרים נישט שטענדיק וועט פאַרגעסן זיין דער אביון. די האָפנונג פון די אָרעמע וועט נישט פאַרלוירן זיין אויף אייביק". טיף בליקט דער ראָמאַנ־טיקער אַראָפּ צו דעם ערדישן טאָל פון מענטשלעכן שמערץ מיט זיינעליידנדיקע אויגן. ער בליקט אַרונטער, אין אָנבליק פון טראַגישן מענטשנעלנט, ווו די „לע מיזעראַבלס" רעוואָלטירן אַזוי העראָאיש אַנטקעגן דער שלעכטס פון דער וועלט. דער גרויסער ראָמאַנטיקער, דער עפּיקער פון דער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע, דער ראָמאַניסט פון פּאַריז — וויפיל רעספּעקט און דיגניטעט וועקט ער. איך שטעל זיך אויף און איך נעם אַראָפּ דעם הוט פאַר זיין שטאָלצן פּאָרטרעט.

אַ גאַלעריע פון געשטאַלטן וויקטאָר הוגאָ׳אַרטיקע, אַ פּראָצעסיע פון די כאַראַקטערן פון זיינע ראָמאַנען גייען פאַרביי און עס שטעלט זיך אָפּ איינער, זשאַן וואַל זשאַן, דער וואָס האָט אַטלעטיש געקעמפט און אַזוי פיל געליטן. און איך דערקען אין זשאַן וואַל זשאַן — וויקטאָר הוגאָ׳ן. עס איז דער בונטאַר זשאַן וואַל זשאַן אויפן פּאָרטרעט — דער מאַן פון אומקאָמפּראָמיסלעכן קאַמף ביזן סוף!

ניו־יאָרק, 1941

## זשאַן זשאַק רוסאָ

איך ווייס נישט פאַרוואָס ער איז מיר אַזוי שטאַרק ליב. איך גיי מיט אים אָפט שפּאַצירן איבער איינזאַמע פעלדער. איבער טוי־פייכטע פעל־דער. איך זע ווי פון זיינע אויגן גיסן זיך טרערן. איך פיל די גוטסקייט פון זיין האַרץ. די ליבע צו דער נאַטור. די ביטערניש פון זיין לעבן. איך זע ווי ער דערהויבט מאַיעסטעטיש זיין בליק צו די וואָלקנס. ווי די

וואַלקנדיקע און בלייערנע פייכטקייט איז גוט צו זיין טרויעריקן געמיט. איך זע ווי צעריסן, ווי געפאַלן, ווי טרויעריק ער איז. און אין איינזאַמע, אומעטיקע שטונדן צינדט ער זיך אָן. ער בענטשט די ליידענדע. ער שאַפט אַ סאָציאַלע פילאָסאָפיע ווי אַזוי די בירגער זאָלן לעבן גליקלעך. דער פּאָעט אין אים שאַפט אַ וועלט־סיסטעם, וווּ עס הערשט מענטשנגוטסקייט, נאַטור און פּאָעזיע.

זשאַן זשאַק רוסאָ פאַרבלייבט פּשוט און איינזאַם. עס יאָגט אים דער שיקזאַל ווי אַ בייזער ווינט. עס טרייבט אים דער גורל. און, דורך דעם דיסטאַנץ פון דורות נעם איך אַרום און קוש אים אין מיין גע־פאַלענעם געמיט. היט איך זיך דאָך דורך מיין גאַנץ לעבן נישט צו פאַלן. שטיי איך דאָך אייביק פאַר אַן אָפּגרונט. פאַר די פינצטערע טרעפּ וואָס פירן צו אַן אָפּגרונט. איין טריט ווייטער, און איך ווער אַ טרעמפּ, אַ שיכור, אַ וואַנזיניקער נביא. אַ געמיינער וואַגאַבונד. אַ גאָט, באַשיץ מיך פאַר דעם לעצטן שריט... באַשיץ מיך, אָ גאָט אַלמעכטיקער!

אין טרויער פון געמיט ווילט זיך מישן די בלעטער פון אַ גרויסן, איינזאַמען גייסט. דער ווינט אויפן פעלד מישט די בלעטער און רוסאָ'ס גייסטיקע גבורה שטראַלט דיר פלאַמענדיק אַנטקעגן. דו זיצסט אין פעלד מיט זיין קליינעם בוך און פון זיין פּנים שטראַלט מיט מענטשלעכן צער... מיט גלויבן אין דער שיינקייט און אין דער הערלעכקייט פון דער וועלט. און מיט טרייסט צו די איינזאַמע און ליידנדע פון דער דאָזיקער ערד... אין דעם העלדישן נביא'ס ליידן, געפאַלנקייטן און טריאומפן געפינסטו קוראַזש און גלויבן פאַר דיין אייגענעם לעבן.

## מאָנומענטאַליטעט

נישט בלויז האָמער'ס און אַריאָסטאָס עפּישע פּאָעמען זיינען אייביק. אויך דעם קראַנקן און הייזעריק־הוסטנדיקן טשעכאָוו'ס אַ דערציילונג וועגן אַ ציינלאָזער, אָרעמער אַקטריסע, אָדער אַן עגאָאיסטישן שפּעקו־לאַנט — איז אייביק. געטע זיצט אויבנאָן, אויף אַ טראָן, יופּיטעריש. אָבער היינריך היינע, מיט זיין פּאָעזיע ווי אַן אייביקער פרילינג פריש, ווערט געלייענט פון דער אייביקער יוגנט מיט פייער און מיט שטורם... היינריך היינע און שעלי לעבן אייביק...

און אַזוי זיינען די קאָלאָסאַלע מאַמאָנטן אויסגעשטאָרבן. אָבער דער לייכטער, דער לופטיקער שמעטערלינג איז געבליבן שוועבן גראַציעז אין דער לופט. דער דונער איז מעכטיק און מאַיעסטעטיש, ווען פּרעכטיקע גערטנער מיט בלומען, ווען פּאַנאָראַמאַס עפענען זיך אין אַ בליק באַלויכטן. אָבער

דער צאַרטער נאַכטיגאַל'ס געזאַנג איז פּונקט אַזוי אייביק. דער באַרג איז אַזוי אייביק ווי דאָס גרעזל. מיין פריינט, נישט די מאָנומענטן פון בראָנדז זיינען שטענדיק אומשטערבלעך, נאָר אַ ליימיקע סטאַטוע, אַ צאַרטע ליאַלקע לעבט אויך דורך די יאָרטויזנטער...

## משה

משה שלאָגט מיט זיין שטעקן דעם שטיין און וואַסער קוואַלט פון אים, אַזוי ווי ער וואָלט טויזנט יאָר געטראָגן אין זיך אַ טייך. אָבער דער סקולפּטאָר, דער עקשנות'דיקער קינסטלער, שלאָגט דעם שטיין מיט זיין דלאָט און אַ קלאָר געשטאַלט אַנטפּלעקט זיך אַזוי ווי אַפראָדיטע פון ים־שוים. אַ געשטאַלט, אַזוי ווי גאָט שמייכלט אַרויס אין אַ שטורם־מאָמענט פון אַן אומגעהייערע נעבולאַ... דער האַרטער שטיין איז נאָר סאָלידער, געפרוירענער שוים צום גרויסן קינסטלער. ער שאַרט אַוועק דעם אייזערנעם שוים, און די דערשיינונג פלאַמט אויף. עס איז אַזוי ווי דער שיכורער מאַטראָז קוקט אַריין אין דעם אָפּגרונט פון ים און ער זעט אַ גהינום פון פאַרמען און שטורעמדיקער באַוועגונג אין דער טיפעניש.

דער גרויסער קינסטלער גייט דורך טויזנט בלייערנע שטורעמס צו זיין וויזיע, צו זיין אין פייער פון טויזנט יאָר אויסגעברענטער וויזיע. ער גייט צו דעם אַזוי ווי גאָט גייט צו צו זיין אידעאַלער וועלט דורך אַ שטורעם פון נעבולאַס, דורך שטאָלערנע נעפּל־שלייערן. —

אין שטיין איז שוין באַהאַלטן דאָס געשטאַלט, וואָס דער געניוס פון דער נאַטור שאַפט עס דורך זיין פייערדיקער פאַנטאַזיע. דער קינסטלער באַפרייט עס פון כאַאָס. ער ברעכט עס אַרויס פון תוהו ובוהו. פון דער פינצטערניש פון מיליאָנען יאָרן נאַכט־פאַנצטערניש גייט אַרויס אַן אויסער־געוויינלעך־בלאַסע און צאַרטע געשטאַלט. פון דעם אייזערנעם און בלינדן כאַאָס, פון דעם פייערדיקן שטורם, ברעכן זיך אַרויס ווונדערלעכע פיגורן פון דערהויבענע פרויען און מענער. זיי פּיקן זיך אויס פון די אייזערנע נעפּלען און שיכטן און פלאַסטן אַזוי ווי הינער פון די אייער־שאָלן. זיי דעקן אָפּ הערלעכע הענט, פיס און אַקסלען פון דעם רעגן פון עלעמענטן, פון דעם שטורעם פון כאַאָס. דער קינסטלער הייבט אויף די הענט זיינע — און ער דערלייזט אַ וועלט פון געפּייניקטע, וועלכע ליגן פאַרקאָוועט אין אייזן, אין מאַרמאָר, אין קיזלשטיין. דער קינסטלער, ווי גאָט, באַפרייט די שאַפונג, באַפרייט מיליאָנען שקלאַפן, וואָס דריקן מיליאָנען יאָרן זייערע קעפּ דורך דיקער פינצטערניש און ווילן זיי דורכשטופּן דורך אייזערנע שאָלן און שאַלן. דער קינסטלער דעקט אָפּ וויזיעס — מיליאָנען יאָרן

פאַרגליווערטע אין שטיין, פאַרפרוירענע אין מאַרמאָר. מיקל־אַנדזשעלאָ האָט געוואָלט אויפברעכן די טיראַנישע בערג און באַפרייען פון זייערע פעלדזיקע אָרעמס די אַרעסטירטע, די געפאַנגענע טיטאַנען פון גייסט און גבורה, די מעכטיקע כאַראַקטערן, די וואָס האָבן אין דער גראַניטענער פינצטערניש געיאָמערט, בענקענדיק נאָך באַפרייאונג. —

דער קינסטלער איז דער דערלייזער פון דער שטומער וועלט. —

* * *

ווען נאָר דו טוסט אַ קוק אויפן הימל, גייט דיר אַנטקעגן אַ ים מיט זיינע שטורעמדיקע כוואַליעס. עס גייט דיר אַנטקעגן גאָט מיט זיין ווילדער און שטורמישער פּאַנאָראַמאַ. —

## וועגן חיים קרולן

קיין צווייטער אידישער פּאָעט האָט זיך אַזוי שמערצפול־טרובאַדוריש און וווּנדערלעך־זיס נישט אַריינגעזונגען און אַריינגעקריצט אין דעם לייב פון אַ פרוי, ווי חיים קרול. זיין געליבטע איז די אורזאַך פון זיינע ליידן, פון זיינע פריידן. די געליבטע פון דעם קליינעם שטעטל וואַקסט אויס צו אַ מין הייליקע מאַריאַ. און אַלע זיינע הימנען הימנעט ער אַריין אין איר. און ער איז צוגענאָגלט צו איר, ווי צו אַ קרייץ. און ביז צו זיינע לעצטע שטונדן קוקט ער צו איר ווי צו אַ גרויס פייער און ער זינגט אָן עקסטאַטישער זיין פלאַמענדיקע הימנע, זיין צאַרטע שירה צו איר, צו זיין אויסדערוויילטער שולמית...

## וועגן אַבאָ שטאָלצענבערג

דער פּאָעט וויל בלייבן לעבן און ער זאָגט צו זיין ווייב, אין ביטערע יסורים:

— דו ווילסט מיך אַרומפירן אין אַ וואָגן, טייערער קרוין? גוט! איך וועל לעבן. די פיס, דעם גוף, איך באַדאַרף זיי נישט האָבן. זאָל ער פוילן, דער גוף. דער קרעבס מעג גריזשען מיין גוף און מיין געביין. נאָר מיין קאָפּ, אָ, אין מיין גילדערנעם קאָפּ האָב איך אַ וועלט מיט שיינע לידער, מיט וווּנדערלעכע סימפאָניעס. מיין קאָפּ וועט זיך טונקען אין דעם זונענליכט ווי אַ כוואַליע און כ׳וועל דעם ווינט דיקטירן מיינע לידער — זאָל דער ווינט זיין די האַרף פון מיין נשמה. איך וועל צו די וואָלקנס דיקטירן מיינע לידער; זאָלן זיי, ווי שעלי׳ס הימנען צום מערב־ווינט, פאַרטראָגן צו הימלישע מרחקים, אין דער אומענדלעכקייט אַריין...

# שמועס מיטן סטודענט

אין וואונדערלעכן דעמערונג זיץ איך מיט מיין סטודענטישן פריינט ביים ברעג פון וואַסער. פּרעכטיק ציען זיך די וואָלקנס איבער די האָריזאָנטן. שווערע וואָלקנס, ווי די שטומע גיגאַנטן פון פאַרגאַנגענע וועלטן. ווי ווענעציע זעט אויס די שטומע שטאָט, וואָס שפּיגלט זיך אין וואַסער. אין דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער שטאָט שפּאַצירט איינזאַם אַרום לאָרד בייראָן, מיטן קרומען פוס און דעם אַפּאָלאָ־שיינעם פּנים, וואָס איז פאַרגאָסן מיט טרערן.

איבער אים הענגט דער פּלאַנעט יופּיטער ווי אַ קרוין, אַ קרוין אויף זיין קעניגלעכן קאָפּ.

די ערד האָט איר אַטמאָספערע און אירע שיינקייטן. יעדער מינוט אין דעם אַלבום פון׳ם טאָג איז אַ פּאָעטישער אימאַזש. די וואָלקנס זיינען טיילמאָל שווער ווי מאַסטאָדאָנען. טיילמאָל זיינען זיי פּרעכטיקע גירלאַנדעס, וואָס דער שטורם האָט אַרויסגעריסן פון פאַרלאָזענע פּאַלאַצן. וואָלקנס, די שלייערן פון מלאכים וואָס וויינען פון מענטשלעכן שמערץ. די וואָלן פון גייסטערהאַפטע פּרויען מיט לאַנגע, צעשויבערטע האָר.

געדיכטער ווערט די נאַכט. די נאַכט — די כלה פון די ראָמאַנטישע דיכטער. פון לעאָפּאַרדי און נאָוואַליס. פון היינע און רילקע. די נאַכט — די כלה פון דער וועלט־פּאָעזיע...

* * *

— ווו איז פאַרט דער זין פון אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט? איז עס דער בלינדער צופאַל? זיינען אַלע קרעאַטורן די רעזולטאַטן פון כעמישע קאָנדיציעס אין דער נאַטור? אָדער עקספּערימענטירט מיט אַלע פאָרמען און לעבנס אַן אומגעהייערער געניוס אין די הימלען? זיינען מיר זיין חלום; זיין עקספּערימענט אין דער געוואַלטיקער לאַבאָראַטאָריע פון קאָס־מאָס? ווו איז דער זין פון גאָר דעם לעבן אויף דער ערד?

דער אָטעם פון די כוואַליעס הערט זיך אַזוי ווי אַ וואונדערלעכער ריטם. די נאַכט באַרירט זיס מיט די ליפּן די כוואַליעס, קושט זייער צאַרט לייב. מיין פריינט זאָגט שטילערהייט:

— פילייכט איז דער ענטפער צום דאָזיקן סוד אין אונדז זעלבסט. און דערפאַר וואָס ער ליגט אין דעם סאַמע צענטער פון אונדזער נשמה, זעען מיר אים נישט, קענען מיר אים נישט דערגרייכן. אַזוי ווי מיר קענען מיט אונדזער אויג נישט אַריינקוקן אין אונדזער אייגענעם אויג. פּונקט ווי דער זילבערנער שפּיגל קען זיך אין זיין זילבער נישט שפּיגלען...

* * *

—... און שטענדיק מוז מען צוריקקומען צום קינסטלער. דער וויסנ־

שאַפּטסמאַן רייסט אַפּ פּרעכטיקע שטיקער וויסן פון דעם אומגעהויער־קאָמפּליצירטן וועלט־סיסטעם. דער וויסנשאַפּטסמאַן שטודירט די מאַטע־ריע. די קאַלאָסאַלע, די אומענדלעכע פּאַרמירונג און געשטאַלטיקונג פון דער ענערגיע אין רוים, וואָס בלייבט אייביק די זעלבע איינגעשלאָסן אין צייט־און־רוים. אָבער מען מוז שטענדיק צוריקקומען צום קינסטלער, כדי צו זוכן טרייסט. דער קינסטלער באַהאַנדלט די פּאַקטן פון לעבן מיט גע־ניאַלן כוח. דער קינסטלער קייטלט זיי צונויף. ער מאַכט זיי צו אַן איינ־הייט. ער גיט זיי זין. ער מאַכט די שטיקער און ברעקלעך און פראַגמענטן פון לעבן טיילן פון דער סטרוקטור פון איין געוואַלטיקן סיסטעם. ער בויט אויף מיט פייער און מיט בלוט זיין וועלט. זיין מוזיקאַלישן, זיין קינסט־לעריש־לעבעדיקן וועלטאַל.

מעג די דאָזיקע וועלט זיין סוביעקטיוו. מעג די דאָזיקע וועלט זיין דער פּראָדוקט, די קרעאַציע, די פאַרשטעלונג פון אַ קינסטלער. אָבער זי ברענגט אונדז טרייסט. מיר באַהאַלטן זיך אין איר אויף אַ מאָמענט פון די בייזע שטורעמס פון לעבן. מיר טוליען זיך אין אין איר. ווייל ווי נאָר מיר ווענדן זיך צו דער נאַטור זעלבסט, פאַרלירן מיר דעם גרונט אונטער די פיס. זיינען אַלע וועגן פאַרוויעט און פאַרשנייעט. דער מענטש פאַר־לירט זיין חשיבות, זיין סופּעריאָריטעט איבער די אַנדערע קרעאַטורן און פאָרמען פון לעבן. די נאַטור איז צו אים פיינטלעך. אַן אַ פילאָסאָפיע איז דער מענטש אַ פאַרשאָלטענע, אַ וואַנזיניקע קרעאַטור אין אַ ווילדן וואַלד. די נאַטור זעלבסט שטרעקט אים נישט אויס קיין פריינטלעכע האַנט. אין אַלע זייטן, וווהין ער טוט זיך אַ ווענד, גייט אים אַנטקעגן דאָס געזיכטסלאָזע פּנים פון דער קאַלטער אומענדלעכקייט.

## דאָס מיידל און די קוליעס

אַרום איר רוישט און כוואַליעט עס; די שענסטע דאַמען גלאַנצן אויף מיט זייערע לאַקן, צירונג, קליידער, שמייכלען און „סעקס־אַפּעלן". און אַנטיקן זיינען פאַראַן אין אַלערליי ווינקלען. שלעכטע קאָפּיעס פון רעמ־בראַנדט און פון רובענס. אַלטמאָדישע שפּיגלען — ווי בלעך. דורות האָבן זיך דאָ אַריינגעשפּיגלט, איידער זיי זיינען פאַרשוווּנדן פון דעם פּנים פון דער ערד. און זי, דאָס בלאַסע מיידל, מיט גאָלדענע לאָרעליי־האָר, זיצט אינמיטן דעם געקעסטלטן עולם, מיט צוויי קוליעס, הויכע, שווערע, ווי ביבלישע שטעקנס, העכער ווי זי אַליין איז. איך זעץ זיך נעבן איר. אין אָט דער פּריילעכער נאַכט איז מיר אומענדלעך־טרויעריק. אומענדלעך־קאַלט אויף אָט דער קאַלטער, אייזיקער ערד. איך זיץ נעבן אירע קו־ליעס — נעבן דעם בלאַסן, לירישן מיידל. זאָלן די שענסטע היינט פאַראַ־

דירן. און איך וועל דאָ בלייבן זיצן נעבן דעם קראַנקן מיידל, מיט די הויכע קוליעס. און איך טראַכט: זי איז אַ פּרינצעסין. זי קומט פון אַן אַלטן קעניגס שטאַם. אין די כראָניקעס פון „די מלכים", אין תנ"ך, זײַנען דערמאָנט אירע שטאָלצע זיידעס; די מעכטיקע קעניגן, מיט קרוינען אויף די קעפּ. און איך באַטראַכט די קוליעס — זיי קומען ערגעץ פון אַ טיפן וואַלד, פון אַ מעכטיקן וואַלד — ווו די זון פלעגט זיך שטענדיק צערייסן צווישן די הערנער פון הירשן, צווישן די צווייגן פון די דעמבענעביימער. די קוליעס זײַנען אַמאָל געווען ביימער. און זיי וויינען אויף זייער טרויעריקן מזל... און איך האָב געהערט דעם רויש פון זייערע צווייגן, אין ווינט, מאַיעסטעטיש — — —

די גראָטעסקע מאַסקע מיטן רויטן נאָגל שמייכלט ציניש. זי הענגט ביים טיר און זי חוזקט פון אַלעמען. די לעצטע בלייבן מיר איבער — איך און דאָס מיידל מיט די זיידענע האָר און דעם בלאַסן פּנים — די דאַמע פון „די קעניגן" — און דער קעניגלעכער, אוראַלטער וואַלד — און די צוויי אויסגעטרוקנטע, סענקעוואַטע קוליעס...

## פון אַלע מאַסקאַראַדן

פון אַלע דאַמען און פון אַלע בעלער; פון אַלע פעסטיוואַלס און פייער־לעכקייטן; פון אַלע זון־פאַרגענג און שטערנגעכט — גיי איך אַהיים מיט דער לבנה, וואָס גייט מיר געטריי נאָך אין הימל, ווי אַ הונט... איך קום אַהיים אין איינזאַמען צימער. עס באַגריסט מיך די שמייכלענדיקע דאַמע אינם פּאָרטרעט. איך לעג זיך קאַלט און טרויעריק, ווי אַ סאָלדאַט, אויף מיין אייזערנעם בעט...

## לאַנדשאַפטן

אַלע פאַנטאַסטישע לאַנדשאַפטן צויבער איך אַרויס פון זיך. אַלע פּיי־זאַזשן, אַלע פּאַלמען, אַלע צויבערהאַפטע ליכט־גערטנער, אַלע וואָלקנבוקעטן, אַלע מולטיקאָלירטע גערטנער, אַלע טרוימערייען, צויבערייען, שווערמע־רייען; אַלע פּאַונען, אַלע סירענען, אַלע דראַכן און אַלע דראַגאָנען און אַלע דעמאָנען; אַלע קעפּ און מאַרטירער־דערנערקראַנצן און טריאומף־קרוי־נען — אַלץ צויבער איך אַרויס פון זיך, אַלץ כישוף איך אַרויס פון זיך ווי אַ גאָלדענעם שפּינגעוועבס. אַלץ באַשאַף איך אין זיך. און איך לאַד איין מײַנע העלדן אין מײַנע הימלישע גערטנער, אין מײַנע עלעקטריש־צעצונדענע, קאָסמישע גערטנער, אין מײַנע אָפּעראַס פון פייער און פון פייער־ווערק. איך צויבער אַלץ אַרויס פון מיין געמיט, ווי דער שפּין, זיין הימלישן, זיין זיידענעם שפּינגעוועבס...

## איך גיי דורך אייער וועלט

איך גיי דורך אייער וועלט ווי אַ סאָווע, מיט פּאָספּאָרישע אויגן, מיט פּורפּורנע פליגל, מיט טיפער שטילקייט אין מיין האַרצן. איך גיי דורך מיין וועלט ווי אַ פאַנטאַסטישע סאָווע, אין דער פרי, ווען אַלע שלאָפן, ווען אורכוחות וועקן זיך. איך גיי דורך די וועלט מיט אַ בלוט־פאַרשמירטן פּנים, אַזוי ווי דער צירק־קלאָון...

## איך טראָג די זון אין מיר

איך טראָג די זון אין מיר, ווי אַ געליבטער טראָגט אין זיין האַרצן דעם גאָלדיקן מעדאַליאָן פון זיין פרוי. איך בין שיכור פון דער זון. איך היל זיך איין אין אירע פלאַמען, ווי אין אומגעהויערע פליגל. איך שווים אַנטקעגן אירע בראַנדזענע כוואַליעס. די זון איז מיין קולט. מיין אומגעהויערע געליבטע. איך באַהאַלט זיך אין איר שויס אַזוי ווי אַ קליין קינד, ביים קלייד פון דער מאַמען. איך בינד זיך, איך שטיק זיך, איך אומהיל זיך אין אירע ברענענדיקע צויטן. איך שיכור מיט איר. איך טאַנץ מיט איר. איך לויכט ווי אַ שטורקאַץ מיט איר. איך בין די זון. איך בין אַ שטיק בראַנדז, אָפּגעבראָכן פון דער זון ווי פון אַ אומגעהויערן בראַנדזפעלזן. איך בין אין עקסטאַז אייביק געווענדט צו דער זון. איך בין שטענדיק זון. איך בענק צו איר מיט אַלע מיינע אברים. איך בין אינגאַנצן די זון — די גרויסע, די אומגעהויערע, די אומשטערבלעכע זון. איך גיב זיך אינגאַנצן אַוועק. איך צעשליידער זיך צו דער זון. ווי די זון — באַטייל איך זיך מיט מיין ליכט. איך ליכטיק אויס ווי ראַדיום, מיט אַ שרעקלעכער שנעלקייט. איך ברען אויס, איך זינדיק אויס, איך זין אויס, איך רין אויס מיט זון. אין אַלע מיינע אָדערן — זון. מיין קערפּער — זון. מיין רעליגיע — זון. מיינע שטימונגען — די פלעקן פון דער זון. די שאָטנס פון דער זון. די געוואַלטיק־קאָסמישע דראַמען פון דער זון. איך זע נאָר די זון אויף דער ערד, אין דעם בויך־רוים פון׳ם וועלטאַל.

## פרילינג

עס איז פרילינג. פון די ווינקלען קומען אַרויס די דאַמען, דורכן ווינטער פאַרנאַכלעסיקטע. זייערע האָר לויכטן אויף מיט זון. דו זעסט ווידער אַז זייערע פּנימער זיינען ענלעך צו בלומען. און דער דינער זייד פון זייערע מאַלערישע קליידער רייצט דיין אויג. און זייערע זילבערנע בריסט, אין זיסן ציטער זיך הייבנדיק... עס איז פרילינג. און דיין האַרץ, געשמידט

אין אייז, שמעלצט זיך... אַ גרויס געשריי גייט דורך די גאַנצע ערד... און דיר דאַכט אַז גאָט האָט אַ נייעם קאָסמאָס אין זיין האַרצן געבוירן...

## גייענדיק אין נעפּל

איך בין היינט שטונדנלאַנג אַרומגעגאַנגען אַ פאַרכישופטער אין נעפּל. איך ווייס נישט צי אַנדערע פּאָעטן האָבן ליב דעם נעפּל. איך שטעל מיר פאָר אַז לי־טאַי־פּאָ האָט געקוקט די לבנה דורכן נעפּל, אַזוי ווי אַ פּאָעט קושט זיין דאַמע דורכן דינעם וואַל. און איך גיי אַ פאַרשיכורטער פון דער זעלטענער אייגער... מיר דאַכט אַז אַ קוים־געזעענער וואַל הילט אונדז איין. עס איז דער נעפּל פון זילבער. אַ נעפּל פון זילבערנער וואַטע. דער הייליקער בלוי פון פאַרנאַכט גיסט זיך אַריין אין די אידעלע אָדערן פון נעפּל. איך גיי מיילנווייז דורך די פאַרנעפּלטע, פאַרכישופטע גאַסן. און דער וואַל איז אומעגדלעך, אַזוי ווי זיי וואָלטן בײדע, די אייביקייט און די אומענדלעכקייט, זיין געוועבט פון פאַרחלומטן נעפּל. איך גיי ווי אין אַ טיפן, פראַגאַנאַרישן גאָרטן. ווי אין אַן אומענדלעכן מאַסקנבאַל. איך גיי נאָך געהיימנישפולע דאַמען. די מיט די קופּערנע האָר, ווי טיציאַנס דאַמען. די מיטן שטאַרבענדן גוף, ווי דזשיאָרדזשיאָנעס כלה. די מיטן פליסנדן קערפּער וואָס וועט זיך אויפלעזן אין עטער — ווי באָטיטשעלליס סימאָנעטאַ. און די אידעלע, רונדע און מוזיקאַלישע פרוי, ווי אַ רענואַרישע פיגור. די פרויען זעען אַז איך גיי אַזוי ווי פאַרכישופט און פאַרשיכורט. די פרויען זעען אַז איך גיי ווי אויף אַ וועג פון קרישטאָל, און זיי פאַרשווינדן. פון יעדער נייער אַלייע קומט זי אַרויס, די זעלטענע פרוי, און זי פאַרשווינדט ווידער. זי איז ווי די זון וואָס לויכט אויף. זי איז ווי די לבנה וואָס ווערט בלייך אויפן הימלישן קאַנווע.

## איך האָב היינט געפונען

איך האָב היינט געפונען אַ זיידענע טיכעלע. אַ דאַמע האָט עס פאַרלוירן. מיט יאָרן צוריק האָב איך געפונען די הענטשקע פון אַ מיידעלע. נאָך פריער, אין אַ לבנה׳דיקער שניי־נאַכט, אַ זילבערנע סינדערעללאַ־שיכעל. ווען איך בין געווען קליין, האָב איך זיך פאַרפלאָנטערט אין דעם וואַל פון אונדזער שכנ׳טע, די פאַראַרעמטע, פוילישע גרעפין. — איך האָב זיך געשעמט דאָס טיכעלע אויפצוהייבן. עס האָט נאָך געשמעקט מיט די לעצטע, שטאַרבענדע טראַפּנס פּערפיום. פּערפיום? עס האָט סוגעסטירט אויפן לייב פון דער זעלטענער דאַמע... איך האָב דאָס טיכעלע אַהיימגעבראַכט. איך האָב עס געוואַשן מיט זייף. איצט טריקנט עס זיך

אויס. עס איז ווי אַ קליינער, פאַרביקער, טוי־פייכטער גאָרטן מיט בלומען, וואָס טריקנט זיך אין דער זון נאָך אַ רעגן...

## דו ביסט אַ קליין אינגעל

דיר דאַכט אַז דו ביסט אַ קליין אינגעל. דו שטייסט ביים ברעג פון דער ווייכסל. אייז־קריעס רייסן זיך אָפּ. טראָגן זיך איבער דער גלעזערנער לאַנדשאַפט. און עמעץ פלאַמט אויף אויף דער אייז־לאַנדשאַפט — אַ רויטע געשטאַלט... עס איז דיין שיקזאַל. די רויטע געשטאַלט וועט דיך קיינמאָל מער ניט פאַרלאָזן. און די אייז־קריעס טראָגן זיך ווילד. די זון ברעכט זיך אַרויס פון דעם גלעזערנעם הימל. פאַרפרוירענע גראָזן באַרירן דיינע טריט. די נאַטור נעמט דיך אַריין אין זיך; אַ הימל הילט דיך פאַרנאַכט איין. דו גייסט מיט אַ וואָלקן שפּאַצירן. דו ביסט אַן אינטימער חבר פון דער לאַנדשאַפט. דו קענסט דיך פּערזענלעך מיט גאָט — מיט דעם מחבר פון דער אוניווערסאַלער נאָוועלע...

## זי איז פון ווינען פאַרגליווערט

זי איז פון ווינען פאַרגליווערט. קיינער האָט איר די היינטיקע נאַכט נישט געוואָלט... און עס איז שוין פיר ביינאַכט — אין סאָבווי. זי שליסט די אויגן, מידע פון דער אָרגיע פון גליקלעכע מענטשן. איר פּנים איז אַ מאַסקע פון ליידן. פון פינצטערער מיזערע. און זי קען שוין קיינעם נישט ליב האָבן. זי איז שלעכט. זי עסט זיך אויף לעבעדיקערהייט. עס איז פאַראַן אַרום איר אַ זשאַווער־אָרעאָל. ליידן מאַכן איר צום האַסן. מיט קיין קינד וועט זי זיך מער נישט זען. און אויף איר שפּיציקער קני וויאַנעט אַ בוקעט מיט בלומען — אַ גילדענער בוקעט מיט בלומען — פול מיט שאַטנס, פול מיט טרויער. די בלומען שטאַרבן אין ביטערער זעלבסטמיטלייד. און עס איז אַזוי גרוי, אַזוי קאַלט, אַזוי אומהיימלעך — האַלבע נאַכט אין דעם ניו־יאָרקער סאָבווי...

## לעשמיאַן

אין בלויען אָוונט, אין אַ שטילן הויז, זאָגט צו מיר אַ פריינט מיט אַ טרויעריקן פּנים אַז ער האָט ליב אין דער פּוילישער פּאָעזיע די לידער פון לעשמיאַן...

איך ציטער אויף. איך האָב זעלטן געלייענט די לידער פון לעשמיאַן. נאָר דער נאָמען איז אַזוי אויפריכטיק, אַזוי פאַרכאַפּנדיק, ווי שאָפּענס אַ נאָקטורן. דו זאָגסט לעשמיאַן, און פּוילנס סטאַוון גייען אויף אין האַרב־

סטיקער קופּערדיקייט. און די זון זעצט זיך זייער נידעריק, ווי זי וואָלט מיד זיין, און זי זעצט זיך אויפן ברעג פון דער ווייכסל, אַזוי ווי אַ פרוי זעצט זיך אַוועק ביי אַ וואַסער, אויף אַ שטיין, און זי זיצט אין רעמיניסענסן פאַרזונקען. עס שטייגן אַראָפּ פון הימל די פּוילישע, שוואַרץ־בלויע וואָראָנעס. אָ, די וואָראָנעס פון מיין קינדהייט, די וואָראָנעס מיט די קורצע, דיקע שנאָבלען... וואָראָנעס און אומענדלעכע, פּוילישע לאַנדשאַפטן, סלאַוויש־טרויעריקע. וואָראָנעס אין שניי, אין ברודיקן שניי, וואָס אַ רעגן פאַלט אויף אים דראָבנע ווי זאַלץ און צעהאַקט אים און צעפּיצלט אים...

דער צאַרטער נאָמען לעשמיאַן גייט אויף איבער דיר ווי אַ פּויליש פעלד אין האַרבסט...

דער פריינט האָט ליב צו לייענען די לידער פון לעשמיאַן און זיין פּנים דריקט אויס מיט זיין טרויער און שטילקייט און לירישער פאַרטראַכטקייט די גאַנצע פּאָעזיע פון לעשמיאַן...

## מוזיק

דאָס וואָס מיר הערן אין גוט־געאָרדנטער, צאַרטער, מעכטיקער און גאָלדענער מוזיק — איז געווען אורקרעכץ, אורגעשריי, אורזיפץ און אורבענקשאַפט פון דער אורמענטשהייט. עס איז געווען דאָס געשריי פון דעם תוהו־ובוהו, ווען זי ראַנגלט זיך מיטן ברוטאַל־און־געטלעך־באַפּרוכפּערנדיקן מאַן־גאָט, וואָס רייסט זיך אַריין אין איר פיזיש קעניגרייך מיט אַזאַ ווילדער מאַכט, כדי צו זייען מיט פייער־דורות און וועלטן. דאָס דאָזיקע פּיינלעכע געשריי ווערט צו מוזיק, ווערט צו ראַפינירטע, לירישע מוזיק ביי די מייסטער בעעטאָווען און מאָצאַרט. די גאַנצע וועלט־מוזיק איז דאָס געשריי פון דער מענטשהייט, פון דער וועלט פון חיות, פון דער צאַרטער פלאָראַ־וועלט. די מוזיק איז דאָס געשריי פון וועלטאַל.

און אָפט, ווען איך הער מוזיק, קומט מיר אויפן געדאַנק די וויזיע פון ווילליאַם בלייק, אילוסטרירנדיק דאַנטע׳ס „געטלעכע קאָמעדיע“. עס איז דער „ווירבלווינט פון פאַרליבטע“. עס איז יענער קאָלאָסאַלער שטראָם פון ליידענדע פון דער ליבע וואָס טראָגן זיך אין אַ שטורם איבער די האָריזאָנטן, פאַרביי דאַנטע און ווירגיל. דער שטראָם פון געליבטע, ווי אַ געוואַלטיקע זוניקע כוואַליע, ווי אַ שטראָם פון אָנגעצונדענע גופים, איינגעהילט אין זוניקע שטראַלן־שאַלן, טראָגט זיך אַריין אין דער אומענדלעכקייט ווי כוואַליעס אין אַ גרויסן ים אַריין, אייביק פאַטאַל־געבונדענע, אייביק־צוזאַמענגעשמידטע, אויף אייביק פאַראייניקטע, אויף קיינמאָל זיך נישט צו שיידן — אין אַ שטראָם פון דורך אַלע וועלטן כוואַליענדע מוזיק באַהערשט...

## דער בוים

דער בוים איז צוזאַמענגעשטעלט פון עטלעכע בוימער. עס איז אַ שטאַם פון זיבן ברידער־בוימער. אויבן — צום קלאָרן הימל, פאַררייסן די צווייגן־הענט זיבן מעכטיקע בוימער. אונטן — אין דער טיפעניש פון דער ווייכער, קילער און מאַמעשער ערד — אַ קנויל פון וואָרצלען און אָדערן און בוימערשע אַרטעריעס. זיי טרינקען די מילך פון די ערדישע טיפענישן. זיי טרינקען דער מאַמע׳ס זאַפטן. זיי זיינען אויף אייביק אָוועקגעשטעלט דאָ, אַזוי ווי אייזערנע שטאַמען. עס גייען איבער זיי ווינטן און רעגנס, שנייען און האָגלען. עס גייען איבער זיי שטורמיש די זוניקע און די בייזע סעזאָנען פון יאָר. די בוימער טרינקען שטיקער אָקסידזשען, רייסן אויס שטיקער טאָג און נאַכט, צעברעכן שטראַלן, פאַרצערן שטיקער רוים, זיי אָטעמען אַריין אין זיך שטיקער קאָסמאָס — שטיקער גאָט. —

## דאָס בלויע וואַסער

ווי בלויער טינט איז דאָס וואַסער. ווי ריינער, בלויער הימל איז דאָס וואַסער אונטער דער גילדענער זון. די פרוי גייט אויפן וועג האַסטיק. אַלע אירע פאָרן טרינקען די קילע, די שאַמפּאַניערדיקע לופט — די וואונ־דערלעכע גאָלדענע בעכערס מיט שוימיקער זון. איך ווייז איר דאָס בלויע וואַסער, דעם אָבראַז פון דער רייך־צעעפנטער נאַטור, אַזוי ווי מען ווייזט אַ יונגע שילערין אַ שיינע נאָוועלע צום לייענען. זי קוקט אויפן וואַסער. אירע אויגן ווערן פול מיט בלוי. און צו דיר אין זכרון גייען אויף שטיקער בלויקייטן פון סעזאָן, פון וואָן גאָג, פון שאַגאַל. די פרוי ציטערט אויף פון דער פּאָעזיע אין דער לופט. זי איז ווי אַ גרינע וואָזע פון אַלטן פּערסיען. עס קלעפּן זיך צו איר שטיקער גאָלדענע פלעקן. שטיקער ליקידע זון פאַלן אויף איר קלייד. עס ציטערן אויף אירע ליפּן פלעקן פון בלומען — טריפנ־דיקער כישוף פון פאַרנאַכטיקע קאָלירן. די פרוי גייט דורך דעם געדיכטן וואַלד פון פאַרבן — און פאַרבן קלעפּן אויף איר ווי טוי פון בלומען, ווי זוימען פון רויזן...

די פרוי, וואוהין זי וועט גיין, וועט זי מיטטראָגן מיט זיך דעם דופט פון די בלומען... דעם איידעלן רויש פון וואַסער... דעם ציטער פון דער לופט... זי וועט פאַנאַנדערטראָגן גאָט׳ס צירונגען איבער דער ערד — ווי אויף אַ גרויסן באַל... ווי שטויב וועט זי מיטנעמען אויף זיך די שיינקייטן פון פּאַרק. — זי וועט פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט די פּאַר־פיומען, די קאָלירן און די טענער פון דעם גאָלדענעם גאָרטן...

## מיניאַטורן

דיינע ברעמען פֿאַרשאָטענען די בלויע עמאַליע פֿון דיינע גרויסע, איידעלע אויגן — אַזוי ווי ווערבעס טונקלען איבערן בלויען הימל וואָס קילט זיך אין דעם שטייענדיקן, מעטאַלענעם וואַסער. —

* * *

דאָס ליכט פֿון דער זון ליגט דאָרטן אויפֿן פֿעלד ווי שטיקער אַנטיקע בראָנדזע, אין וועלכע אַ קינסטלער פֿון פֿאַרצייטנס האָט די פֿיגור פֿון זיין שטאַרבנדיקער געליבטער אַריינגעכישופֿט מיטן גאָלדענעם ליכט פֿון דער זון. —

* * *

ווער גייט אַריין אין דעם פֿייכטן פֿאַרק, וואָס איז פֿייכט פֿון רעגן און נעפּל און די טראָפּנס רינען פֿון די בוימער ווי שווערע צעשמאָלצענע טראָפּנס גאָלד און זילבער? עס גייט אַריין דער איינזאַמער הויקער אין פֿאַרק. זיין הויקער שווערט אים צו דר׳ערד. און ביי דער ערד גייט ער נאָענט — פֿאַרליבט — מיט טרערן אין די אויגן. צו אים עפֿנט זיך דער פֿאַרק מיט אַל׳ איר טרויעריקער, האַרבסטיקער שיינקייט. די שיינע מענטשן זיינען ווילד פֿון לוסט־זוכעריי. זיי גייען זיך אויסשטעלן צום מענטש. אָבער דער הויקער גייט זיך אין דער שיינקייט פֿון פֿאַרק באַהאַלטן. אין טיפֿן שאָטן פֿון בוימער פֿילט ער זיך וואונדערלעך. אים באַהאַלט דער פֿאַרק מיט ליבשאַפֿט, ווייל ער ליבט. דער קריפּל — דאָס איז דער פּאָעט וואָס אין איינזאַמקייט עפֿנט זיך צו אים די שיינקייט, די פּאַנאָראַמאַ פֿון דער וועלט. —

* * *

עס גייט דער מאַן מיטן פֿאַרברענטן פּנים. מיר דאַכט אַז אַ בליץ האָט אים אָפּגעזענקט דאָס פּנים. אַזוי ווי אַ בליץ רייסט אַרונטער אַ האַלבן בוים. דער מאַן גייט מיטן פֿאַרברענטן פּנים — מיר דאַכט אַז עס איז אַ נביא וואָס אַ פֿייער האָט אים אין פּנים געביסן. מיר דאַכט עס איז אַ פֿאַרשאָלטענער מענטש וואָס ער גייט אומענדלעך איבער דער וועלט מיט זיין פֿאַרברענטן פּנים. מיט זיין צעבראָכענעם פּנים. עס איז אָדם, מיר דאַכט, וואָס טראָגט זיך פֿאַרשאָלטענערהייט איבער די ערדישע שטרעקעס. —

## פּרוי

זי איז ווי אַ הילצערנער מלאך וואָס קען צוריק אין הימל אַריין נישט פֿליען. צו שווער, צו פֿעט געוואָרן אויף דער ערד. איר פּנים איז ווי פֿון בודאַ, אַ ליבער, שמייכלענדער בודאַ־פּנים. אירע פֿליגל זיינען פֿון

שווערן, אַנטיקן בראַנדז. די פליגל — צוויי זונען וואָס באַלייכטן אַ לאַנד־שאַפט.

## איינזאַמע

קלאַנגען זיינען שטענדיק דאָ אין דער לופט. דו דאַרפסט זיי נאָר הערן. אַ גרויס געוויין שפּאַרט שטענדיק פון איינעם אַ מענטשנס צעבראָ־כענעם פּנים. אין די פּאַרוואָלקנסטע טעג פליט אַרום אַ שטילער מלאך מיט אַ גאָלדן פּנים, פאַרגאָסן פון טרערן, און ער שפּילט אויס זיין לאַמענט אויף אַ גרויסן מעשענעם טראָמפּעט. די לופט איז שטענדיק פול מיט קרעכצן און מיט זיפצן פון די איינזאַמע, וואָס זיינען פאַרגעסן פון מענטשן און פון גאָט. —

## די מידע נעגערטע

די מידע נעגערטע טראָגט איר קינד ווי אַ וואָרם אין אירע מידע הענט. אַנטקעגן גייט אַ מאַן אַן אַלטער מיט שווערע קליאַטשעס. אַזוי וועט אויסזען דאָס דאָזיקע קינד אויף דער עלטער. ביזן הימל הויך שטייט אָנגעבורייט אַ בעכער פאַרן קינד — מיט גאַל און גיפט — אים אויסצו־טרינקען ביזן דנאָ. —

## אַ רוסישע צערקווע

אַ רוסישע צערקווע, אַלט און געבויגן און פאַרסאַזשעוועט די ווענט און די קופּאָלן. פון קינדהייט זיינען מיר געבליבן אין זכרון די טאָפּעלע צלמים, הילצערנע און געלע, געשטעלט איבער די קברים פון געפאַלענע סאָלדאַטן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. און צעפוילטע צלמים פון פּויליש־ע קברים. אין אַלע קירכן פון דער וועלט הערשט איין קאַלטער, טרויע־ריקער, קראַנקער גאָט. אַלע קירכן ווערן הייליק דורך מענטשלעכע טרערן. דורך מענטשלעכן געבעט. אַלע רעליגיעס זיינען איין גרויסע מענטש־לעכע הילפלאָזיקייט. איין געמיינזאַם אויסשטרעקן די האַנט צו די וואָלקנס, צו דער קאַלטער, טויבער אומענדלעכקייט, ווו עס זיצן פון מענטשלעכע שרעק און פאַרצווייפלונג סקולפּטירטע געטער — אויסגעהאַקטע מיט די האַמערס און דלאָטעס פון מענטשלעכן צווייפל און שרעק און טרויער און לאַמענט.

## פון אַ בריוו

. . . איך מוז קומען צום מיסטישן. ווען איך לייען ביכער אַ פּאָר וואָכן כסדר, ליטעראַרישע, עסטעטישע, קינסטלערישע ווערק — ווער איך פּלוצלונג

מיד. איך מוז לייענען עטוואָס ספּיריטועלעס. מיין גייסט מוז זיך דער־פרישן מיטן מעטאַפיזישן. איך מוז איינאָטעמען אין זיך דאָס מיסטישע, דאָס פּאָעטישע. איך מוז אַריינבעמען אין זיך די טרייסט פון די שטערן. איך מוז זיך איינבויגן צום גאָפּל פון דער ערד, צו הערן איר קרעכץ. איך מוז באָדן מיין אויג אין דעם בלוי פון הימל. אין דעם ליכט פון די שטערן. איך מוז באַלויכטן ווערן פון קאָסמישן באַוואוסטזיין. איך מוז פילן די קעגנזייטיקע שייכות פון אַלע זאַכן. איך מוז דערקענען דאָס קאָסמישע, דאָס געטלעכע, אין יעדער געוויינלעכער זאַך. די וועלט דאַרף זיין ווי אַן אומגעהייערער טעמפּל, און מיר אַלע — אירע בלויע שוואַלבן. איך מוז זיך אָנזאַפּן מיט דעם אייביקן ליכט פון גאָט. אַז נישט ,וואָלט איך דערשטיקט געוואָרן. איך מוז טרינקען פון דעם עליקסיר פון חכמה. איך מוז פאַרזוכן פון גאָלדענע בעכערס די קלוגשאַפט פון די געהיימע מייסטערס. פון די גייסטיקע זעער. פון די ספּיריטועלע מענער.

דו מוזט אָפּטונקען דיין קאָפּ אין דעם הימל פון גייסט פונקט ווי אַ וואַלפיש מוז אַרויסהייבן דעם קאָפּ פון וואַסער כדי צו אָטעמען מיט לופט. דו מוזט האָבן יענע אידעלע שטונדן ווען דו ביסט אין צייכן פון דאָס אייביקע. ווען דו דערפילסט אַז אין צייכן פון אייביקייט שטייען אַלע זאַכן אין דעם קאָסמישן קרייז.

## דער גאָלדענער כוס

מען רעדט, מען שמועסט פון אַלע זאַכן אין דער וועלט. מען ווייזט דיר טייערע קליידער און זעלטענע אַנטיקן. נאָר פאַר דיר שטייען דעם גאַנצן אָוונט צוויי זאַכן קלאָר: אין אַ ווינקעל שטייט אַ גאָלדענער כוס וואָס מאַנכע הייסע, זיסע ליפּן האָבן באַרירט זיין אַלטן וויין, און, דורכן פענצטער, איבערן בלייערנעם טייך, שטייט די לבנה, אַ געלע רויז, אַן אויסגעפּרעסטע רויז אין אַן אַלטן סענטימענטאַלן ראָמאַן.

מען רעדט. מען טומלט די גאַנצע צייט. מען טרינקט און מען עסט. נאָר דיביידע זאַכן שטייען פאַר מיר קלאָר אויף אייביק: דער איינזאַמער גאָלדענער כוס און די קאַלטע, איינזאַמע לבנה איבערן פּאַסטעליש־בלויען הימל...

* * *

פאָרנדיק מיטן אָמניבוס דורך געדיכטע טיילן נאַטור, דורך פויערישע הייזלעך און קרומע שוועלן, האָב איך דערזען אַ בוים מיט ברענענדע רויטע בלומען. איך האָב געוואָלט אַראָפּגיין, צופאַלן צו די בלומען, זיי קושן און

אומהאַלדזן. קומענדיק פון דער שרעקלעכער שטאָט ,וועלכע ווונדערלעכע וויזיע זיינען פאַר מיר געוועזן די פלאַמענדע בלומען!

* * *

די לבנה איז צעגאַנגען ווי אַ שטיק געלער צוקער צווישן די וואָלקנס. איך זיץ אין פּאַרק אַליין. פּאַרלעך טוליען זיך און ווילן זיך פּאַראייניקן. אויך איך דרימל איין, מיינע חושים ווערן אָפּגעשוואַכט, איך וויל ענדלעך זיך אויפלעזן פון דעם פאַרשאָלטענעם מענטש־זיין, פון דעם אייביקן אָב־סערווירן און רעפלעקטירן, איך וויל זיך פּאַראייניקן מיט דער ערד, מיט דער טיפעניש פון די ערדישע שטראָמען, מיט בוימער און פלאַנצן און לופט. עס איז שלעכט צו זיין דענקענדער, סענסיטיווער, רעפלעקטירנדיקער, אַקטי־ווער מענטש. איך וויל זיך צוזאַמענגיסן מיט די אונטערערדישע שטראָ־מען, און וווהין זיי ציען און באַרירן די פיס פון דער אומענדלעכקייט, וויל איך אויך ציען. איך וויל שטומערהייט, דורך דעם מעדיום פון דער נאַטור, באַרירן גאָט. איך וויל נישט טראַכטן — נאָר זיין. טראַכטן איז שמערצפול אין דיין שטערבלעכן צושטאַנד. איך וויל זיך אויפלעזן פון דער שטערבלעכקייט. איך וויל ווערן שטומע נאַטור. איך וויל מיט אַלע פיבערן און שטראָמען ריזלען און גיין דורך די עלעקטרישע אַרטעריעס פון קאָסמאָס.

* * *

ווי נאָר דו האָסט אַ מאָמענט רו, ווי נאָר דו קומסט צו זיך אין איינ־זאַמקייט, ציט דיך צו דער פעדער. דו וואָלסט וועלן שרייבן און שרייבן אָן אַן אָפּשטעל, ביזן גרויען באַגינען. עס איז נישטאָ קיין סוף צום שרייבן. עפּעס אַזוי ווי דו וואָלסט זיך אויפגעלעזט אין דעם שוואַרצן טינט, אין די באַפליגעלטע אותיות, אין דעם כאַאָס וואָס דו שליידערסט אויפן פּאַפּיר.

## די פּרוי

די פרוי וואָס ליגט אַנטבלויזט אויף דיין בעט, זי איז צו דיר היילִיק. דו קענסט אויסזוכן פראַזן אַלערליי: זי איז ענלעך צו דער ווענוס פון טיציאַן. זי איז שענער ווי דאָס שטיק בראָנדז וואָס דו האָסט געזען שמייכלען אין אַ מוזעאום. זי איז אַזוי שיין ווי אַ נוד פון זשירלאַנדאיאָ.. עס קלינגען מוזיקאַליש די נעמען פון די רענעסאַנס־מאָלער. אָבער די פרוי איז דיר אומענדלעך טייערער ווי אַלע יענע פרויען פון מוזעאומס, אין ראַמען פון גאָלד און בראָנדזע. די פרוי, וואָס ליגט דאָ, איז איינגעפּאַסט אין דער ראַם פון דיין לעבן.

דו האָסט זי, ווי אדם, אָפּגעבראָכן פון זיך, פון דיין לייב, פון דיין געביין. דו האָסט אירע פאָרמען געקנאָטן פון דיין בלוט און דיינע טרערן. דו האָסט אין איר אַריינגעיאָמערט דיין געשריי פון פאַרצווייפלונג. דו האָסט זי געמאַכט און באַהערשט מיט דער שיינקייט וואָס איז אין דיר. דו קניסט פאַר אירע פיס, פאַר איר, וואָס איז דיין שיקזאַל. אין דרויסן רעגנט. עס ברעכן זיך אָפּ פון די בלייערנע וואָלקנס מידע, שווערע שטי־קער בליי. גאָט׳ס פייערדיקע האַנט צערייסט די בליציקע קייטן. עס ווערן באַפרייט עלעמענטאַרע שטראָמען. דו גייגסט צו דיין נאַסן קאָפּ צו אירע בריסט. דו ציסט אַריין די רו פון איר גוף. ביי איר שיין־געפאָרעמטן גוף רוסט דו דעם גרויסן מאָמענט. נישט טיציאַן און נישט וועראָנעזע. נישט די שיינע נעמען פון ראַפאַעל און פון קאַרדוטשי הערסטו איצט. דו רופסט אויס אין דער נאַכט איר נאָמען. דו רופסט אין דאַנקבאַרקייט אַלע אירע גלידער. אירע לאַנגע האָר פאַלן אויף איר מידן פלייש. אירע ווייעס שליסן זיך צו. דיין שיקזאַל שלאָפט אַ ווײַלע — מיד. —

## דער שיכורער מאַן

דער שיכורער מאַן נעמט אַרום דעם בוים און ער פאַלט צו צו זיין קאָרעדיקן לייב, נישט ווייל ער איז שיכור, נאָר ווייל אין זיין שיכרות דערפילט ער דאָס וועזן, די נשמה, פון דעם בוים. זיין געטריישאַפט. זיין מענטשלעכקייט. וואָרים פון דעם שיכורן מאַן, פון וועמען עס וויעט דער מענטשלעכער שמערץ ווי דאָס בלוט פון אַ געשאָכטענעם קאַלב, אַנטלויפן אַלע מענטשן. נאָר דער בוים בלייבט שטיין אין זיין מעכטיקער גרויסקייט פאַרן ליידענדן מענטש. דער בוים — מיט זיין בוימערשער געטריישאַפט. דער בוים, מיט זיין אייביקער צוגעבונדנקייט צו דער ערד. מיט זיין שקלאַפישקייט צום פלאַנעט. און דורך דעם שיכורנס און דעם הייליקנס עקסטאַז דערהייבט זיך דער בוים ביז צום הימל — אין אַ קאָס־מישן מאָמענט.

## די דאַמען און די מחברים

די דאַמען רעדן און גרויסן זיך מיט פראַזן פון ליטעראַטור. די רייכע דאַמען, געבונדן אין צירונג, אין קייטן פון גאָלד געשמידטע, אין זיידנס געהילטע. נאָר די אַלע אָרעמע מחברים, וועמענס רומרייכע נעמען לויכטן דאָ אַרויס פון פראַכטפולע טאָמען ליטעראַטור — זיינען אַלע אויסגעגאַנגען אין פינצטערער איינזאַמקייט. זיי האָבן געבענקט נאָך פרוי. נאָך פריינט. נאָך מענטש. אין זייערע בלוט־פאַרלאָפענע ווערטער צירן זיך איצט די רייכע דאַמען...

## פאַראַן אַ מאָמענט

פאַראַן אַ מאָמענט ווען אַלע צייטן, אַלע סעזאָנען, אַלע טעג און אַלע פורפורנע בין־השמשות׳ן קומען זיך צוזאַמען און נעמען זיך אַרום און יאָמערן אין דער שטיל...

עס איז אַ קאָסמישער מאָמענט... ווי אין אַ בוקעט, פאַראייניקן זיך אַלע שיינקייטן און האַלדזן זיך, און אַ שטראָם טרערן שטראָמט אַרויס — אַ ים פון מענטשלעכע טרערן. —

## אַ כאָר פון יונגע דאַמען . . .

דיך הילט איין אַ כאָר פון יונגע דאַמען . . . דאַמען וואָס זיינען נאָך נישט באַרירט פון לעבן... דאַמען, נאָך נישט קיין געבוירענע... אויסגעטראַכטע, צאַרטע, בראַנדזענע דאַמען, פולקאָם אין זייער פאָרם, פון אַ דיכטער־גאָט אויסגעטראַכט אין לירישע מאָמענטן פון אייביקייט...

## אַ זילבערנע קרוין

אַ זילבערנע קרוין טראָגט זיך אויפן האָריזאָנט, אין פאַרנאַכט. זי איז צעבויגן, ווי אַלטער זילבער. זי איז גרוי ווי בליי. זי איז ווי צינק צעבראָכן. אַ זילבערנע קרוין שוועבט אין הימל — אַ וואָלקן. די קרוין פון דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם קעניג. די קרוין פון דעם יונגען פרינץ וואָס איז געשטאָרבן איידער ער איז געוואָרן קעניג. די זון פאַרגייט — אין מערב זינקט דעם קעניג׳ס גילדערנער סצעפּטער. איבערן האָריזאָנט גייט אויף אַ וואָלקן — אַ וויינענדיקע פרוי. זי פאַלט צו מיטן קאָפּ גרויע און ווילדע האָר צו דער קרוין — זודיקע טרערן באַגיסן די קרוין. די זון בייגט זיך אַקטיאָריש צו דער קרוין — צום גייסט פון קעניג. אין אַ ווייל‏ע אַרום צעפאַלט די קרוין אויפן האָריזאָנט. ווערם פון אַש באַפאַלן איר. זי צעפאַלט ווי אַש אויפן געפאַרבטן האָריזאָנט־דיוואַן...

## דער געניוס

דער געניוס ווערט געבוירן אַלע טויזנט יאָר. ער איז ווי אַ וואַלד. ער ברעכט זיך אָפּ פון רוים ווי אַ גרויסער, פלייצנדיקער, יאָמערנדיקער רעגן. ער עפנט אַלע טרערן־קוואַלן פון די מענטשן. ער איז ווי אַ טייך. ער שטראָמט אָן אויפהער מיט ווילדע כוחות. אויבן — גרינע, באַגילדעטע צווייגן. אונטן — איז זיין וואָרצל פאַרצווייגט אין פילע דורות. דער געניוס איז אַ מעכטיקער וואַלד. די זון שיינט אין אים. נאָר — עס איז

פינצטער אינמיטן טאָג. עס איז פינצטערער געראַנגל. און צום קאַמף ליפערן אים שפּייז די דורות. זיי דערנערן אים מיט זייער מאַרך און בלוט. מיט זייערע פינצטערע איבערלעבענישן. זיי שפּייזן אים מיט דעם לעבן פון יאָרטויזנטער. דאָס איז דער געניוס. דער געניוס איז דער רעזולטאַט — די סומע פון טויזנט דורות אויף דער ערד. —

## דורך די האָריזאָנטן, ווי דורך פאַרגרעסער־גלעזער

קוק איך דורך. איך וויל דערזען גאָט׳ס קני און צופאַלן צו איר מיטן גאַנצן ציטער פון מיין הארצן. דורך די האָריזאָנטן, פון דיקן קרישטאָל, ווי דורך טעלעסקאָפּן, וויל איך אַריינקוקן אין הימל אַריין. איך וויל דערזען דעם צויבער פון גן־עדן. איך וויל דערזען די פלאַמען פון גהינום. איך וויל דערזען דורך די פלאַמען די פנימער פון די געפּייניקטע. איך וויל דער־זען די גאַנצע דראַמע פון די הימלען. איך וויל דערקענען די נביאים און זיי אומהאַלדזן. די אומגעהויערע געשטאַלטן וועמענס טריט זיינען געבליבן אויף דער ערד אָפּגעפּרעסט, ווי פון מאַסטאַדאָנען. איך וויל אַריינקוקן אין די סודות פון קרעאַציע, פון פלאַמענדיקער יצירה, ווי דר. יאָהאַן פאַוסט. דורך די האָריזאָנטן, ווי דורך אומגעהייערע טעלעסקאָפּישע אויגן, וויל איך דיך דערזען, גאָט פון די פעלקער, געוואַלטיקער גאָט פון ישראל.

## די פרוי מיט דער בלום

דורכן פענצטער קוקט אַרויס די פרוי, ווי פון אַ גילדערנער ראַם. איך האָב זי געזען ווען זי איז געווען איינזאַם און טרויעריק. איך האָב זי געזען ווען זי האָט געקרוגן איר אדם און ער האָט געפּליקט פון איר שטיקער אין ליבע. איך האָב זי געזען ווען זי איז געווען קינדערלאָז. און איצט, איצט קוקט זי אַרויס אַזאַ דערלייזטע. אַזאַ באַפרייטע פון איר שווערער אַנגסט און בענקשאַפט. נעבן איר איז אַ דערוואַקסן קינד, ווי בראָנדזע. זי קוקט אַרויס דורכן פענצטער מיט גרויס צעפרידנקייט. שטאָלץ קוקט זי אויף די האָריזאָנטן. שטאָלץ אויף מענטשן און באַוועגונג. אין אירע נאָך פייכטע האָר, אַזוי ווי די פייכטקייט פון אַ בוים אין פרימאָרגן, שטעקט וווּנדערלעך אַ בלום. אַ בלום, פון ווייכן טיול. פון וווּנדערלעכן זייד. אַ בלום אויף איר קאָפּ דעם הייליקן פלאַמט. עס עפנט זיך אַ פעלד. עס דערמאָנט זיך אַ לאַנדשאַפט. עס ברעכט זיך אָפּ אַ דערינערונג פון דיין קינדהייט. די רויטע בלום — זי דערמאָנט דיך אין אַן אַנדער פרוי. אין אַן אַנדער לאַנד. ווי אַ בראָנדזענע מאַדאָננאַ און קינד זעט זי אויס.

איבער איר, איבערן דאַך, שטייען זיבן פייגל און קוקן אַרונטער צו דער גאַס — זיבן מיסטעריעזע מענטשן. נאָך העכער ציען אין אַ קאַוואַלקאַדע די וואָלקנס, ציען נאַכלעסיק און גרוי. אַ וואַזאָן לויכט אויף אַ הינטערשטן פענצטער — ווײַרויך צו דער בראָנדזענער מאַדאָננאַ און קינד. און איך פיל אַז אַלץ איז אָרגאַניש געבונדן: די פרוי מיט דער בלום; דאָס קינד וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון דעם טאָל פון קרעאַציע ווי אַן אוצר, און די פרוי האָט עס געפונען. דער וואַזאָן און די וואָלקנס, דער גאַנצער מיסטעריעזער כישוף פון קאָסמאָס, אַלץ איז איין אומגעהויערע, שיינע פאַנטאַזיע פון אַ גאָט. —

## איינזאַמקייט

איינזאַמקייט איז שווער צו פאַרטראָגן. אַזוי ווי אַ ים פרעסט אַראָפּ אַ שטיינערנעם באַרג, אַזוי פרעסט די איינזאַמקייט אַראָפּ דײַנע פּלייצעס. דער מענטש פילט אַז ער זינקט אין זיין אומגעהייערער שווערקייט צו דער ערד. עס ציען אים אַרונטער די אָפּגרונטן. די מענטשן זיינען צו אים — שטיינער. ווי פעלזן — זייערע רייד. די פרויען פאַרציען זייערע טראַכטן מיט אייזן פאַר אים. ער איז פינצטער ווי איוב. ער וויינט אינמיטן וועלט. ער איז אַרויסגעפאַלן פון סדר פון דער וועלט. ער ברעכט אָפּ פון זיך זיינע נעכט — שטיקער געזאַלצענער טרויער. און זיינע טעג יאָמערט ער. זיין האַרץ איז צעבראָכן פון אַ ווונד — אַזוי ווי אַ לאָך אין דר׳ערד. וואָס מען האָט פון אים אויסגעריסן אַ באַרג. יעדער פרוי איז פאַר אים אַן אומדערגרייכבאַרע פעסטונג. צו יונגע מיידלעך קניט ער, ווי צו מאַדאָננעס. דער טרויער פרעסט אים ווי אַ געזאַלצענער ים. ער איז אַ זאַק מיט געשריי. די ערד שטעכט אים די פיס. דער הימל פאַלט ווי אייזן אויף זיין קאָפּ. ווי איוב זיצט ער אינמיטן וועלט — אַ פינצטערער גיגאַנט. —

## דער טומאַן

איך גיי אַהיים פון אַלע מאַסקאַראַדן אַליין. דעם האָב איך אָנגעשיכורט מיט רייד. דער דאָזיקער בלייבער דאַמע האָב איך מיט אַ קוש פאַרברענט אַ שטיק זוניקן מויל. דער פייכטער, בלאַסער פרינצעסין האָב איך פייכט געמאַכט די ליפּן מיטן גילדערנעם כוס גאָלדענעם וויין. נאָר איך אַליין גיי אַהיים ווי אַ שאָטן, גרויס און אומענדלעך איז דער נעפּל. אַ זילבערנער דזשאָנגל וואָס לייגט זיך צו דיינע פיס, צאַרט ווי טיול, ווייך ווי פּליוש. טויטלעך איז דער נעפּל. נאָר דו האָסט אים ליב. ער עפנט פאַר דיר

די פּאַנאָראַמע פון פאַרגאַנגענע נעכט. דו ביסט געגאַנגען מיט אַ געליבטע ווי שיכור דורך דעם זילבער־טומאַן. דער טומאַן האָט קאַלט געמאַכט דיינע קושן אויף איר זיידענעם פּנים. ווו איז די לבנה? האָסטו אָפּגעוואַשן מיט איר שוימיקן שטראַלן־זייף דיין טרערנפול פּנים? דו גייסט אַהיים מיט די זילבערנע אַלייען פון טומאַן. ווי בליעכן זיינען די בוימער אין דער לבנה׳ס שנייִ געהילט. און אָט דאַכט זיך דיר גייט די בלייכע פרוי — זי שטעקט אַרויס איר ווונדערלעך, מעלאַנכאָליש פּנים פון טומאַניקע וואָלן. עס איז דיין ערשטע געליבטע, פון די טעג און נעכט לאַנג פאַרגאַנגענע, ביי וועמענס בראָנדזענע פיס דו האָסט געקניט און געקושט אירע קניעס. זי גייט און דו גייסט איר נאָך — ביז צום סוף פון דעם זילבערנעם טומאַן — ביז צום זילבערנעם פאָרהאַנג מיט מאָסקעס געמאָלן אַזוי ווי מיט קאָלירן פון בעז; דו גייסט איר נאָך געהיים און פאַרבאָרגן, ביז די שטערן פאַלן ווי קאָנפעטי איבער איר זילבער־געוואָרענעם קאָפּ, איבער אירע פאַרשנייעטע אַקסלען — — —

## אַ גאָלדענע האַנט שרייבט

עס איז אַזאַ קלאָרע לופט אין פּאַרק. עס איז אַזאַ גאָלדענע זון אין פּאַרק. די בלעטער זיינען צעוואָרפן איבער אַלע שטעגן און וועגן. זיי כאַפּן אַרום דיינע פיס. זיי פאַלן צו דיינע פיס אין עקסטאַז. זיי קושן דיך מיט אַזוי פיל ליבשאַפט. אַ גרויס געפיל פון זאַטקייט גייט דורך אין פּאַרק. דער שטורעם פון רייף ווערן, פון וואַקסן, פון בליען און בלענדן איז אַריבער. די אָרגיע פון גרויסן פעסטיוואַל, פון רייכן זומער, איז געענדיקט.

איצט איז די נאַטור רייף און ערנסט. יעדעס בוימל, יעדעס בלימל, יעדעס וועזן טראַכט און ציטערט ערנסט. אַזאַ ווירדיקייט הילט אַלץ איין. יעדעס וועזן איז שטאָלץ מיט זיין לעבן, מיט זיין טייל, מיט זיין דערפילטן חוב צום גאַנצן. און אויך איך גיי דורך די אַלייען אָן אינגערלעך־זאַטער, אַזוי ווי איך וואָלט דערפילט דעם גרויסן הונגער צו קרעאַציע. אַ גאָלדענע האַנט שרייבט אויפן הימל מיט בלייכער וואָלקנשריפט אונפאַרשטענדלעכע פּאָעמען. אַ צווייטע האַנט פאַרמעקט מיט אַ ווינטן־מעקער די בוכשטאַבן און די ערשטע האַנט ציטערט שוין מיט נייע געשריפטסן אויפן גרויסן הימלישן מאַנוסקריפּט. איך גיי אַ פאַרטראַכטער און בויג זיך צו צו יעדן בוים. איך רעד אינטים צו יעדער צווייג. איך אומהאַלדז יעדעס וועזן. און איך טראַכט וועגן אַ פאַרשטאָרבענעם לירישן פריינט. איך שפּאַציר מיט זיין גאָלדענעם גייסט. ער רעדט פאַר מיר, ווי אַמאָל, די שענסטע רייד. זיין פּאָעזיע איז נישט געשטאָרבן. זיין פּאָעזיע לעבט

אין דער נאַטור. ער איז איצט פאַראייניקט מיט גאָר דער מעכטיקער פּאָעזיע פון נאַטור.

שיינע, פּאָעטישע מענטשן שטאַרבן נישט. זייער שיינקייט עקזיסטירט אין דער נאַטור. זייער שיינקייט שפּרייט זיך אויס ווי אַ טעפּיך איבער הימל און ערד...

## אימה פאַרן טויט

פאַרן טויט, פאַרן אָפענעם גרוב פון דר'ערד, שטייט דער מענטש איינזאַם און פאַרלוירן. רעדנער, מיט געוויינלעך שאַרף־געשליפענע צינגער, געשאַרפט אין יאָרנלאַנגער דעמאַגאָגיע, שטייען געבראָכן און זיי ציטערן מיט די צונגען. אַראַטאָרסטוואָ און אָראַטאָריע ווערט שטום פאַר דער שטיי־נערנער מאַסקע פונ'ם מת. און דער מאָדערנער מענטש פון אונדזער צייט הייבט אויף איבער זיין געליבטן פריינט אָדער משפּחה־מיטגליד פּונקט אַזאַ יאָ־מערלעכן לאַמענט ווי אין דער אורצייט, ווען דזשאַנגלמענטש האָט דערזען זיין שכן שטום און קאַלט ווי אַ פעלז, פאַלן אין זייער מיטן. יענער יאָמער־לעכער געשריי הויערט אין אונדז, מכלומרשט ציוויליזירטע און סאָפיסטישע מענטשן.

טויט פאַלט נאָך אַלץ צווישן אונדז ווי אַ בליץ. ווי אַ גרויסער דונער ברעכט ער אויס און ווערט אַנטשטומט. קענסט אים מיט גאָלד, ווי דער טייוול, נישט אָפּקויפן. קענסט אים מיט קיין ווין נישט פאַרגיסן. און קענסט זיך פון אים נישט אויסבאַהאַלטן אונטער אַ זיידענע מאַסקע אָדער אונטער דער הייל פון אַ פעלז. פרעהס האָבן אים געפּרוווט צונישט מאַכן דורך מיטנעמען מיט זיך זייער גאָלד און זילבער. זיי האָבן אין די קברים מיטגעשלעפּט די ווייבער, די קעפּסווייבער, די דינסטן, די טייערע גע־טראַנקען און פאַרפיומען און בשמים. מיט איין וואָרט — זיי האָבן דאָס גאַנצע לעבן, די וועלט, ווי ווערם, געוואָלט אַריינשלעפּן מיט זיך אין קבר. —

נישט גאָלד און זילבער, נישט רייכטום און נישט לוקסוס קענען אָפּנאַרן אָדער אָפּקויפן דעם טויט. נישט קיין שיינקייט און נישט קיין גבורה. ער לעגט איבער אַלעמען זיין שווערע, זיין שטיינערנע האַנט. און ווען ער באַריִרט, דער ווערט פאַרוואַנדלט צו שטיין. יונג און אַלט נעמט ער אַריין אין זיינע אָרעמס. דעם בעטלער אין שמאַטעס, ווי דעם קעניג אין דער שווערער קרוין — דער טויט ווייסט נישט פון קיין חילוק. און עס איז גוט וואָס מען קען דעם טויט נישט אָנשיכורן מיט קיין טייערע ווייַנען און נישט אונטערקויפן מיט קיין געלט. מעכטיק און אייביק שטייט דער טויט איבער דעם מעכטיקן און אייביקן לעבן. —

# פאָטער און מוטער

דער פאָטער און די מוטער קוקן אויף זייער אַלטן קינד פון זיין געבורט אָן. די מוטער קען אים פון איר טראַכט אויס. פון די ערשטע סימנים פון לעבן. און דער פאָטער קען זיינע געראַנגלען. זיי ביידע קענען אים אין אַלע קאַמפן און שטרויכלונגען. ער איז פאַר זיי יעדער מאָמענט גאַנץ. ווען ער ליגט שוין אין דער טרונע שווער ווי אַ פעלז, אַ בערגל ערד, שפּילט ער נאָך פאַר זיי אויפן קינדישן פייפל. איז ער נאָך פאַר זיי קינד. קינד פון געבורט. וועמענס בלוט־פלעקן מען דאַרף אָפּוואַשן מיט קאַלט וואַסער. זיי קענען זיינע שטרויכלונגען. זיין־וואַקסן און זיין שטייגן ווי אַ בוים. זיינע נעכט פון ווילדן פּיין. זיין שאַפונגס־וועג. די יאָרן ווען ער באַשאַפט זיין מיידל און ווען ער שטעלט זי אַוועק אין דער גילדענער נישע פון רוים. ווען ער ראַנגלט זיך מיט חוה׳ן — איידער זי איז נאָך אָפּגעריסן פון דעם פלאַם פון זיין לייב. און נאָכדעם ווי זי ברעכט זיך אַרויס פון אים און ער גייט זי זוכן אויף דער ערד, אין די מדינות, צווישן די מיליאָנען מענטשן. זיי קענען, די עלטערן, זיין טרויעריקן גאַנג. זיינע מפּלות און זיינע טריאומפן. און איצט שטייען זיי פאַר זיין שטויב. און קוקנדיק אויף אים, זעען זיי אַלע מאָמענטן פון זיין גאַנץ לעבן. —

אַזוי אויך קוקט גאָט אויף די מענטשן און ער קען זיי פון קליינערהייט אָן. ער זעט אַלע דורות אין אַן איינציקן מאָמענט. ער נעמט אַרום אַלע דראַמעס פון די דורות. ער קען אַלע אין זיין טיפסטער, אין זיין באַהאַלטנסטער רגע. ער האָט אַלץ געזען — דער הימלישער פאָטער. ער האָט אַלעמענס ליידן אַריינגענומען אין זיין געבייק, אַזוי ווי דאָס פּנים פון דער ערד נעמט אַריין אין זיך, זאַפּט איין אין זיך אַלע שלאַקטרעגנס און אַלע וואַלקנבראָכן. אַזוי ווי די ערד נעמט אַריין אַלע שנייען און אַלע האָגלען. אַלע פאַרפלייצונגען און אַלע טרערנטייכן. גאָט קען די מענטשן. ער האָט זיי אין זיך אַריינגעצויגן ווי דער אָצעאַן טרינקט אויס אַלע טייכן; ווי דער ים טרינקט אויס אַלע אָזערעס. גאָט האָט גאָר דאָס לעבן אין זיך אַריינגענומען. —

# זי איז אַנגעטאָן

זי איז, די צאַרטע, אָנגעטאָן אין אַ גאַנצן הערלעכן זון־אונטערגאַנג.
זי איז ווי די זון ,וואָס ווייסט דעם טעקרעט פון פאַרביקע ספּעקטאַקלען.
זי איז אין איין מאָמענט פאַר מיר דער זון־אויפגאַנג און דער זון־אונטערגאַנג.
זי איז די הערלעכע פרייד, דער שטילער טרויער...

# די היימישע ערד

דו שפּאַנסט אַדורך דורך פּילע לענדער און פילע פּרויען. נאָר די ערד די היימישע קענסטו קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אַ שטיק וואַלד טויכט אויף אין קליינעם דערפל נאָוואָגורא. אַ שטיק וואַלד וואָס איז פול מיט דעם היימישן פויגל־כאָר און מיט אידישן פחד און מיט שוואָמען פייכטע און פאַרביקע, וואָס די ערד גיט אַרויס און וואָס באַהאַלטן זיך אונטער פּשוטע בלעטער און פלאַנצן. און אויך אין איר קענסטו נישט פאַרגעסן, דאָס מיידל וואָס האָט מיט די האָר זיך פאַרטשעפּעט אָן די צווייגן. איך וואָלט וועלן גיין צו יענעם וואַלד און זוכן צווישן די צווייגן אירע גאָלד־האָר. און אין דער ערד קושן די צייכנס פון אירע גרינגע טריט. אָ, דו ביסט ביזן סוף אַ קליין אינגעל. אַ ראָמאַנטיקער. אַלץ וואָס עס איז פאַר־גאַנגען, ווערט דורכן כישוף פון צייט — גאָלד צו דיר, ראָמאַנטיק און פּאַרטיקע ליטעראַטור, אַוועקגעשטעלט ווי סאָלידע בענדער אין דיין זכרון־ביבליאָטעק. —

# אומענדלעכקייט

שפּעט ביינאַכט לייענסטו שטיקער צייטונגען, זשורנאַלן; דו קוקסט אַריין אין אַלטע בילדער־רעפּראָדוקציעס. קעניגן גייען אויף ווי די בלייכע פּרינצעסינס, ווי די שוואַנען, און אַלע זיינען אַוועקגעשוווּמען אין דעם גרויסן טייך פון אומענדלעכקייט... ווי שטיקלעך זשאַווער ליגן אַרום מיר די שטיקלעך צייטונגען, די בילדער, די בלעטער פון ביכער, די פאַרביקע רעפּראָדוקציעס. זיי זיינען אַלע אַוועקגעשוווּמען אין דעם בלייכן טייך פון אייביקייט...

# דער דיכטער און דער קעניג

שלום אַש דערציילט אַז ער פלעגט אַמאָל שפּילן אין פערדלעך. איינמאָל האָט ער געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן די פערד, איידער מען פלעגט זיי אָפּלאָזן אין ווילדן גאַלאָפּ. און אַריינקוקנדיק אין זייערע אויגן, האָט ער דערזען איין פערד, וואָס איז אים באַזונדערס געפעלן. ער האָט באַמערקט די ענערגישע אויגן, פול מיט לוסט און קראַפט. און זיינע שטאַרקע ציין. און די זיכערקייט פונם פערד. אויף אים האָט ער געוועט און געוואונען...

דאָס באַווייזט ווי דער גרויסער קינסטלער פאַרשטייט די חיה. די חיה איז נאָענט צום מענטש. און מענטש קען די חיה. מיר זיינען מיט איר ברודער און שוועסטער. מיר זיינען אין איין טאָל געבוירן געוואָרן אין די גרויסע, ערשטע טעג פון מעשה בראשית. איין נס פון צייט האָט אונדז

פון טויטן שטאָף אויפגעוועקט. איבער אונדזערע קעפּ הענגט אײנער און דער זעלבער גורל — דער טויט. און די גריכישע מיטאָלאָגישע צענטאַורן, וואָס שטעלן פאָר דעם אונטערשטן קערפּער פערדיש; בשעת דער אויבער־שטער טייל קערפּער איז מענטשלעך, פאַריסן אין קאַמפּסלוסט, אין הונגער צו דער הויך, און, אַזוי אַמביציעז — זיי זיינען גרויסע, אוראַלטע סימבאָלן. מאַנ׳ס קערפּער איז פון אַ חיה. אָבער מיט דער קראַפט פון זיין געדאַנק דערהייבט ער זיך צו די ספערן. ער בריט מיטן פייער פון געדאַנק. און די צענטאורן, וואָסאַראַ פרימיטיווע, שטורמישע קראַפט עס שטראַלט פון זיי. די ענערגיע פלאַמט, ווייל מענטש איז מיט חיה פאַראייניקט.

די מיטאָלאָגיע איז פול מיט פאַרוואַנדלונגען פון מענטש אין דער חיה. פאַרשאָלטענער מענטש ווערט חיה. אין דער חיה באַהאַלט זיך דער איינ־זאַמער מאַן, דער פון די געטער פאַרשאָלטענער. פון יעדער פּנים פון אַ חיה קוקט אַרויס אַ מענטשלעכער קעניג. אַ מענטשלעכער כאַראַקטער.

די לעגענדע, די קעניגלעכע לעגענדע דערציילט אַז דוד המלך האָט פאַרשטאַנען די שפּראַך פון חיות. עס איז דער דיכטער און נישט דער קעניג, וואָס האָט אַריינגעקוקט אין דעם געוואַלטיקן כישוף פון קרעאַציע. אין די טיפסטע לאַבירינטן פון דער עוואָלוציאָנערער נאַטור. וואָס האָט געקעמפט מיטן דעמאָן, מיט דעם אַשמדאי. עס איז אָט דער קינסטלער־פּאָעט פון דעם תהלים׳ס טרויער און דעם תהלים׳ס קאָסמישער פרייד, וואָס קען און ער פאַרשטייט די שפּראַך פון חיות. זייער לשון, אין זייערע פלאַמענדע אויגן אויסגעדריקט. און זייער שטימונגס־געשריי, און זייער וויסטן געוויין און וואָיען אין דער איינזאַמקייט פון דער וויסטעניש.

עס איז דער דיכטער וואָס פאַרשטייט, און ווען דער דיכטער איז פאַרקערפּערט אין דער געשטאַלט פון אַ געקרוינטן קעניג, וואָס האָט פּי־זישע מאַכט איבער זיינע סוביעקטן, איז עס נאָך שטאַרקער. ווייל דיכטער זיין מיינט באַזיצן ספּיריטועלע און פיזישע מאַכט. דער אוראַלטער קינסטלער איז געווען דער קעניג — דער העכסטער און עלטסטער פונם שבט; דער פיזיש־שטאַרקסטער, דער פירער און דער גבור פון זיין פאָלק. און דוד המלך איז געווען מעכטיק אויף דער ערד. און ער האָט ביזן סוף פון זיינע טעג געלעבט אין חכמה און אין פּאָעזיע. צו יענער צייט האָט נאָך געהערשט די גרויסע סינטעזיס אין דער וועלט צווישן וויסנשאַפט, פּאָעזיע און קונסט.

רעליגיע און שיינקייט זיינען געגאַנגען צוזאַמען און האָבן דעם מענטש געגעבן אַ שענערע קולטור ווי די פון אונדזער צייט.

אָבער די מאַכט פון גאָט איז שטאַרק איבער די יעניקע קעניגן, וועלכע לעבן נישט אויף אַ ווייזן אופן. נבוחדנאצר ווערט אין אַ חיה פאַרוואַנדלט

פאַר זיינע פאַרברעכנס, פאַר אונטערריאַכן, מאָרדן און פלינדערן פעלקער. אויך דאָ איז פאַראַן סימבאָל. איין קעניג פאַרשטייט די חיה. איין קעניג ווערט צו אַ חיה.

אין די אַלטע קונסטווערק פון פרימיטיווע פעלקער ווערן אָפט צו־נויפגעקניפּט מאַן פרוי, פויגל, שלאַנג און חיה. דאָס אילוסטרירט סימ־באָליש דאַרווינ׳ס טעאָריע, אַז אין דער אורצייט זיינען אַלע פאָרמען גע־ווען פאַרקניפּט. צוזאַמענגעפלאָכטן אין איין בוקעט פון כאַאָס. פאַר־קנוילט אין איין מעכטיקן קנויל, וואָס שפּאַרט אַרויס זיינע צווייגן פון דער ערד איבערן גאַנצן הימל.

און פון כאַאָס קומט אויך דער דיכטער. און ער טראָגט שטענדיק אין זיין מוח די וויזיע פון כאַאָס, פון דעם תוהו ובוהו אין וועלכן גאָט האָט אַריינגעבלאָזן זיין פייערדיקן אָטעם און דעם שעפערישן לעבן פון זיין וואָרט, און דאָרט אַהין, אין דעם כאַאָס־גולם פון וועלכן גאָט האָט אויס־געקנאָטן אַ גאַנצע וועלט, פּרוווט ער אַריינקוקן, כדי אַרויסצוציבערן זיך, סימבאָל, אָרדנונג, סיסטעם און ליכט. ווי גאָט, וואָס האָט איבערן תוהו ובוהו באַפוילן מיטן וואָרט אַז עס זאָל ווערן ליכט, פּרוווט דער קינסטלער באַ־פעלן מיט דער קראַפט פון זיין אייגענעם אָנגעצונדענעם וואָרט, מיט זיין אינטואיציע, מיט זיין רעליגיעזער מאַכט און פּאַטהאָס, אַז עס זאָל ווערן צו ליכט, צו גליענדיקער, האַרמאָנישער פאָרם, צו פולקאָמענקייט.

קונסט, ליטעראַטור, פּאָעזיע און מאַלעריי איז אויף אַריינצוברענגען ליכט אינ׳ם כאַאָס, אין וועמענס אייזערנע אָרעמס דער גרויסער מענטש ראַנגלט זיך. נאָך מער ווי אַלע ראַנגלט זיך מיטן כאַאָס דער חכם, דער רעליגיעזער, עקזאַלטירטער מענטש, דער וואָס שטרעבט צום פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון די מענטשן, אַריינצוברענגען זין און אָרדנונג אין דעם לעבן פון די מענטשן. מיט גאָלד צו פאַרגאַנצן די שפּאַלטן פונ׳ם וועלט־געבוי. אין אַלע לעכער אָנצוצינדן פייערדיקע גאָלדענע ליכט.

## דער ברוינער איידלשטיין

עס איז שפּעט ביינאַכט און די סאָבוויי שניידט די אינגעווײדן פון דער ערד, פון דער אורערד, פון אָט דעם אָפּגעריסענעם פראַגמענט פון אַ זון וואָס איז געבליבן ברענען ביז אירע לעצטע אַש־טעג, וועמענס לעבן באַשטייט אין ברענען און צינדן אַלץ נייע פלאַמענטעג פון איר ריזיקן, פון איר גילדערנעם האַרץ.

אַ פרוי זיצט אין סאָבוויי ווי די העלדין פון אַ ראָמאַן, אין אַ וואונדער־לעכן גרין, אַזוי ווי אַרויסגענומען פון סעזאַנס אַ בילד. און אויף איר דינער און ציטערנדיקער קני גייט שמערצפול אויף אַ בוקעט מיט רויזן,

מיט שטאַרבנדיקע רויזן — סימבאָל פון דער ווייבלעכקייט וואָס וויאַנעט. און איך בין מיד, גייסטיק־מיד אין אַ וועלט פון קאַמף, אַן איינגעהילטער אין מיינע שטימונגען, ווי גאָט וויקלט זיך איין, הילט זיך איין אין אַ מיליאָן וואָלקנס. ווי אַן אַרלעקין הילט זיך איין אין זיין קאָלירנדיק געפלעקטן קלייד... און איך טראַכט וועגן „די וועי אָף אָלל פלעש"... און ווי אַזוי די גאַלעריע פון מאַסקעס אויף דער ערד, אויף דער זומפּיק־פייכטער און פייערדיקער ערד ווערט נישט אויסגעשעפּט... ווי די נאַטור שליידערט אַלץ נייע פּנימער אויף דער ערד, אַזוי ווי דער אָקטאָבער שליידערט אין דער אויסשטעלונג פון די קופּערנע בלעטער אַ טויזנט מאַסקעס, וואָס זיינען נאָך קיינמאָל נישט געווען און וועלן זיך נישט קיינמאָל ווידערקערן. מאַס־קעס וואָס קומען דאָ ווייגען און ציטערן און זיי באַגיסן זיך מיט טרערן, אײדער זיי זינקען צום אָפּגרונט. אײדער זיי לעשן זיך אויס ווי שטורקאַצן, אײדער דער טויט נעמט זיי צו, אײדער עס ענדיקט זיך דער מולטיקאָליר־טער מאַסקנבאל פון לעבן...

און פלוצלונג טויכט אויף פאַר מיר אַ ברוינער שטיין. די דאַמע אין סימפּאַניע גרין געהילט, מיט די שמערצפול־וויאַנענדיקע בלעטער אויף איר בלאַסער, ציטריקער קני, טראָגט אַ שווערן, גאָלדענעם רינג. און אַ גרוי־סער, ברוינער שטיין, ווי אַ שפּיגל, לויכט מיר אַריין און רעפלעקטירט דור־שטיק מיין פּנים. דער דאַמעס האַנט ציטערט, און אַזוי ציטערט דער שטיין און נאָך נערוועזער ציטערט מיין פּנים. עס איז ווי איך וואָלט זיך שפּיגלען אין אַ ברוינעם אָקעאַן, אין אַ טיף־ברוינעם האַרבסט, אין אַ זון־אונטערגאַנג וואָס פאַלט אַריין אין בורשטין־פלאַמען, אין אַ ברוינעם, פּינק־לענדיקן הימל...

און מאָמענטנווייז ציטער איך אויף פון דעם שוידער פון מיין רע־פלעקטירטן פּנים. און אָט איז עס אַ פרעמד, פאַנטאַסטיש, טראַגיש פּנים.

אַ גאָט — איינגעהילט אין זיין אונהיימלעכער, אין זיין קאָסמישער מרה־שחורה, האָט דאָס דאָזיקע פּנים, ווי אַ קלאַונס מאַסקע, באַפלעקט מיט רויטער פאַרב, צוגעקלעפּט מיט אייזערנע קלעפּעכץ צו מיר. און וואָסאַראַ מיטלייד עס רופט אַרויס אין מיין האַרץ, ביים ווידער באַקעגענען עס, ביים ווידער דערזען דאָס אייגענע, דאָס טראַגישע פּנים, אויף אַ דיסטאַנץ, אין דער דאַמע׳ס סיגנעט, אין דעם קאַלטן, ברוינעם איידלשטיין, ווי אַ ברוינער באַסיין, אין וועלכן די לבנה איז פאַרגליווערט געוואָרן צו האַניק — — —

די דאַמע איז אַרויס ביי אַ סטאַנציע און איר בלאַסע האַנט האָט זיך געראַנגלט מיט דעם מעטאַלענעם געוויכט, מיט מיין שווער מיט ליידן באַ־לאָדענעם פּנים. איר בלייכע האַנט האָט זיך געוואָלט ווי צוריקקערן צו

מיר. זי איז אַוועק. און איך האָב געפילט ווי די ווייבלעכע פּערסאָנאָפּי־קאַציע פון דער אייביקייט וואָלט דאָ געזעסן, און זי האָט אַוועקגעטראָגן מיין פּנים אַהין, ווו אַלע מענטשנס און אַלע חיות־פּנימער ווערן געטראָגן, און ווו אַ פּנים פון אַ טראַגישן האַלב־גאָט ווערט אויך פאַרטראָגן, און ווו עס וואַלגערן זיך וועלכע קלאָונס־מאַסקעס, וועלכע מידע מאַסקעס פון אַר־לעקינען, פאַרשמירטע מיט רויטע און בלויע און גרינע פאַרבן, מיט ריזיקע שטיקער פאַרב, ווי פאַרגליווערטע זונגען... און ווו עס וואַלגערן זיך די בלעטער פון פאַרגאַנגענע מיליאָנען זומערן...

ניו־יאָרק, 30 יאַנואַר, 1943.

## דאָס אַלט־האָלענדישע בילד

אין שטילע פאַרנאַכטן פאַרקוק איך זיך אויפן בילד פון אַן אַנאָנימען מאָלער. דאָס בילד, דאָס איז שטאַרק קענטיק, איז פון דער האָלענדישער שולע אין דער מאָלעריי. אַ גאַנצע עפּאָכע קען מען אַרויסברענגען פון דעם בילד. עס האָט כאַראַקטער, אַטמאָספערע. דער מאלער האָט ליב געהאַט זיין צייט, זיין לאַנד. און ער האָט זיך באַמיט, אויף וויפיל עס איז קינסטלעריש מעגלעך, אַריינצוברענגען זיין לאַנד, זיין סביבה, זיינע מענטשן, אין דער מאָלעריי.

דאָס בילד שטעלט פאָר אַ קרעטשמע. פיר מענטשן פאַרברענגען אין דער קרעטשמע. אין די פיר מענטשן ווערן געוויזן פיר קלאַסן פון דער געזעלשאַפט. איך וועל זיי איינציקווייז שילדערן.

עס זיצט ביים אַלטן, ביים דעמבענעם טיש אַ מאַן, וואָס זעט אויס צו זיין מיד פון וועג. אָבער נישט מיד גענוג כדי צו קענען געניסן אַ לויטערן טרונק וויין און אַ פיינע קאָנווערזאַציע פון די דאָרפס־לייט. אין אַ רויטער בלוזע, מיט בלויע הויזן, זעט ער אויס צו זיין זייער פּיטאָרעסק. זיין קלאַס, זיין שיכט אין דער געזעלשאַפט, מוז זיין פון אַ ווייניק פאַרהאָ־רעוועטע. ער מוז אַוודאי זיין אַ שרייבער אין דער געמינע (געמיינדע). אַ שטיקל שליח מיט וויכטיקע געמיינדע־סודות. זיינע הענט פאַרמאָגן די אינטעליגענץ פון קענען שרייבן, און אויך נישט שטענדיק דעם סאַמע אמת. אין זיין לינקער האַנט, צו דער ערד געשטרעקט, האַלט ער אַ גאָל־דענעם, אויסגעליידיקטן כוס. און דער הוט זיינער, דער ברייט־ראַנדיקער הוט, רוט אויף דער ערד. זיצנדיק דאָ, הערט ער זיך איין אין דעם גע־רייד און ער דערציילט אַליין אויך אַ געשמאַק מעשה׳לע, אַ שטיקל פּלאָטקע, פון דער געמיינדע...

צו אים הערט זיך צו געלאַסן, אָבער זייער אויפמערקזאַם, און מיט אַ געוויסן באַהאַלטענעם מיסטרויען, אַ פויער. אין זיינע כיטרע אויגן

זעט מען אַז ער איז קלוג און אַז ער לאָזט זיך נישט לייכט אַרייננאַרן אין זאַק אַריין. אייגענטלעך רעדט דער פּויער גאָרנישט. ער האַלט פון דעם כּלל: זאָל יענער רעדן.. וואָס ווייניקער ער אַליין וועט רעדן, און וואָס מער יענער וועט פּלוידערן, אַלץ געזונטער וועט זיין. דער פּויער ווייסט זיין ווערט, גיכער זיין אומווערט... אינערלעך ווייסט ער אָבער טאַקע דעם אמת'ן ווערט פון זיין קלאַס וואָס גיט צום לאַנד ברויט און מילך און ווייץ... וואָס שייך די קענטניש, האָט עס טאַקע דער שטאָטישער שליח מער... אָבער זעט ווי קרום, ווי חניפה'דיק, ווי פאַלש ער איז. ער דער־ציילט, דאַכט זיך, מיט ליבשאַפט. און אין דער אמת'ן פּאַסט אים צו זיין אַ ברודער פון'ם פּויפּסט...

אַ דריטער מאַן זיצט ביים טיש. דאָס איז שוין זייער אַן אַלטער מאַן, וואָס נישט ער רעדט און נישט ער הערט — נאָר ער געניסט גלאַט אַזוי אַ גוטן, שטאַרקן טרונק... זיינע באַקן זיינען רויט, ווי פון זון־פאַרברענטע און ווי פון ים־געשלאָגענע פישערס. אָבער, קיין פישער איז ער חלילה קיינמאָל נישט געווען. דאָס איז גיכער אַ בעל הבית פון לאַנד־אייגנטום. ער דאַרף שוין נישט זאָרגן פאַר קיין פּרנסה. ער איז, גאָט צו דאַנקען, פאַרזיכערט מיט כּל־טוב. זיין קליידונג איז אויך אַ פאַרביקע, ווי פון דעם שליח פון דער געמיינדע. ער איז שוין היפּש אַלט, אָבער נאָך גאַנץ יונג אין גייסט... ער האָט אין זיין לאַנג לעבן אַריינגעגאָסן אַ סך קרוגן מיט ווייז און דאָס פייער פון דעם וויין האַלט אים אויף אין די אַלטע יאָרן...

דער אייגנטימער פון דער קרעטשמע, אַ פיינער האָלענדער, גיסט אָן דעם וויין מיט אַ קופּערנעם קרוג. דער וויין גיסט זיך גאָלדיק, ווי האָ־ניק. אייגענטלעך איז ער אַליין שטענדיק שיכּור פון'ם בלויזן געשמאַק פון דעם וויין... פונדעסטוועגן פאַרזוכט ער אים היפּש אויך... אַ גאָלדי־קער טראָפּן וויין פאַרשאַדט נישט צום שטראָם פון בלוט און צום לעבעדיקן, געזונטן הומאָר. זיין פּנים איז פעט און רויטלעך, אָן צייך, מיט אַ רויטע, זיידענע יאַרמולקע אויפן האָרלאָזן קאָפּ... ער האָט ליב דאָס לעבן. ער איז זיכער מיט זיך און מיט זיין קרעטשמע... מיטן פלאַמענדיקן וויין און מיט זיינע שטענדיקע קונים און באַזוכערס. אַזוי ווי זיין קרעטשמע, שטייט זיין וועלט פעסט פאַראַנקערט. זאָל נאָר גאָט געבן לעבן, געזונט און הצלחה...

מען קען זען, אַז די צייט איז אַ פאַרהעלטנישמעסיק רואיקע, אַ סאָלידע. האָלאַנד'ס גורל שיינט צו זיין אַ געזיכערטע. איר גייסט, איר טאָלעראַנץ, איר ראַציאָנאַליזם, איר רעאַליזם פאַרן לעבן און פאַר ליבע — איז נאָך מער געזיכערט. אַוודאי ווערט מען צייטנווייז באַאומרואיקט פון אַלערליי בייזע קלאַנגען. די שונאים שאַרפן די שווערטן... שפּאַניען וויל איינגעמען

די וועלט... אין דער „נייער וועלט" קומט פאַר אַ געראַנגל פּאַר קאָלאָניאַ־לער מאַכט. די וועלט איז איצט אַ גרויסע, איבערהויפּט זינט דער וועלט־אַנטדעקונג פון קאָלאָמבוס. קאַפּיטאַנען און קאָנקוויסטאַדאָרס אַנטדעקן אַלץ נייע קאָנטינענטן, אינדזלען, לענדער און פעלקער, וועלכע ווערן פאַרוואַנדעלט אין שקלאַפן, נאָכדעם ווי מען צעראַבירט זייערע טעמפּלען, מען נעמט צו זייער גאָלד, מיט וועלכן זיי באַצירן זייערע שטומע, זייערע פּאַראַליזירטע געטער און קעניגן... אייראָפּאַ וועט נאָך הונדערטער יאָרן קענען ציען גאָלד און כוח פון די פאַרשקלאַפטע לענדער. עס איז, אַלזאָ, אַ צייט, ווען מען קען רואיק טרינקען גאָלד־צעלויכטענעם ווײַן...

דער זייגער, אַ קליינער, פון האָלץ, מיט אַ קליינעם, לויטערן ציפער־בלאַט, אַזוי ווי אַ קינדיש פּנים'ל, שמוציק פון טרערן, לאָזט אַרונטער זיינע שווערע וואגעס (געוויכטער). עס איז איצט צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג. די זון, שוין אַ האַרבסטלעכע, לויכט פונדעסטוועגן אַריין דורך די פאַרביקע שויבן פון דער פראַנטאָווע טיר. אויף אַ רעגאַל, ביי דער וואַנט, זעט זיך אַ קליינע אויסשטעלונג פון פיינע, איידעלע פאַיאַנס, קינסטלעריש און געשמאַקפול דעקאָרירט, אין הויפּטזעכלעך בלויע און גרינע קאָלירן. ערגעץ זיצן די מילך־בלאַסע, אָבער געזונטע פרויען, ביי די שפּינרעדער, און זיי ציען אַ גאָלדיקן פאָדים. אין הינטערגרונט — די טיפּיש־נידערלענדישע מילן. פישערס מיט רויטע פּנימער, קליינע היטלעך און מיט טרעפּעס (הילצערנע שיך) אויף זייערע פיס. עס זעען זיך אויך קרוגן און טעלערס און געשיר פון דעם פיינסטן סאָרט, מיט בלוילעכע און מיט ראָזע עמאַ־ליעס. די גאַנצע שטוב איז ציכטיק. די פּאָדלאָגע איז פון שטיין. פון אויוון לויכט זיך אַ היימיש פייער. עס איז שוין קיל אוודאי אין דער האַרבסטי־קער לופט... דער האַרבסט, הגם נאָך גאָר ביים אָנפאַנג, האָט היינטיקס יאָר געבראַכט פייכטקייט און קילקייט, הגם די זון, ווי אַ בראָנדזענער גלאָק אינמיטן הימל, איז רויט און זאַט און פול מיט איר פלאַמיקן כוח... — — —

שעה'נלאַנג קען מען קוקן אויף דעם דאָזיקן בילד. עס איז ווי מען וואָלט אַריינקוקן אין אַ פאַרגאַנגענער צייט. אין דער איצטיקער ביטע־רער און שטורעמדיקער צייט איז עס ווי מען וואָלט זיך טרייסטן מיט דער רואיקייט און דער סאָלידקייט פון אַ גלענצענדער, אַ גרויסער עפּאָכע...

הגם רעמבראַנדט איז ערשט נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן פאַר הונ־גער און איינזאַמקייט. הגם שפּינאָזע איז אָט ערשט נישט לאַנג צוריק אַטאַקירט געוואָרן פון דעם האָלענדישן קלער... אָבער ווען אייגענטלעך זיינען געניאַלע קינסטלער און דענקער נישט פאַרפאָלגט געוואָרן, אַפילו אין די פרייערע פּעריאָדן פון דער היסטאָריע ?!...

עס ווילט זיך אַריינגיין אינ'ם בילד, זיך באַהאַלטן אין דער קרעטשמע,

ווערן אַ טייל פון דער קליינער געזעלשאַפט וואָס דערציילט זיך מעשות פון שטאָט, פון פויפסט, פון דער געמיינדע און פון דעם קעניג׳ס ווייב... עס ווילט זיך מיטטרינקען מיט דער קליינער גרופּע דעם קלעפּיקן, זיסן און עכטן ווייַן, וואָס איז ווי ליקיד פייער, פון די שווערע, גאָלדענע כוסות... עס ווילט זיך אַריינפאַלן אין זעכצענטן, אין זיבעצענטן יאָרהונדערט... אין אַ לאַנד פון טאָלעראַנץ און גרויסמוטיקייט... עס ווילט זיך מיט זיי צוזאַמען טיילן די רו און די לעצטע גליענדיקע שטראַלן פון דער אָקטאָבער־רייפער זון...

ניו־יאָרק, מאַי, 1943.

## אימפּרעסיע

ווער פוןביידען איז סענסיטיווער? דער הונט, מיט זיין דינער הויט, זיין געלבער פעל, זיינע דורכזיכטיקע, קרישטאַליקע אויגן, זיינע הויכע, לופטיקע אויערן — אָדער די דאַמע וואָס גייט נאָך אים נאָך, אין איר לופטיקן פוטער מיט דעם פּנים פון אַ הייליקער, מיטן קערפּער פון אַ זינדיקער, מיט די אויגן — שטיקער גרויסע, בלויע, הייליקע הימל?

ביידע ציטערן אין דער זון, אין דעם לינדן, ליבן ווינט, וואָס איז דער גייסט פון אַ ליבער פרוי, וואָס גלעט און צערטלט. אָ, דער פרילינג באַרירט יעדנס הויט, יעדנס גלידער, יעדנס גייסט... דער פרילינג פלאַטערט אין דער לופט...

די וואָלקנס, דיקע, וואָלענע, ציען איבערן הימל. זיי אײַלן ווי אַרמייען פון אַ פאַרשפּילטער מלחמה. איילן איבער די ברייטע הימל־סטעפּעס, איילן זיך ריין צו מאַכן די הימלישע טעריטאָריעס, די הימלישע פּייזאַזשן.

ווי וויליאַם בלייק, ווי אַנדריי ספּיר, זיץ איך דאָ אין פּאַרק, און איך באַטראַכט די קינדער, אין שטיקלעך בלויען הימל איינגעהילטע. מלאכים, נאָך נישט באַרירטע פון דאָס ערדיש־וווּלגאַרע און ברוטאַלע, אומשולדיקע, נאָך אומבאַהאָלפן צו זינדיקן. נאָך מיט פרייע מוחות, פּיליכט באַשאַפן פאַר גרויסע געדאַנקען. מיט אַלע פאַעטן פון דער פאַרגאַנגענהייט פאַראייניק איך זיך אין ליבשאַפט צו די קינדער, נאָך וואַרעמע, און נאָך פייכטע פון דער מוטערס טראַכט, נאָך נאַאיווע ווי די אורוועלט, ווי די שטיקלעך הימל־איינדזלען, אויף וועלכע זיי האָבן געלעבט און קוים געאָטעמט.

די ערד איז פייכט און פריש. די אייביקע ערד, פונוואַנען מיר קומען, וואוהין מיר גייען באַקעטע, אָבער נישט קיין פרייוויליקע. די גאָלדענע ערד, זי איז פייכט און וואַרעם און ליכט דרינגט איר דורך. דאָס גראָז איז צעפּוילט און בייע גראָז, מיט אַ גרינעם פּנים, שפּראָצט שוין אַרויס פון די טיפקייטן פון דער ערד. דאָס זיינען די גרינע כוואַליעס פון דער ערד.

רייטערינס און רייטערס רייטן דורך ריטערלעך אויף די רויטלעך־געלבע פערד. די פערד, רונדע, האַרמאָנישע, אין פיינסטן פּאַרם־פלוס, איבערבלייבעכצן פון די גריכישע פעגאַזן. די פרויען, איבערבלייבעכצן, רעשטלעך פון די העלדישע אַמאַזאָנקעס, פון יענע שיינע פרויען־קעמפע־רינס וואָס האָבן געהאַסט דעם מאַן, וויגן זיך גראַציעז אויף די זאָטלען פון די פערד. זייערע רונדע פאָרמען פרעסן זיך אָפּ, ווערן שטייף, און די שיינקייט פון דער אומשטערבלעכער חוה גייט אויף, אין גלי פון דער זון, אין גרויסן, אין טרויעריקן קוש פון האַרבסט איבער דער ערד...

— ווי פילן זיך די דאָזיקע וואָס זיינען היינטיקן ווינטער געשטאָרבן? — גייט דורך אַ שווידערפראַגע דורכן גאַנצן לייב. די ערד איז אַזוי וואַרעם און פריינטלעך. אָ, מיר דאַכט אַז די טויטע צינדן זיך ביסלעכווייז אָן מיט לעבן, און עס ציט זיי ווידער אַרויס פון דער ערד, זיך אָנצושיכורן מיט זון, זיך איינצוטונקען אין דעם ריזיקן טאָפּ פאַרבן — פון דער זון, פאַר־ווילן זיך ווידעראַמאָל אויף דער ערד, אויף דער גרויסער, ליבער, גוטער ערד...

און די וואָלקנס ציען, איילן זיך ערגעץ ווו אַוועק. איילן זיך אָפּצורייניקן דעם הימל פאַר די הערלעכע זונענשקיעה׳ס; פאַר די בראַנדזענע מאָרגנ־רויטן; פאַר די פייזאַשן פון זומער...

ניו־יאָרק, יאַנור 26, 1944.

## פרוי און קאַץ

אין דער שפּעטער נאַכט, ווען בלויז די נאַכט־איילע טראָגט זיך גע־רווישלאָז פאַרביי דורך דער לופט, קוים באַרירנדיק די שפּיצן פון די איי־דעלע, וואַכע ביימער — דערציילט מיר מיין מידער פּאָעט־קאָלעגע, מיין פריינט:

— איר געדענקט די קאַץ? אונדזער גרויסע, לופטיקע, דעקאָראַטיווע קאַץ, וואָס פלעגט צירן די ברייטע, ברוינע פאָטעלן; די גרינע קאַנאַפּע, פון לואי דעם פופצעטנס צייטן; די ברייטע בעטן, אין ווייכע, גרינע קאָלדערעס, ווי אין זומערדיק־זאַפטיקע לאָנקעס געהילט?

— זיכער געדענק איך די קאַץ. ווי פיין זי האָט זיך געפונען אין אייער שיינעם הויז. ווי וווּנדערלעך זי האָט דעקאָרירט דאָס מעבל, דאָס הויז, ווי זי פלעגט זיך אומעטיק איינהילן אין זיך, זיך וויקלען אין אירע שטימונגען, און בלייבן ליגן קאַלט און פאַרשטיינערט אין אַ ווינקל, אַ בערגל פון ווייכן פוטער, פון אורדזשאַנגל אַרויסגעגאַנגען. שטענדיק ווען איך פלעג זי זען, פלעג איך טראַכטן פון דער אורצייט. ווי אַזוי דער מענטש האָט זיך צוגעווווינט צו דער חיה. ווי ביידע טראָגן דעם קין־צייכן,

דעם צייכן פונ׳ם פאַרפאַלגטן נביא — אין איין שיקזאַל געבונדן. דורך די יאָרטויזנטער. מענטש מוז זיין אַרומגערינגלט פון דער חיה. מענטש פילט זיך אינטים מיט דער חיה. און חיה איז דאַנקבאַר צום מענטש פאַר דעם ביסל שוץ וואָס מענטש גיט איר.

— מיין פרוי איז קראַנק און זי וויינט אין דער נאַכט, אַליין. עס איז ווי אירס אַ קינד וואָלט איר געשטאָרבן. עס איז געווען אַ רירענדער בונד, אַן אינטימע ליבשאַפט צווישן מיין פרוי און דער קאַץ.ביידע האָבן זיך גלענצענד פאַרשטאַנען. און די צייט האָט געטאָן אירס: האָט זיי ביידן צוזאַמענגעבונדן, אינטים און האַרציק, פרוי און קאַץ...

איך האָב געאַנט אַ טונקעלע אַנונג...

מיין פריינט האָט ווייטער גערעדט:

— די קאַץ האָט געקרוגן קענסער אויף אַ פוס. זי פלעגט דאָס כסדר אַפּגריזשען, אָפּלעקן מיט איר שאַרף צינגעל און די ווונדן מאַכן צו בלו־טיקן. אַלץ אין הויז איז אַזוי אַרום פאַרבלוטיקט געוואָרן. עס איז געווען רירענד צו זען ווי אַזוי שטומע, קראַנקע, פאַרצווייפלטע חיה שלאָגט זיך מיט איר גורל, מיט איר דראַמע, מיט איר טויט־אורטייל. דער קרעבס איז וואַנזיניק געוואַקסן, און חיה האָט עס וואַנזיניק אָפּגעגריזשעט — אַ ביטע־רער קאַמף צווישן דעם טויט־פאַראורטיילטן קרבן און דעם מאָנסטער־טויט...

מיינע אויגן ווערן פול מיט טרערן. ווייל איך האָב די קאַץ געקענט. ווייל איך האָב די קאַץ ליב געהאַט. ווי אַ קליינער, לופטיקער טיגער, האָט זי זיך דאָ אַרומגעדרייט, אין דער היימישער, שיין־מעבלירטער שטוב... און איך פלעג זען ווי פרוי איז צוגעבונדן צו דער קאַץ... ווי קאַץ איז צוגעבונדן צו דער פרוי...

— מיין ווייב האָט טאָג און נאַכט געוויינט. און אַלץ אין הויז איז פאַרבלוטיקט געוואָרן. און איך האָב אין אַ טאָג באַשלאָסן צו פאַרענדיקן די אומהיימלעכע דראַמע.

— ווי אַזוי? — קלאַפּט מיין האַרץ האַסטיק, אין פינצטערער דער־וואַרטונג.

— דער וועטערינאַרזש האָט מיר געזאָגט אַז אַן אָפּעראַציע וועט איר נישט העלפן. און איינמאָל, אין זון־אונטערגאַנג, איז ער געקומען און האָט איינגעשלעפערט אונדזער קינד — די קאַץ. זי האָט געהאַט אַ שטילן, אַ רירענדן טויט. מיין ווייב האָט דאָס נישט געקענט צוזען. זי איז געזעסן אין דעם אַנדערן צימער און האָט ביטער געוויינט. איך האָב צוגעשלאָסן די טיר, זי זאָל נישט קענען אַריינקומען. און איך אַליין האָב צוגעשלאָסן מיינע אויגן... און, איר געדענקט אונדזער קאַצ׳ס הערלעכע אויגן?

— זיכער געדענק איך זיי. פּאַספּאַריש־ליכטיקע... זיי האָבן אייך דורכ־געדרונגען. זיי האָבן אָפּגעריסן שטיקער פון אייך — די דאָזיקע וואונדער־לעכע, פּאַספּאַריש־לויכטנדיקע, עלעקטרישע אויגן.

— די דאָזיקע אויגן, ווען איך האָב אויפגעהויבן איר קאָפּ, זיינען געוואָרן איינגאַנצן שוואַרץ. זיי האָבן זיך אין גאַכט פאַרוואַנדלט. זיי האָבן זיך אין אַשיקן טוש אויסגעלאָשן. די וואונדערלעכע, די רייך־אָנגעצונדענע אויגן פון אונדזער שיינער פריינדין — — —

שפּעט ביינאַכט האָב איך אַהיימגעשלייכט ווי אַ שאָטן. און אויפן הימל, אויף די וואָלקנדיקע טעריטאָריעס, האָט אויפגעלויכטן די לבנה — אין קילן בראַנדז. דאָס פּאַספּאַר פון דער קאַץ׳ס אויגן האָט אַראָפּגעלויכטן פון דער לבנה׳ס פּנים, האָט אַראָפּגעטריפט אין דער שפּעטער, אין דער אונהיימלעכער נאַכט. עס איז שוין געווען באַגינען, און פּראָזאַיש האָט זיך די שטאָט אויפגעבראָכן. איך האָב אַהיימגעאיילט, אין דער איינזאַמקייט פון מיין צימער. אין געזעלשאַפט פון ביכער, צו מעדיטירן איבער דער קאַץ, איבער איר שרעקלעכן שיקזאַל און איבער איר כישוף אויף דער ווייַ־נענדיקער פרוי — ווארים אין זעלבן יאָר איז די יונגע פרוי געשטאָרבן, צום גרויסן שמערץ פון איר מאַן, צום פאַרלוסט פון איר פאַמיליע. זי איז געשטאָרבן פון טיפער בענקשאַפט....

איך בין לאַנג געזעסן אין מיין ביבליאָטעק און איך האָב געטראַכט ווי מענטש און חיה, פון געבורט ביז צום טויט אָן, דורך די אונהיימלעכע יאָר־טויזנטער פון קאַמף מיט דער נאַטור, זיינען צוגענאָגלט, זיינען צוגעקריי־ציקט צו איין קרייץ — צום שיקזאַל...

איך האָב אַרויסגענומען דעם באַנד לידער פון׳ם פּאָעט, אין וועלכן ער באַווייַנט זיין שיינע, יונגע און טייערע פרוי, און איר ליבע פריינדין, די הערלעכע קאַץ... איך האָב געלייענט די אידעלע לאַמענטן און געזען וויביידע, פרוי און קאַץ, פאַרברענגען אין די בראַנדזענע אַלייען פון גן־עדן, איינגעהילטע אין דער טיפער שטילקייט פון אייביקייט...

ניו־יאָרק, יאַנואַר 30, 1944.

## כוואַליעס

איך בין לאַנג געשטאַנען ביים וואַסער, אין צענטראַל־פּאַרק, און גע־האָט אַ געוואַלטיקע הנאה. איך האָב זיך איינגעהערט אין דעם צאַרטן פּליוסקען פון די כוואַליעס, וועלכע באַרירן לייכט און דאָך מיט אַ געוויסן אומשטערבלעכן עקשנות די שטיינער פון ברעג. וואַסאַראַ אומענדלעכער קאַסמישער פּלוס! אויבן, אויפן אייביקן הימל, באַוועגן זיך די וואָלקן־כוואַליעס אין אַן אומענדלעכן גאַנג איבער די ריזיקע טעריטאָריעס פון דער

לופט. זיי באַוועגן זיך מאַיעסטעטיש און פריי אין דעם הימלישן שווונג. און דאָ באַוועגן זיך די כוואַליעס פון ים. איין כוואַליע פאַרטוישט די אַנדערע, זינקט אַריין אין דער פאָרם און עקזיסטענץ פון דער אַנדערער. פונקט ווי די מענטשן פון די פאַרגאַנגענע דורות לעבן מיט זייער דער־פאַרונג אין די מענטשן פון די קינפטיקע דורות, אין די מענטשן פון אונדזער צייט. אַזוי ווי די מוזיק פון טויזנטער יאָרן צוריק, פון ים, קלינגט אויף אין די גאָר לעצטע כוואַליעס אין צייט, אַזוי קלינגען די שטימען פון די אַמאָליקע מענטשן אין אונדזערע הערצער און העלדזער.. מיר זייַנען דער גאַנג פון די פריערדיקע דורות. ווי גאָר מיר בלייבן שטילע שטיין, אין איינזאַמקייט, הערן מיר אין זיך זייערע קולות. הייבן מיר אָן צו טראַכטן זייערע געדאַנקען. פרעגן מיר זייערע פראַגן. מיר זיינען זייער אומענדלעכע פאָרטזעצונג.

איך שטיי ביים ברעג. ווי פיין דער ווינט, דער אוראַלטער און קינ־דיש־פרישער ווינט, באַרירט מיך. און איך טראַכט אַז די ערשטע כוואַליע, דאָרט ביים אַנדערן זייט ברעג, קוים אָנפאַנגענדיק אין צייט איר רומפולן פלוס, אַז זי באַרירט, אַז זי האָט דאָך אַ שייכות מיט דער כוואַליע אָט דאָ, ביים אַנדערן זייט ברעג, כמעט פייכט מאַכנדיק מיינע פיס מיט אירע וואַסער־פינקען. אַזוי אומרואיק אין גייסט און אינערציע. פונקט אַזוי האָט אָדם, טראַכט איך, דער סאַמע ערשטער מענטש, וואָס האָט ווי אַ באַרג פון בענקשאַפט, איינזאַם אויף דער ערד דורך אַ טויזנט פרוכטלאָזע נעכט, אַ שייכות צום לעצטן מענטש אין מיליאָנען און טריליאָנען יאָרן אַרום. אַזוי גייט אָן, ווייזט אויס, דער קאָנטאַקט מיט די דורות אין דער געבער־מוטער פון דער נאַטור.

און אַלץ אין דעם וועלטאַל האָט אַ שייכות. און אַלץ איז געבונדן אין איין געטלעכן ריטם און פלוס. איין געוואַלטיקע מעלאָדיע נעמט אַרום דעם וועלט־רוים. און גאָרנישט איז אָפּצוטיילן איין געשעעניש פון דעם אַנדערן. איין קערפּער פונם אַנדערן, איין אַטאָם פונם אַנדערן, אַפילו ווען גאָט, דער אומגעהייערער מאַכטיקער געניוס פון דער נאַטור, וואָלט עס וועלן.

און וואַהין ציען דאָך די אַלע כוואַליעס? און פאַרוואָס דווקא אין איין ריכטונג? און וואָסאַראַ געוואַלטיקע בענקשאַפט טראָגט זיי כמעט אין דער לופטן, מיט אַזאַ איינהייטלעכן ציטער, ווי זיי וואָלטן שוועבן, ווי זיי וואָלטן באַזיצן פליגל פון שוים און פון לופט. און אַזוי, טראַכט איך, דער אייביק־רעפלעקטירנדיקער גייסט, דער וואָס שפּילט אין דער פאַר־שטעלונג פון דער וועלט זיין איינצעלנע ראָלע און ער קען גלייכצייטיק רעזאָנירן, איראָניזירן און באַטראַכטן אָט דאָס אומגעהייערע ספּעקטאַקל,

און אַזוי טראָגן מיר זיך אַלע, די גאַנצע ערד, אין איין ריכטונג — אין איין מיסטעריעזע ריכטונג אין דעם וועלט־רוים, אין קאַלאָסאַלע כוואַליע — דער גאַנצער וועלט־סיסטעם...

און אַזוי שטייענדיק און זיך איינהערנדיק אין דעם אומענדלעכן ריטם פון נאַטור, און באַגרייפנדיק די האַרמאָניע פון דער געטלעכער עקזיסטענץ, האָב איך זיך געוווּנדערט ווי אַזוי די מענטשן קענען לעבן אינגאַנצן אָן נאַטור. אָן דעם קאָסמישן געפיל. און ווי גוט עס איז מיר, וואָס איך קוש זיך יעדן טאָג מיטן הימל. וואָס איך נעם אַרום אָן ערלעכן, הערלעכן און געטרייען בוים מיט אַזוי פיל ליבשאַפט. און ווי דער ווינט באַרירט מיך מיטן אָטעם פון אייביקייט. און ווי אַזוי די לופט רייניקט און וואַשט מיך פיזיש און נעמט אַראָפּ פון מיר אַלע שלעכטע רייד, דורך וועלכע מיר גייען יעדן טאָג דורך, ווי דורך פייערן פון גהינום. ווי אַזוי רוים, דאָס רוימלעכע, באַפרייט פון קליינלעכקייט די נשמה. ווי אַזוי אָט דער קליינער שפּאַציר אין צענטראַל־פּאַרק האָט מיך באַפרייט און איך האָב אין דערווירקלעכקייט געמאַכט אַ שפּאַציר אין אַלע וועלטן.

די מענטשן פון אונדזער צייט און פון אונדזער שטאָט און לאַנד שפּאַצירן מער נישט. זיי וויסן נישט דעם סוד פון שפּאַציר און פון איינזאַמקייט. די טוריסטן באַזוכן אין די זומער־חדשים צענדליקער לענדער, מאָדערנע און אַנטיקע. די סאָלדאַטן אונדזערע פירן מלחמה אין ווייטע לענדער, אין אַזיע און איראָפּאַ, אינם באַלקאַן און אָריענט. די פליער פליען דורך קאָנטינענטן אין געציילטע שטונדן. אָבער איך זע נישט דעם איינדרוק, וואָס עס מאַכן אויף זיי פעלקער, קולטורן, ציוויליזאַציעס און וועלטן. זיי קומען אַהיים דערשלאָגענע אין גייסט. טרויעריקע אין געמיט. וועלט־פרעמד און מאָראַללאָז. זיי שיסן זייערע פרויען. זיי טויטן זייערע קינדער. זיי דערקענען נישט זייערע משפחות. זיי האַסן דעם מענטש.

אין די פריערדיקע צייטן האָבן מענטשן נישט געקענט דורכשפּאַנען די וועלטן מיט אַזאַ גרינגקייט. אָבער פון אַ קליינעם שפּאַציר האָבן זיי געלערנט חכמה. פון אַ שפּאַציר אין וואַלד האָבן זיי אַהיימגעבראַכט רעליגיעס, קולטן, לערעס און וויזיעס. אין פינצטערע נעכט האָבן זיי געזען די שטערן. אין אַ קליינעם שפּאַציר האָבן זיי אַנטדעקט וויסנשאַפטלעכע אמת׳ן. זיי האָבן שטענדיק געדענקט פון דער גרויסקייט פון מענטש. אין איינזאַמקייט זיינען צו זיי אויפגעגאַנגען געטער און הומאַניסטישע סיסטעמען. זיי האָבן שטענדיק געזאָרגט פון היילן דעם מענטש. זיי האָבן נישט געטראַכט, ווי די מענטשן פון אונדזער צייט, צו טויטן פעלקער און לענדער. צו פאַרוויסטן שטעט. חרוב צו מאַכן לענדער. צו פאַרוואַנדלען אין וויסטענישן אימפּעריעס.

די מענטשן האָבן געהאַט צייט. די מענטשן פון אונדזער צייט האָבן נישט קיין צייט. צייט איז דאָס גרעסטע רייכטום פון פעלקער. איבערהויפּט פון פּערזענלעכקייטן. צייט האָבן מיינט — דענקען. מיינט קראַטיוו זיין. מיינט שאַפן. מיינט רעזאָנירן וועגן דעם מענטש. מיינט צו וועלן לייכטער מאַכן זיין גורל. פעלקער וואָס האָבן צייט, זיינען גרויסע פעלקער. זיי לעבן גרויסע לעבנס. אַנטוויקלען גרויסע קולטור. צייט איז קולטור. ווי אַזוי אויסצונוצן צייט איז — קולטור. ווי אַזוי צייט צו געניסן, פאַרוואַנדלען אין געמיטלעכקייט, שיינקייט, אין סעודה און שמועס, אין טריאומף פון חכמה און קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש — אָט דאָס איז וויכטיק. האָבן צייט — מיינט זען דעם אַנדערן. העלפן דעם אַנדערן. זען ווי ער וויינט. וויסן ווען ער טרערט און ליידט. אַנטקעגנטראָגן דעם פריינט אַ שמייכל. אַ גוט וואָרט. אַ טרייסט. די עטישע, די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון מענטש צו מענטש. באַזיצן צייט מיינט פאַראַנטוואָרטלעכקייט צום מענטש. מיינט באַוואוסטזיניקייט פון דעם נעקסטן מענטש, פון דיין שכן.

די מענטשן פון אַמאָל זיינען געווען אַנאַלפאַבעטן! — זאָגט צו אונדז אַ פריינט. נו, איז וואָס? פון די שטומע מאַסן זיינען אַרויס ריזיקע פּערזענלעכקייטן. פון דער גרויסער פינצטערניש זיינען אַרויס הערלעכע מענער. אונדזערע נביאים זיינען אפשר געווען אַנאַלפאַבעטן. מאָהאַמעט האָט נישט געקענט שרייבן. שאַרלעמאַן איז געווען אַן אַנאַלפאַבעט. די מענטשן זיינען נישט געווען פאַרוואַלגאַריזירט פון אונדזער ציוויליזאַציע. ראַדיאָ, טעלעוויזיע, קינאָ, פּרעסע, ביליקע ליטעראַטור האָבן ביי זיי נישט צוגענומען די צייט צו טראַכטן, צו דענקען, צו זען, צו הנאה האָבן פון אַ פּשוטן בוים. פון גאָט׳ס שיינער וועלט. זיי זיינען געווען פּרימיטיוו־פריש. די אַנאַלפאַבעטן זיינען שטענדיק געווען באַוווסטזיניק פון קאָסמאָס. זיי האָבן געשאַפן. זיי האָבן געשניצט. זיי זיינען געווען אַרטיזאַנען. זיי האָבן באַזעסן טאַלאַנט. זיי האָבן באַזעסן פילאָסאָפיע. גייסט. גלויבן. זיי האָבן אומגעהייער און מעכטיק געגלויבט. — — — — — — — — — —

איך האָב איצט באַטראַכט די ריזיקע געביידעס לענגאויס דעם פּאַרק. וואָסאַראַ מענטשלעכע גראַנדיאָזיטעט עס דערהויבט זיך פון די גראַניטענע געביידעס. ווי מעכטיק זיי דערהייבן זיך צו די הימלען — אין געוואַלטיקער גרויסקייט! און העכער איבער זיי דערהויבט זיך דער עראָפּלאַן, דורך מענטשנדורות קאָנסטרואירט און פאַרפולקאָמט. דער מענטש דאָרטן וואָס זיצט אין אים, זיך טראָגנדיק מיטן עראָפּלאַנ׳ס שווונג, איז עס מעגלעך אַז ער זאָל זיין בלינד און נישט זען אַ געוואַלטיקע פּאַנאָראַמאַ פון דער ערד?! זעט ער דען נישט אַ העכערע וויזיע ווי איך? דערהייבט

ער זיך דען נישט אין גייסט, געוואַלטיק, ווי אַ נביא מיטן בליק געשטרעקט איבער די קאָסמישע רוימען און צייטן? —

איז עס מעגלעך אַז דער מענטש וואָס האָט די מעגלעכקייט צו אומפאַסן מיט זיינע אויגן די גאַנצע פּאַנאָראַמאַ — זאָל בלייבן בלינד צו איר? זאָל נישט אימשטאַנד זיין צו זען גאָט'ס אומגעהייערע שיינקייט און גרויס־קייט? איז עס מעגלעך, אַז דער מענטש, אין מיטן פון רוים, זאָל נישט משוגע ווערן פון באַגייסטערונג פאַר דעם אומגעהויערן וועלטאַל? אַז ער זאָל פאַרבלייבן טעמפּ אין דער דאָזיקער געוואַלטיקער איבערלעבעניש און עס זאָל פון זיין האַרצן נישט אַרויסשטורמען אַ וווּנדערלעך קאַפּיטל תהלים...

אין נאַטור קומען מיר צוריק צום געטלעכן. צום אורשטאָף פונוואַנען מיר זיינען געמאַכט, מיר, שטערבלעכע אומשטערבלעכע.

און, שוין אַרויסגייענדיק, שטיי איך ביי אַ קוואַל, פון מענטשנהענט געמאַכט, וואָס איז איצט נישט קוועלנדיק, זומערצייט, אין דער גאָלדענער זון, ווי פלעגט ער מיט אַ דינעם, שאַרפן וואַסערשטראָם לויכטן אַנטקעגן. וואַסאַראַ דינע, צאַרטע און ווונדערלעכע מיידל־ליפּן האָבן זיך צו אים שמאַכטנדיק געצויגן. ווי ער האָט אַמאָל הערלעך געשטילט דעם דורשט פון בלייכע, לופטיקע, גרינגע קינדער, מיט הערצער ווי בלומען, מיט בלויע אָדערן אויף די ליבע, דעליקאַטע פּנימער, טראַגנדיק רויטע בלוט־שטראָמען, צום האַרץ און פון האַרץ.

איך בין אַרויסגעגאַנגען פון פּאַרק, אַ געשטאַרקטער, אַן אָפּגעוואַשע־נער אין מיין גייסט, און, באַלויכטן מיט אַ באַטעריע פון אייביקייט אין מיין זעל...

ניו־יאָרק, 1 מערץ, 1944.

## דער פּאָרטרעט פון אַ פרוי

עס איז שפּעט ביינאַכט. דין, ווי אַ קינזשאַל, שניידט זיך די לבנה צווישן די וואָלקנס — אַ ליידענדע, אַ טראַגישע פרוי... איך און מיין בלייכע, ציטערנדיקע פריינדין, מיר גייען מידע איבער ניו־יאָרק'ס גאַסן. פּלוצלינג — אין דער פינצטערניש, טויכט אויף דער פּאָרטרעט פון אַ פרוי. זי קוקט גאָלדן אַרויס פון אַ פאַרגילדעטער, אַלטער ראַם, וואָס איז אויסגעשטעלט צווישן שטויביקע ביכער, ברודיקע גאָלד־בעכערס, בערגלעך מיט פּערל און צעבראָכענע, פאַרלאָשענע קאַנדעלאַברעס. עס איז אַ גליענדיקע אויל־מאָלעריי. אַן אַלטער פּאָרטרעט, ווער ווייס אין וועלכן יאָרהונדערט ער איז דורך אַ פאַרליבטן מאָלערס הייסע האַנט געמאָלן געוואָרן? נאָר די דאַמע איז געבליבן יונג. אַ ברייטע דעקאָלטע ווייזט איר מאַסיוון, ווייסן, לבנה'דיקן האַלדז. און די האַלבע בריסט — אויפגעדעקטע, פולע, זיך רייסנדיק

פון דעם העמד אַרויס מיט דער פולקייט און רייפקייט פון פרילינג. די פרישקייט פון איר לייב, פון איר זילבערנער הויט, פון אירע גאָלדענע, זאַפטיקע בריסט, לייכט אַרויס ווי פון דעם אָפּגרונט פון צייט. די שוואַרצע סאַזעס פון דער נאַכט קענען נישט פאַרטונקלען די הערלעכע דערשיינונג. און די גאָלדענע האָר, זיי ליגן נאַכלעסיק צעוואָרפן איבער אירע בלאַסע שולטערן, שטיקער לאָקן אין בראָנדז, שטיקער סאָלידע ליכט. און זי איז אַרומגעצירט מיט לויכטנדיקער, מיט פינקלענדיקער ביזשוטעריע. אין דער נאַכט לויכטן די גאָלדענע שטיקער גאָלד אויף איר ווייבלעך, עלעקטריש־צעלויכטן לייב. איז זי אַ פירשטין, וואָס שמייכלט אַזוי צעפרידן אין דער אייביקייט אַריין? פון דער פינצטערניש פון צייט לויכט זי אַרויס — אַריינקוקנדיק מיט אירע גרויסע שיינע, לעבעדיקע אויגן אין אַ צווייטער פינצטערניש פון צייט. און מיר, די דורכגייער, בלייבן שטיין, מיט אונדזער שטערבלעכקייט, און מיר באַוווּנדערן דאָס שטערבלעכע ווייב ,די מאָדעל, וואָס איז געוואָרן דורך אַ קינסטלערס האַנט אומשטערב־לעך... מיין פריינדין פילט זיך לייכט געקריוודעט... די אייפערזוכט האָט באַרירט איר יונגפרויאיש האַרץ...

אין אַ צווייטן ווינקל זעט זיך דער פאָרטרעט פון דער מאָנאַ ליזאַ... ביטער שמייכלט זי אַרויס פון דער גאָלדענער ראַם פון צייט... אַ שוועסטער פון דער עלעקטריש־צעלויכטענער פרוי? אַן אינטערפּרעטאַציע, אַ רמז צו דער ערשטער? אפשר איז זי אויך אייפערזיכטיק, ווי מיין צאַרטע, גילדערנע פריינדין, אויף דער שיינקייט פון דער אומבאַקאַנטער דאַמע... ווער ווייסט... אין דער נאַכט שפּאַצירן מיר דורך די גאַסן... און די לבנה, שטאַרק אָפּגעצערט אויף איר איידל פּנים, שניידט די וואָלקנס ווי אַ ראַזיר־מעסער. זי גליטשט זיך אין דעם מאַרמאָר־ים פון וואָלקנכוואַליעס...

ניו־יאָרק, פעברואַר 25, 1944.

## די מצבה און די פערד גנבים

ווי אָפט דערמאָן איך זיך אין דער סצענע, אין פולאַוו, וואָס איך גיי איצט באַשרייבן. —

עס איז געווען אַ זוניקער טאָג אין פרילינג. די בלאָטעס האָבן זיך אויסגעטריקנט. און אויך אויפן הימל, האָט זיך געדאַכט, טריקענען זיך אויס די בלאָטעס, די טיפע וואָלקנזומפּן. איבערנאַכט האָבן זיך דיביימער — טונקעלע, אויסגעדאַרטע, באַצויגן מיט פליייש, מיט גרינער הויט, און זיי האָבן ווי געאָטעמט, געשוועבט און געטאַנצט אין דער זון. און איך בין געווען קליין ,אַ קליין אינגעל, וואָס האָט צו יענער צייט נאָר־וואָס אַנטדעקט די וועלט, איר שיינקייט. די וועלט האָט זיך אָפּגעדעקט פאַר מיר ווי אַן אומגע־

ווײַנלעכע דעקאָראַציע. און יעדן טאָג האָבן זיך באַוויזן נײַע לאַנדשאַפֿטן. נײַע מענטשנמאַסקעס. נײַע אימפּרעסיעס.

איך געדענק גוט יענעם שײנעם פֿרילינגסטאָג. הויך האָט זיך אויפֿגעהויבן די זון אין יענעם גרויסן טאָג, פּונקט ווי דער פֿרילינג וואָלט איר געגעבן שווונג און כּוח זיך הויך אויפֿצוהויבן איבער דער ערד, ווי אַ גאָלדענער פֿויגל, און מיט איר האַרץ אַלץ צו באַלויכטן. און איך בין געווען שיכּור פֿון פֿרילינג.

נעבן אונדזער הויז האָב איך פּלוצלינג דערזען ליגן אַ ריזיקן שטײן, אַ מצבֿה. און אויף איר זײַנען געזעסן די קלײנשטעטלדיקע גנבֿים און טרערס. איך האָב זײ אַלע גוט געקענט. יעדער אײנער פֿון זײ האָט געהאַט זײַן טונקעלע פֿאַרגאַנגענהײט. לעגענדעס האָבן זײ אַרומגערינגלט. און די מצבֿה — זי איז געווען באַשטימט פֿאַרן קבֿר פֿון אַ יונגע פֿרוי, וועלכע איך האָב נישט געקענט. די פּערדס־גנבֿים זײַנען געווען אין דער בעסטער פֿון זײערע שטימונגען. די פּאָעטישקײט פֿון דער נאַטור האָט זײ גערײצט. די אינסטינקטן האָבן זיך בײַ זײ צעשפּילט. די עראָטישע פֿאַנטאַזיע האָט זיך געצונדן. און דער קאַלטער, רויער גראַניט, וואָס איז געלעגן שווער פֿאַראַנקערט צו דער ערד, האָט זיך געטוליעט צו דער פֿײַכטער, אויפֿגעוואַכטער און גרינער ערד, וואָס האָט אין זיך אָנגעהויבן צו פֿילן אירע אורגעפֿילן, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אין זיך רעמיניסענסן פֿון אַ טריליאָן יאָר לעבן. דער גרויסער, שטומער און גרויער שטײן האָט כּסדר געוועקט אין די מוחות פֿון די געזונטע און מעכטיקע טרעגער רעמיניסענסן פֿון דער פֿרוי, דער יונגער פֿרוי ,וואָס איז געווען אַזוי שײן, וואָס איז ערשט מיט אַ יאָר צוריק געווען רונד און נאַקעט אונטער אירע קלײדער, ווי הײנע וואָלט זיך אויסדריקן, און וואָס האָט געאָטעמט די פֿרילינגדיקע לופֿט און געטרונקען באַקאַלן מיט שוימיקן און גליענדיקן זון־ליקער... די דאָזיקע יונגע פֿרוי איז דאָ פֿאַר זײערע אויגן געשטאַנען, אַ שטראַלנדע, אַ נאַקעטע, אַ פֿון גאָט־געקושטע און פֿון גאָט־אַנטבלויזטע...

איך האָב געהערט אין יענעם שײנעם פֿרילינגס־טאָג אַ סך מיאוסע רײד וועגן דער פֿרוי. די פּערד־גנבֿים זײַנען געווען געמײן און וווּלגאַר. און זײ זײַנען דאָ געזעסן, שווערע ,ריזיקע גאַרגאַנטואַס, און זיך געוויצלט אויפֿן אַדרעס פֿון דער אומבאַקאַנטער, געהײמנישפֿולער פֿרוי, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ זינדיקע. און זײ האָבן דערצײלט וועגן דער יונגער פֿרוי, ווי שײן זי איז געווען און ווי זײ האָבן איר באַגערט. און אַפֿילו אין זײערע געמײנע רײד איז די פֿרוי אַרויסגעקומען אַ לויכטנדיקע. אַפֿילו דורך זײערע רײד האָט געטלעך געלויכטן די פֿרוי. האָט די פֿרוי זיך אַרויסגעזען מיט איר גאָלדיקן נאַקן און גאָלדענע כוואַליעס האָר, ווי שטיקער צעשמאָלצע־

נער קופּער, זיך כוואַליענדיק אין דער לופט. זיי האָבן נישט געקענט מיאוס מאַכן דאָס וואָס גאָט האָט אַזוי שיין געמאַכט... — — —

פּונקט אַזוי האָט דער מעלאַנכאָלישער פּרינץ האַמלעט זיך צוגע־קוקט צו די באַגרעבער, וואָס האָבן זיך ברוטאַל געוויצלט, ברוטאַל און נאַטוראַליסטיש, איבערן שאַרבן, וואָס האָט ווידער אויפגעטויכט אויף דער ערד, ווי אַ לבנה, נאָך אַ שרעקלעכן שטורם. אַזוי איז מיין האַרץ דעמאָלט געווען, ווי דעם יונגן פּרינץ האַמלעט'ס האַרץ, פינצטער און פאַרבלוטיקט פון מעלאַנכאָליע... איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין די קעגנ־זייטיקע שייכות פון די דערשיינונגען; דער גרויער, דער קאַלטער מצבה־שטיין, וואָס וועט שטיין אין דער זון אַ סך הונדערטער יאָרן, בשעת די שטילע, הערלעכע און יונגע פּרוי, וואָס האָט מיט יעדער פּאָר פון איר הויט ווירקלעך געטרונקען די זון־וויינען, זי זאָל ליגן אין דר'ערד. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין דעם ברוטאַלן נאַטוראַליזם פון די רייד פון די טרעגער, וואָס וואָגן צו וווּלגאַריזירן אַזאַ טרויעריקע סצענע, זיצנדיק פעסט פאַראַנקערט אויפן שטיין. און ווי אַזוי עס פּאַרט זיך דער שיינער פרילינגס־טאָג מיטן טויט, מיט דעם אַלץ פאַרגענגלעכן און האַרבסטיקן, מיט דעם אַלץ פאַרגייענדיקן. איך האָב דאָס נישט געקענט באַגרייפן. — — —

יאָרן זיינען פאַרביי. איך האָב געלייענט די וועלט־ליטעראַטור. און כ'האָב זיך אָנגעטראָפן אויף די דאָזיקע צינישע און גראָטעסקע סצענעס אין דער וועלט־ליטעראַטור. אין דעם שוין דערמאָנטן „האַמלעט". אָבער אָפט, ווען די פרילינגס־טעג ברעכן אויס מיט גרויסע פויקן און טראָמפּעטן, ברעכן אויס ווי ריזיקע אָרקעסטערס, דערמאָן איך זיך אין דער סצענע אין דעם קליינעם שטעטל פּולאַווי. עס איז אַ סצענע, וואָס איז די אָוּוערטיורע, דער לייט־מאָטיוו צו מיין גאַנצן לעבן. עס איז אַן אומגעהייערע סצענע, פון וועלכער איך וועל שוין קיינמאָל נישט פריי ווערן. און ווען איך זע גרויען גראַניט, דערמאָן איך זיך אין דעם יונגן לייב פון פרויען, וואָס פוילט אין דר'ערד... עס איז אפשר דערפאַר וואָס סקולפּטאָרן זוכן פאַרצווּשטעלן דאָס לעבן — אין סאָלידן גראַניט. ווייל אין אָט דעם נאַטור־מאַטעריאַל איז דאָס פלייש ווייניקער שטערבלעך. עס קען דערפאַלגרייך קאָנקורירן מיטן מענטש, וואָס איז סענסיטיוו ווי די זון און צעשוימט זיך ווי דאָס ליכט פון דער זון אין דער אומענדלעכקייט... און דאָך האָט אָט דער סענסיטיוער, שטערב־לעכער מענטש אויפגעשטעלט אייביקע ווערטן און וועלטן... און דאָך איז דאָס מענטשלעכע לעבן דויערהאַפטיקער ווי מאָנומענטן פון אייזן און פון בראָנדזע...

ניו־יאָרק, אַפּריל 11, 1944

# דער פּאָרטרעט פון אַ מאַן

דער פּאָרטרעט פון אַ מאַן, שמייכלענדיק מיט זיין פלאַמענדן געזיכט. באַטרונקען מיט פייער.

איז עס אַ פּאָרטרעט פון וועלאַסקעז? אָדער פון פראַנץ האַלס? אָדער פון אַן אַנדער מאָדנעם, ראָמאַנטישן קינסטלער, אַרויסגעבראַכט אין אַ נער־וועזן יאָרהונדערט — אָדער אין שטילקייט פון אַ צייט, וואָס רוט זיך רואיק אָפּ נאָך אַ גרויסער מלחמה, ווען די ערד פאַרציט געלאַסן און זאַכט טויזנטער קברים פון יונגע מענער „הערויאישע אין קריג געפאַלן"?!

דער מאַן קען זיין קאָלאָמבוס מיט זיין מעלאַנכאָליע און זיין אייזערנעם ווילן; קאָלאָמבוס וואָס שפּאַנט נערוועז אַריבער דעם ברייטן אָקעאַן, זוכנ־דיק די פּאַלמענשפּיצן פון דעם אַלטן לאַנד אינדיע און געפינענדיק די ברעגן פון יוקאַטאַן, אַ לאַנד פון אינדיאַנער, אַ קאָנטינענט וואָס וועט שפּילן אַ גרויסע העלדנראָלע אין דער צוקונפטיקער דראַמע פון פעלקער.

דער מאַן קען זיין דר. יאָהאַן פּאַאוסט, פאַרקויפנדיק זיין דורשטיקע און ראָמאַנטישע נשמה צום טייוול, פאַר דעם זיסן פאַרגעניגן פון שטערב־לעכן פלייש. דער מאַן איז פּילייכט דר. פּאַאוסט, וואָס קוקט אַרויס פון מיטלאַלטער מיט זיין טרויעריקן פּנים, ווען צו אים שמייכלט דער טייוול אין רויטן, מיט די שטראַלנדיקע הערנער אויף זיין קאָפּ.

דער מאַן קען זיין בייראַן מיט זיין סאַרדאָנישן שמייכל, לאָמענדיק אויפן לינקן פוס, ווען זיין אַפּאָלאָ־מאַסקע שטראַלט מיט טויזנט ליכט און טונקלט מיט טויזנט שמערצפולע שאָטנס. אָדער איז עס סערוואַנטעס, דער לעצטער גרויסער ריטער, דער לעצטער ראָמאַנטיקער, וואָס האָט פאַרלוירן זיין האַנט ביי דער שלאַכט פון לעפּאַנטאָ און ער זוכט אין זון־אונטערגאַנג אויף די פעלדער פון זיין היימלאַנד — דולציניייען... די אויס־געטראַכטע... און ער גייט אַרויס פון טורמע, דער אַנגעצונדענער ראָמאַנ־טיקער דאָן קיכאָט, מיט דער פאַרזשאַווערטער שווערט און דעם ליידענדן טרוימער'ס האַרץ...

די מאַסקע פון אַ מאַן — פולע, פולקאָמענע, שטאָלצע מאַסקע. די אייזערנע מאַסקע פון אַ מאַן וואָס האָט געלעבט און געשטריטן. מען קען דערקענען אין דעם ציטער פון די דינע ליפּן אַז ער האָט געפאָכטן דועלן. אַז ער האָט געקעמפט פאַר ליבע מיט מוט.

ווי אַ פיגור פון רענעסאַנס־פעריאָד, מיט אַ מעכטיקן, פולבלוטיקן קער־פּער און אַ גרויסע נשמה, גרויסמוטיק צו פריינט — מיט וויין און מיט גאָלד... מען זעט אַז אין זיינע אָדערן, אין וועלכע עס שטראָמען בלוטיקע

שטראָמען ווי פייער, שטראָמט פריינטשאַפט און ליבע, שטראָמט חכמה און דאַנקבאַרקייט.

עס איז די מאַסקע פון דעם אייביק־קרעאַטיוון מאַן, דעם אַקטיוון און היסטאָרישן מאַן פון הומאַניטעט, דעם העלד פון אַלע אַנטיקע און שעקס־פּירישע דראַמען... דאָס סימבאָלישע געזיכט פון אַלע פּאָרטרעט־העלדן... געזען אין אַלע דורות...

עס איז די פּראָמעטעאוס־מאַסקע פון דעם מאַן וואָס שאַפט און בויט, וואָס רייסט אָפּ שטיקער פלאַמען פון׳ם אייביקן געטלעכן פייער און שליי־דערט עס צו די מענטשן. עס איז דער פּראָמעטעאוס פון אַלע דורות — דאָ שטייט ער און דאָ קוקט ער אַריין אינ׳ם תהום פון געשיכטע. דאָ דערמאָנט ער זיך די פאַרגאַנגענהייט פון דער מענטשהייט און דאָ זעט ער פאָרויס אַלע דראַמאַס פון דער צוקונפט. גאָט האָט צו אים, ווי צו אדם, געוויזן אַלע דורות... דעמאָנסטרירט אַלע קאַטאַסטראָפעס און מלחמות...

און דאָך ציטערט אַ באָקאַל מיט שוימיקן וויין אין זיין האַנט. ברעכט איר זיך, ליידן, ווי אייזערנע שטאַבעס אויפן רוקן פון דער מענטשהייט... גייט דורך, אירע שטורעמס, איבער דער פלייצע פון גענעראַציעס וואָס גייען ווי פלאַמען אַרויס פון דער ערד כדי צו עפענען אַ שלאַכט צו גאָט און גייען צוריק ווי די כוואַליעס זיך לעגן איינס ביי איינס אינ׳ם שטורמישן אָפּגרונט. איך אָבער טרינק מיין וויין, איך בוי מיר מיין נעסט, איך האַמער אויס מיין היים, איך צינד אָן דעם גאָרטן מיט בלומען, איך בוי איינזאַם און טראַגיש און שטאָלץ מיין קעניגרייך... איך בין מענטש. איך פאַרצווייפל נישט, איך בין אייביק ווי דו, גאָט! איך בין דיינס גלייכן! — — —

דער פּאָרטרעט פון אַ מאַן — אפשר איז עס דער פּאָרטרעט פון היינריך היינע, סאַרדאָניש און שמייכלענדיק, ביטער און ראָמאַנטיש, אַן אור־אייניקל פון די נביאים — מיט אַן אנגעצונדענעם האַרץ וואָס שלאָגט פאַר פריי־הייט... צי גאָר איז עס דער פּאָרטרעט פון ר׳ שלמה איבן גבירול — קראַנק און שמערצפול, מיט זיין טראַגיש־שטאָלצער מאַסקע — אויפלויכטנדיק אין ליבע צו גאָט...

דער פּאָרטרעט פון דעם מאַן דורך די צייטן — פון דעם מאַן פון געניוס...

ניו־יאָרק, יולי 16, 1944.

## איר טרויער קען נישט פאַרגאַסן ווערן . . .

זיי גיסן אין איר אַריין וויין און ביר און אַלע זיסע און ביטערע געטראַנקען; נאָר אירע בלויע אויגן זיינען פאַרגאָסן מיט טרערן און

איר שטימע שעפּטשעט כסדר אַ נאָמען, אַ נאָמען פון אַ מאַן, וועלכער איז מיט צוויי חדשים צוריק געשטאָרבן. קיינער פון דער קאָמפּאַניע פון מענער קען נישט דעם מאַן און מען מיינט אַז אַזוי ווי קיינער קען נישט דעם מאַן, קען זי אים אויך נישט. נאָר זי טראָגט אים אַרום שמערצ־פול אין איר פאַרבלוטיקטן האַרצן אַזוי ווי אַ גריזשענדיקע שלאַנג. ווער ווייסט וויפיל מאָל זי האָט זיך מיט אים געקריגט און געהאַלדזט, געשלאָגן און געקושט... ווער ווייסט וויפיל מאָל ער האָט זי, ווי יענער אַפּאַש, געוואָרפן פון זיין האַלדז אַרונטער, געזערגט צו דער ערד, און זי ווידער אויפגעהויבן פון דער ערד און זי געדריקט צו זיך מיט זיינע שטאַרקע, האָריקע לאַפּעס, ווי בלעטער פון אורביימער...

סוף כל סוף ווייסן מיר דאָך נישט ווי אַזוי ער האָט איר באַהאַנדלט. דער ברוטאַלסטער מאַן גיט זיין ווייב נעכט פון גוטסקייט און צערט־לעכקייט. פון זיסער און פון פיינפּולער זינד. און די דאָזיקע נעכט, ווי די שוואַרצע פּערל, געדענקט זי, ווייזט אויס, איצט. און דאָס ביר און דער וויין, ווי זיס און ווי ביטער עס זאָל נישט זיין, רופט אַרויס יענע זיסע און ביטערע דערינערונגען. די ביטערע דערינערונגען ווערן אויך זיס, ווייל איינגעהילט אין דעם טראַגישן צויבער פון דאָס פאַר־גאַנגענע. אַלע זאַכן פון דער פאַרגאַנגענהייט ווערן ליריש און דעליריש און פול מיט דער ראָמאַנטיק פון זון־אונטערגאַנג.

די קרעפּטיקע מענער טרינקען פיל און וואַרפן פּאָרנאָגראַפישע וויצן און שלעכטע רייד צו איר פּנים. עס פאַלט אַזוי ווי אַ ברודיקער שניי צו איר געזיכט וואָס טרויערט אײדל. נאָר זי, זי עמפּאַנגט זיי נישט, די פינצטערע, די שלעכטע תאווה־רייד. דער טרויער פון איר פּנים איז ווי אַ פּעך־שוואַרצע מאַסקע. די רייד באַרירן נישט אַפילו אירע ברעמען, איר שפּיץ־נאָז. זיי קלאַפּן זיך אָן אין דעם פאַרצעליי פון איר פּנים, ווי האַרבסט־בלעטער אין דער פייכטער שויב, און זיי פאַרשווינדן צוריק. זיי צעברעכן זיך. שטאַרקער ווי די דאָזיקע קרעפּטיקע, צו זינד־ציענדיקע מענער, איז דער טויטלעכער שאָטן פון איר מאַן. עס קען זיין אַז שפּעטער וועט ער אָפּגעמעקט ווערן. עס קען זיין אַז זיין ווירקונג וועט שוואַך ווערן. נאָר היינט זיצט ער דאָ פעסט פאַראַנקערט ביים טיש. ביים הילצערנעם טיש — צעקראַצט און צעשניטן פון ליבע־פיילן און פון הערצער... פון פּאָרנאָגראַפישע צייכנונגען... ער זיצט דאָ, צווישן אונדז, איך פיל זיין אָנוועזנקייט, און ער היט אָפּ די דאָזיקע שלאַנקע, מיט סימנים פון אַמאָליקער שיינקייט בלויאויגיקע פרוי. זי איז אין זיין לעבן די איינציקע. ער היט זי שטאַרק אָפּ. זי קען אים נאָך נישט פאַראַטן. זי איז נישט ווי יענע פרוי וואָס וויינט אונטער איר גע־

האַנגעגעם מאַן, וואָס הוידעט זיך אומהיימלעך אין ווינט, ווען דער האַרבסט־ווינט שפּילט מיט זיין בלויע צונג. און שפּעטער, אין דער אונהיימלעכער נאַכט, ליגט זי אין דעם סאָלדאַט׳ס אָרעמס... זי איז נישט ווי יענע... און דער ביר און דער וויין איז היינט מאַכטלאָז קעגן אַ שאָטן...

קעגן אַ מאַן פון שטויב און פון ווינט... און, ווי אַ פּאַנצער, שטאַרקער פון אייזן און פון קופּער, וויקלט זיך די פינצטערע טרויער־פּעלערינע אַרום איר... ווי אַן אייזערנער פּאַנצער...

ניו־יאָרק, 2 אויגוסט, 1944.

## דער יאַפּאַנישער בוים

איך בין דורכגעגאַנגען דעם פּאַרק; ס׳האָט גאָט איבערנאַכט אַריינגע־קושט אין אַלע ביימער זיין גרינע ליד. און דער יאַפּאַנישער בוים, אַ פּורפּורנע לאַטע אויפן גרינעם האָריזאָנט, האָט ווייך און ווייבלעך גערוישט. איך האָב געטראַכט: קען עס זיין אַ יאַפּאַנישער בוים? קען מען פיינט האָבן דעם בוים ווייל ער קומט פון יאַפּאַן? איך האָב נישט געוווסט וואָס צו טאָן. אַ יונגע פרוי איז דערשינען. דער גאַנצער פּאַרק האָט איר געווידמעט אַלע זיינע בלומען — זיין גאַנצן פּאַרפיום. נאָר איך בין געווען טרויעריק. פון מיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן. איך האָב זיך געוואָלט באַהאַלטן אין שאָטן. איך האָב געוואָלט פאַרזונקען ווערן אין דר׳ערד, ווי קורח. די זון האָט מיך אָנגעטאָן אין גאָלד. עטלעכע מיידלעך האָבן זיס געזונגען, ווי אַ כאָר פון סירענען. עס זיינען דיזעלבע מיידלעך, וואָס האָבן פון דעם כישוף־אינדזל געזונגען צו אָדיסייען, ווען ער האָט געמאַכט זיין באַרימטע, זיין האָמערישע רייזע. און אויך צו דעם יונגן, פּעסימיסטישן פאַוסט האָבן זיי געזונגען, נאָך איידער ער האָט זיך באַגעגנט מיטן טייוול. און צו מאַנפרעדן, דעם איינזאַמען גראַף, וואָס האָט צווישן די אַלפּן געזוכט אַן אָפּגרונט, וווהין צו פאַרזינקען; מאַנפרעד — דער שטאָלצער שאָטן פון לאָרד בייראָן... אַ טרויעריקער בין איך געגאַנגען דורך דעם פרילינגדיקן פּאַרק. דער כאָר פון מיידלעך האָט געזונגען ווי אין אַן אָפּעראַ. —

## אַ הויז

איך בין דורכגעגאַנגען אַן אַלטע הויז. איך ווייס נישט ווו דו ביסט — נאָר דאָרטן ביסטו שוין מער נישטאָ. עמעץ האָט געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ, פּונקט דיין באַליבטע ליד, די מעלאָדיע פון פּערגאָלעזע. איך האָב געזוכט אין די פענצטער־ראַמען דיין קלאַסיש־בלייכע געזיכט. דעם צאַרטן בלענד פון דיינע גאָלד־האָר, צעכוואַליעט אויף דיינע אַקסלען. נאָר דו ביסט אין

די פענצטער־ראַמען נישט געווען. אַ, וואָלט איך געקענט אַריינגיין אין הויז; כ'וואָלט פון די קאַלעכדיקע לישייעס פון די ווענט דיך אַרויסגעצוי־בערט. איך וואָלט אין דעם בראַנדזענעם זשאַווער פון די שפּיגלען דיך דערזען — אין אַ פילפאַרביקן שאָל פון בין־השמשות געהילט. איך וואָלט דיך געפאַנגען פון דער לופט אַרויס, דיך סאָליד געמאַכט, דיך געלאָזט שטיין אַ ווײַלע, און אַריינגעקוקט אין דער גאַנצער טיפקייט פון דײַנע לבנה־גאָלדענע אויגן — אויסגעשניטן פון דעמערונגס־גאָלד. די אייזערנע טירן זײַנען געווען געשלאָסן. אַ קאַלט מענטשנגעזיכט האָט ענדלעך אַרויס־געקוקט, ענלעך צו עדגאַר עללען פּאָ'ס פּנים, און איך האָב געהערט ווי זײַנע ליפּן בלויע שעפּטשען:

„נעווערמאָר! נעווערמאָר!..."

# אַ מיידל אין באַגינען

ס'האָט אַ פרײַנט מיר צוגעשיקט פון פּאַריז אַן אַלבום מיט בילדער פון די נאַצי־מאָרדן. איך מיש ציטערנדיק די בלעטער און איך בלייב שטיין ביי אַ בילד. עס איז אַ זוניקער באַגינען. אויף טראַמפּעטן פון ריינעם גאָלד בלאָזן זוניקע העראָלדן אויס דעם וווּנדערלעכן טאָג. נאָר וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס שטייען דריי מענטשן, דינע און אויסגעהונגערטע, דערשאָסן צו ווערן אין דאָזיקן זוניקן פרימאָרגן?

די ביקסן פון די אייזערנע מענטשן, מיט אייזערנע הערצער, זײַנען געצילט אַנטקעגן די דריי פיגורן. אַנטקעגן וועמען? אַנטקעגן צוויי דינע אינגלעך און אַ מיידל. איך באַטראַכט דאָס מיידל. די הענט, די קאַלעך־בלייכע הענט געקרייצט, ווי צוויי בלומען, ווי אַ בוקעט מיט בלומען. די פיס — אין ווייסע זאָקן, אין ווייסע פאַנטאָפל. דאָס מיידל קוקט גלייך צו די מערדער אין די אויגן. און דאָס פעלד מיט גרינס און מיט בלומען שפּרייט זיך צו זייערע פיס, באַגאָסן פון דער זון. דאָס מיידל איז אַזוי שיין. וואָלסט וועלן איר אַ קוש טאָן. מיט וואָס קענסטו טרייסטן אַ יונגן לעבן וואָס גייט אַוועק פון דער ערד? וואָס גייט אַוועק אין זוניקן פרימאָרגן דעם פינצטערן וועג פון דער אייביקייט.. ווען צו אירע פיס ציען זיך אַלערליי גילדערנע בלומען...

עס איז נישטאָ קיין שטראָף גרויס גענוג פאַר אַ פאָלק וואָס גייט טויטן די נאַטור, דאָס לעבן, די לאַנדשאַפט, אַ יונגע, בליענדיקע מיידל... עס איז נישטאָ קיין שטראָף גענוג פאַר אַזאַ מערדעריש פאָלק, וואָס האָט זיך פאַר־גומען אומצוברענגען דאָס לעבן פון דער ערד — די פרייע אַנטוויקלונג פון פעלקער — דעם ריטם פון אַלץ וואָס לעבט...

## דער פּאַרק איז רייף...

די רויזן זייַנען שוין טיף פאַרוויאַנעט אויף די שטעכנדיקע רויזנבוימער. יעדער בוים — אַן אָנגעצונדענע קאַנדעלאַברע פון גאָלד און פון בראָנדזע. דער גאַנצער פּאַרק איז רייף — צום טויטלעכן רועָן. עס שמעקט מיט רייפקייט פון יעדער בלאַט. די גאַנצע נאַטור איז געקומען צום גראַנד־פינאַל. עס דאכט זיך אַז דו הערסט אַ פייערדיקע אָרגל־מוזיק פון אַ גרויסאַרטיקן טעמפּל, פון קילן מאַרמאָר, צווישן די בראָנדזענע בוימער. אַ פרוי זיצט אויף אַ באַנק, ווי באָטיטשעלליס „ווענוס״. דו נעמסט שמערצפול אַראָפּ פון איר די קליידער. דאָס זיידענע העמד. און אין קילן מאַרמאָר ווערט זי פאַרוואַנדלט. די לאַנגע צעפּ אויף די בריסטן, ווי צוויי שלאַנגען וואָס זויגן אירע בריסט. עס איז סימאָנעטאַ, די געליבטע פון באָטיטשעללי, וואָס האָט פאָזירט פאַר אים זיין גאַנץ לעבן, אַפילו ווען זי איז שוין געווען טויט. זי איז מינערוואַ. זי איז די בלאַסע, טראַגישע און הייליקע דאַמע פון פיליפּאָ ליפּי און פון זשירלאַנדאַיאָ; דו דערקענסט זי, אַן איינגעהילטע אין טרויער, אין אַ וואָל פון שמערץ — אויף די קאָלירנרייכע בילדער פון די געטלעכע פלאָרענטינער; גאָטשאָלי, פּאָלאַיאָלאָ, פּינטוריטשאָ און פּערו־זשינאָ. זי איז בלייך און ראָמאַנטיש אין די מאָלערייען פון דזשיאָרדזשיאָנע און טיציאַן... די דאָזיקע מוזע פון אַלע דיכטער, די דאַמע פון אַלע מאָלע־רייען, זיצט דאָ אַן איינזאַמע... אין טרויער איינגעהילט... זי איז די באַ־גלייטערין פונם דיכטער...

די שענסטע פרויען לעבן און גיבן זיך איבער צו די גראָבע לייט. סאָלדאַטן און דעגענעראַטן געניסן די הייליקע ווענוסעס פון אונדזער צייט. די שענסטע גופים ווערן איינגעבויגן דורך ברוטאַלע יונגען. די שענסטע שיינקייטן פאַרגייען, ווי זון־פאַרגענגלעכקייטן, אין די אָרעמס פון פרעכע יונגען, וואָס קענען זיך אַפילו צו זייער שיינקייט נישט בוקן און נישט קניען אין הייליקער תּפילה. בלויז פונם שמייכל פון אַ בעאַטריטשע גליט דער פּאָעט אַ גאַנץ לעבן אין אַנגעצונדענער ליבע...

דער פּאַרק איז רייף ווי אַ רייפע פלוים. גרייט צום אַראָפּפאַלן צום אמת פון דער ערד. אַלץ איז געמיינזאַם צוגעקומען צום טראַגישן פינאַל. אַלץ איז רייף געוואָרן צום שטאַרבן. אַלץ איז צוגעקומען צו אַ פולקייט, צו אַ האַניקדיקער געלבקייט און, עס איז נאַטירלעך צוצופאַלן אין די אָרעמס פון דער ערד, פונוואַנען אויס אַלץ שטייגט אויף צום לעבן, אַזוי ווי טייכן וואָס פאַלן אין ים אַריין, פונוואַנען זיי גיסן זיך אַרויס מיט אַזאַ לוסט און שטורם...

ניו־יאָרק, אויגוסט 29, 1944.

# אַ גאָרטן

איך האָב אַריינגעקוקט אין אַ געהיימנישפולן גאָרטן נישט ווייט פון דעם שוימיקן האָדסאָן. ביז איצט איז ער געווען אָפן, און איך האָב אים נישט באַמערקט. ער איז ווי אַ קליינער פּאַרק. עטלעכע גרינע בענקלעך שטייען אונטער די ביימער. אַ סימן אַז מענטשן זיצן דאָ אין די נעכט און זיי פירן געמיטלעכע געשפּרעכן. אַ קליינע, געטאָקטע נוד שטייט צווישן די בלומען, קוקט אַרונטער אויף אַ קליין וואַסערל. די נוד איז פון אַן אייביק־שמייכלענדיקע מיידל, וווּנדערלעך־צעלויכטן, אַזוי ווי אַ ליכט וואָלט געשטראַלט פון איר האַרץ אַרויס. דורכן שטורם איז אַרויסגעריסן געוואָרן אַ בוים — און, בשעת ער ליגט אויף דער ערד, אַן אָנגעצונדענער מיט זיינע גרינע בלעטער, זיינען זיינע וואָרצלען אויסגעריסן פון דער ערד, באַקלעפּטע מיט ליים, מיט זאַמד, מיט דער אייביקער ערד. דער טויט פון אַ בוים איז זייער רירנד און מאַכט אומענדלעך־טרויעריק. און וואָס מער איך קוק אַריין אין דעם קליינעם גאָרטן, אַלץ מערער זאַכן דערזע איך. די רויזנבוימער האָבן שוין אָפּגעבליט. נאָר ווי קליינע פלאַמען, אונטער אַש באַהאַלטן, קוקן אַרויס די אין בלעטער איינגעהילטע רויזן. דאָס גראָז אויף געוויסע פלעצער, אויסגעשטעלט צו דער זון, איז אָפּגעברענט, אָנגעפּילט מיט גאָלד, אַזוי ווי דאָס זון־ליכט וואָלט זיך דערין באַהאַלטן, בשעת דאָס גראָז אויף די פעלדער אין שאָטן — איז ווי זייד, מיט אַן איידעלן גלאַנץ, פריש פאַרבליבן אַפילו אין זשאַווערנדיקן האַרבסט. און שאָטנס גייען אויף פון מענטשן וואָס זיינען דאָ אַמאָל געווען און זיי האָבן אויסגעזען פריש און יונג ווי דאָס זיידענע גראָז. און זיי האָבן דאָ געשמועסט וועגן קונסט און וועגן פּאָעזיע. און זייערע רייד זיינען געווען ווי פּאָעזיע, ווי מוזיק.

איך שטיי ביי די אייזערנע שטאַכעטן, רויט פאַרהילטע מיט זשאַווער. דאָס הויז איז געשלאָסן, אַן אַלטע הויז, מיט ווענט אַזוי ווי זיי וואָלטן זיין באַדעקט מיט שפּינגעוועבס. מיט פענצטער — געקאָוועט אין גראַטעס. ווו זיינען די אייגנטימער פון דעם דאָזיקן הויז? ווען זיי דאָ נישט מער זיצן, אין דעם קילן שאָטן פון די ביימער, און טרינקען זון פון די העלע זון־פלעקן? — — —

אַן איינזאַמער שטיי איך דאָ. אַ פרעמדער. איך וואָלט זיך אויף אייביק באַהאַלטן אינ׳ם דאָזיקן גאָרטן; איך וואָלט זיך פאַרגעסן דאָ, זיך אויפגעלייזט אין דאָזיקן אַלטן גאָרטן, איך וואָלט פאַרנומען דעם פּלאַץ פונ׳ם אַרויסגעריסענעם, קילן בוים...

ניו יאָרק, סעפּטעמבער 18, 1944.

# דער קליינער גאָרטן

יעדן אין דער פרי, דורכן גאַנצן יאָר אַזוי, ווען איך שטיי אויף, קוק איך אַרונטער צום גאָרטן. עס געווינט מיר אַז בלויז איין בליק מיינער זאָל פאַלן אויף אַ שטיקל טונקעלע צווייג אין ווינטער, אָדער אויף אַ בלאַט אין האַרבסט, אין חודש סעפּטעמבער צום ביישפּיל, אַז מיר זאָל ווערן גוט אויפן האַרצן. אַז עס זאָלן זיך אין מיר דערוועקן שטראָמענדיקע שאַפונגס־כוחות. אַז איך זאָל דערפילן דעם געטלעכן פייער פון שאַפן. דער קליינער גאָרטן איז מיין וועלט־אַלבום. לויט זיינע קאָלירן, דערקען איך די קאָלירן פון הימל און ערד.

דאָ איז נישט אַמעריקע. דאָ איז נישט איראָפּאַ. דאָ איז די וועלט. דער וועלטאַל. ווען איך קוק אויפן גאָרטן, ווי ער ציינדט זיך אָן אין פרילינג; ווי דאָס גראָז שפּראָצט אַרויס ווי אַ צאַרטער זייד פון דער ערד; ווי עס באַצירן זיך די ביימער מיט זוניקע, זילבערנע און זיידענע קאָלירן; ווי אַ שטראָם פון גייסטיקן, פון ספּיריטועלן לעבן. וואָס שטראָמט פון די הימלען, געטראָגן דורך באַפליגלטע וועזנס, באַלעבט דעם קליינעם גאָרטן; ווען איך זע דאָס אַלץ, דערמאָן איך זיך מיין קינדהייט אין פּוילן. איך דערמאָן זיך די היימישע פעלדער און וועלדער; די בלומען אויף דער ערד. די ביימער — ריזיקע פריינט פון אַ קליינעם אינגעל. די הימלען וואָס עפענען זיך ווי געוואַלטיקע פּייזאַזשען פון אַנדערע וועלטן. ווי אומגעהויערע קאָסמיש־אַנגעצונדענע טעפּיכן.

איך דערמאָן זיך נישט נאָר מיין אייגענע קינדהייט, נאָר די קינדהייט פון מיליאָנען מענטשן. די קינדהייט פון אַלע דורות. און די קינדהייט פון דער מענטשהייט. ווען אין גרויסע פייערן האָבן זיך געבאָדן די פעלדער און וועלדער. ווען גרויסע פייערן האָבן אַרומגענומען די הימלען און די ערדן. ווען די לאַנדשאַפטן האָבן געברענט און נישט פאַרברענט געוואָרן. —

דער צענטראַל־פּאַרק איז רייכער אינמיטן זומער. אָבער איך האָב ליב דעם קליינעם גאָרטן, וואָס קיינער נעמט נישט ערנסט. איך שפּיגל זיך אין זיינע בלעטער אינמיטן זומער, ווי אין אַלטע שפּיגלען. אין דער פרי, ווי נאָר איך שטיי אויף, קוק איך אַריין אין זיין בונטקייט, אין זיין פילפאַרביקייט, אין זיין מולטיקאָלירישקייט. וויפיל פלאַמען צינדן זיך דאָרט אָן. די זון איז דעם גאָרטן ערשט באַפאַלן. עס גייט אַ רויך פון די טויען. אַ נעפּל שטייגט. עס זינגען די קראַנקע נאַכטיגאַלן, יענע אומשטערבלעכע נאַכטיגאַלן, וואָס באַגלייטן דעם ראָמאַנטישן דיכטער פון אַלע צייטן אָן. די ביימער זיינען שטאַרק און מעכטיק. אין זייער פולער, געטלעכער מענלעכקייט. אַזוי ווי וואָלט וויטמאַנס שטייען זיי דאָ — אין גרויסן, אוניווער־

סאַלן כאָר. און די בלומען — אַ רייכע אויסשטעלונג. זיי דערמאָנען מיך אין די קאָרנבלומען, וואָס פלעגן אַרויסלויכטן ווי קליינע פלאַמען פון די פעלדער פון קאָרן, אין פוילישן לאַנד. זיי דערמאָנען מיך אין די פלאַ־ראַליען אין האָלאַנד. זיי דערמאָנען מיך אין די ווילדע, וווּנדערלעכע און וואַנזיניקע וועלדער און וויסטעניש פון די שווייץ, וואָס איך בין דורכגע־פאָרן אַלס אַ קליין אינגעל, וועלט־פאַרטרויערט, נאָך איידער איך האָב גע־האַט געלייענט די פּאָעזיע פון לאָרד גאָרדאָן בייראָן. זיי דערמאָנען מיך אין די אורלאַנדשאַפטן פון דער ערד, ווען די פלאַמען פון הימל האָבן באַ־רירט די פלאַמען פון דער ערד; און די פלאַמען פון דער ערד האָבן באַ־רירט די פלאַמען פון הימל. ווען די צוקונפט פון דער וועלט, ווען מיליאָנען יאָרן האָבן זיך געקאָכט אין די טיפעניש פון דער ערד. —

אינמיטן זומער איז מיין גאָרטן די וויזיע פון דער וועלט׳ס נאַטור. פון דעם קאָסמישן פּייזאַזש. איך אָטעם איין אין זיך די לופט, דעם זון־פלאַם, דעם ערד־ריח, די בלומען־פּערפיומען — פון אורצייטן אָן. איך אָטעם איין אין זיך דאָס וועלטס־פייער פון גאָט׳ס גייסט.

און, ווען עס קומט דער האַרבסט, ענדערט זיך דער גאָרטן שנעל. צום ערשט, אַ לאַנגזאַמער פאַרוואַנדלען זיך אין דער האַרבסט־שטימונג און האַרבסט־לאָר. שפּעטער, דאָס אויסברעכן אין אַ טעאַטראַלישן רויט — אין דער דעקאָראַטיווער פאַרביקייט פון אַן אָפּערא. פון אַ רייכער, גלענצענדער, ספּעקטאַקולאַר־באַקכאַנטישער אָפּערא. אָט זעט אַלץ אויס ווי מומיפיצירט. ווי פאַרגליווערט. די צווייגן, ווי געשניצטע פון וואקס. די פלאַנצן, ווי אויסער־געוויינלעך־קאָמפּליצירטע, אַזיאַטישע קונסטווערק. פול מיט דינע, שפּינוועבס־דיקע דעטאַלן. אַן אָפּערא וואָס שפּילט נישט, וואָס איז געבליבן פאַרגליווערט. אָבער מיט די ווייטערדיקע טעג פון האַרבסט — ווען עס שניידן זיך אַריין די פייכטע און ווינטיקע טעג פון נאָוועמבער, הויבט אָן דער צעפאַלונגס־פּראָצעס פון גאָרטן שנעל צו פּראָגרעסירן. דאָס רויטע ווערט ברוין און טונקעל, ווי בלאָטע. די בלעטער, אַלע בלעטער פון גאָרטן ווערן פאַר־שווונדן. האָט דער ווינט זיי פאַרטיליקט, זיי אויסגעקערט? האָבן מענטש־לעכע הענט זיי פאַרטריבן און פאַראַטן פון גאָרטן? און דער גאָרטן ווערט אַלץ ליידיקער. ווי סקעלעטן, שטייען איצט די ביימער, אַזוי ווי אויף כינעזישע מאָלערייען — טרויעריק, גייסטערהאַפט. און דאָס גראָז איז אַלט. עס ווערט לעבנסלאָז, פאַרבלאַז, פאַרוויאַנעט. שטיקלעך גראָז זיינען נאָך פאַרבליבן גרין. ווי קליינע אינדזלען־לאַטעס לויכטן זיי אַרויס מיט שטי־קער קאָליר פון דעם בלייכן, אַנעמישן גראָז. דער רעגן פאַלט איבער דער וועלט, איבערן גאָרטן, ער מאַכט אַלץ פייכט און אומעטיק.

און אָט קומט אָן דער ווינטער. יעדער טאָג — אַ ניי בלאָט אין דער

עפּישער פּאָעמע פון׳ם ווינטער־ספר. יעדער טאָג — קאָליר, פון אַן אַנדערן כאַראַקטער. עס איז נישט מער קיין ליריזם. קיין זיס געזאַנג. די נאַכטיגאַלן זיינען אויסגעשטאָרבן. עס איז אַ ניי געזאַנג — פון שטורעמס און פון ווי־כערס. יעדער טאָג עפנט אַן אינטערפּרעטאַציע פון דער וועלט׳ס געשיכטע. יעדער טאָג — בונט, רייך און קאָנצענטרירט. אָפטמאָל איז אַ טאָג אַן אי־לוסטראַציע צו אַ מענטשנס לײדן און שטימונגען פון אַ גאַנץ לעבן. אָפטמאָל איז עס די דראַמע פון דער מענטשהייט. עס שפּיגלט אָפּ די ווולקאַנישע, אומרואיקע, ווילדע צעשטערונגס־עלעמענטן פון׳ם מענטש. עס שפּיגלט אָפּ די דראַמאַ פון אירע דעסטרוקטיווע כוחות. פון איר נערוועזער נשמה. עס שפּיגלט אָפּ מענטש — אָט דאָס בלאַסע באַשעפעניש, וואָס קען זיך אויסדענקען אַ וועלט־סיסטעם. וואָס קען אויסטראַכטן אַ גאָט־געשטאַלט. ווען עס ציט צו לעבן אייביק. וואָס וואָלט וועלן דיריזשירן מיטן גאַנג פון דעם וועלטאַל. מיט זיין אומגעהייערער אַנטוויקלונג און אוניווערסאַלער געשיכטע.

ווען דער שניי פאַלט אויף דער לאַנדשאַפט, ווערט דער גאָרטן ווי גע־שמידט פון מאַרמאָר. און פאַרנאַכט, ווען אַלץ טרינקט דעם וויין פון דע־מערונג, פאַלט אַ בלויקייט פון די הימלען וואָס מאַכט דעם גאָרטן אינטים. מאַכט אים וואַרעם, אַפילו ווען ער ליגט פאַרגליווערט אונטער שניי. — — —

אַזוי לעב איך מיט מיין גאָרטן. איין בליק אויף אים, און עס גיט מיר קראַפט צו לעבן מיין לעבן. צו אָטעמען מיט מיינע אור־כוחות. צו פאַר־שטעלן זיך די וועלט־פּאַנאָראַמאַ. צו איינאָטעמען אין זיך דאָס הימלישע וועלט־בילד. צו אָנגיין מיט דער „קאָלאָסאַלער אונטערנעמונג" — מיטן לעבן — אין אַ וועלט, אין אַ געזעלשאַפט פון דיסהאַרמאָניע און נישט־דערגרייכטער אָרדנונג.

דער גאָרטן גיט מיר צו פילן דעם אורצושטאַנד. בינדט מיך אָן אינ׳ם קוויל פון אורבאַשאַף — צו וועלכן מיר אַלע געהערן, צו וועמען מיר זיי־נען צוגעבאָגלט און צוגעקרייציקט, פון געבורט ביזן טויט. מיר האָבן אַ שייכות צו יעדער בוים. צו יעדער פלאַנץ. מיר זיינען ברידערלעך און שוועסטערלעך פאַרבונדן מיט גאָר דעם וועלטאַל — אין רוים, וואָס איז דער אייביק־פלאַקערנדיקער ווערקשטאַט פון גאָט.

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 16, 1944.

## אורלאַנדשאַפט־רעמיניסענס

איך גיי ביינאַכט דורך די וועלט. די רעמיניסענסן פון דער אורצייט גייען אויף. דער הימל איז רויט, רויטע נאַטור. רויטע אימאַזשן. דער מענטש פלאַמט מיט אייביקייט. מיט די ברענענדיקע פייכטקייטן פון אור־

צייטן. מיט דער וואָרעמער פּייכטקייט פון מעזשעזעס (זומפּן), וואָס קאָכן זיך אין דעם מאָגן פון דער ערד, קאָכן זיך אין די געדערים. קאָכן זיך אין דער טראַכט פון אָט דעם אומגעהייערן לעבעדיקן ווען — די ערד. —

דו גייסט אין דער נאַכט, באַרוישט פון דעם אוניווערס וואָס עפנט זיך פאַר דיר. מיטן טונקעל ווערן פון דער וועלט האָבן זיך פאַר דיר געעפנט טיפע האָריזאָנטן. עס גייט אויף אין דיר אַ גרויס ליבע־געפיל. דו זוכסט דאָס שעפערישע, דאָס וואַרעמע, דאָס הייסע, דאָס גליענדיקע. דו זוכסט דאָס שטראַלנדיקע פון דער נאַטור, וואָס איז אומעטום — פרוי. אומעטום — מאַן. אומעטום — קאַמף צווישן מאַן און פרוי. קאַמף צווישן אַקטיווע און פּאַסיווע עלעמענטן. דער גאַנצער אוניווערס איז אין פּערמאַנענטן ליבע־עקסטאַז...

דו טראַכסט פון בעעטאָווען. פון דעם מענלעכן, מענטשלעכן, אומ־געהייערן געניוס, וואָס שלאָגט זיך אַנטקעגן גאָט, און ער עפנט זיין אייגענע פאָרשטעלונג פון דעם וועלטאַל. זיין מאָדעל פון אַ וועלט. ער עפנט די גרויסע פאָרשטעלונג פון דער וועלט־פּאַנאָראַמאַ. דער געניוס וואָס שפּילט אויס די קאָסמישע סימפאָניע דורך זיין בלוטנדיקער ברוסט. אומגעהייער זיינען זיינע אַמביציעס. ער שפּאַנט איבער דער ערד. אָבער גאָט שעמט זיך... דער געניוס איז אַ נאַטור־עלעמענט. ער עפנט די פּאַנאָראַמע פון דער וועלט. ער עפנט, דורך זיין קונסט, די רעמיניסענסן פון אַלע פאַר־גאַנגענע אורצייטן. ער עפנט אַ קאָלאָסאַלע וועלט. קאַמף פון געניוס מיט גאָט קומט אייביק פאָר. —

דער הימל פלאַמט. עס קומט פאָר אַ קאַמף. אַן אומגעהויערער קאַמף. מענטש עפנט זיין אומגעהויערע רעמיניסענסן־פּאַנאָראַמאַ אין דער נאַכט. מענטש געדענקט. אין זיין זכרון איז איינגעשניטן גאָט׳ס ביאָגראַפיע. די לעבנס־געשיכטע פונם באַשעפער. און ווינטן שלאָגן זיך מיט ווינטן. אייביקער צירק־פּאַרמעסט. אייביקער קאַמפּס־געשלעג. עס שלאָגן זיך בוים מיט בוים. עס לייכטן די ליכט פון וואָלקנקראַצערס. עס לייכטן אויגן פון פענצטער. עס לייכטן אויגן פון פרויען. פרוי רופט מאַן דורך די יאָרטויזנטער צום געשלעג מיט איר. מאַן גייט אַרום אין דער נאַכט. ער שנאַפּט די פייכטקייט, ער שנאַפּט דעם פּאַרפיום און דעם ריח פון דער פרוי. מאַן, דער קרעאַטאָר, זוכט דאָס ווייב אין דער אומהיימלעכער נאַכט. ער קריגט פעטש פון רעגן, קריגט פעטש פון דעם ווינט. מאַן, דער קלאָון, וואָס קריגט פעטש פון גאָט. מאַן, דער גלאַדיאַטאָר, וועלכן די וואָלקנס שלאָגן ווי אָנגעצונדענע לייבן. מאַן אָדם, וואָס באַשאַפט די פרוי פון זיינע ריפּן און טראָגט זי מיט זיך אַוועק אין דער ערד — אין קבר. צו דער ערד, וואָס איז נישט מער קיין ערד, נאָר מענטשנביי־

נער. עס איז די ערד פון מענטשנפלייש, פון חיות־פלייש, פון שלאַנג און פון טיגער; פון פויגל און פון אינסעקט. די ערד — אַ פּיראַמידע פון פלייש, וואָס טראָגט זיך אין עליפּטישן גאַנג אַרום דער זון.

אַזוי גיי איך אין דער נאַכט, פאַרשאָלטענער אור־אייניקל פון אָדם; מיר ברענט נאָך אַלץ אין רוקן די שווערט פון דעם פאַרשאָלטענעם עלעקטרישן מלאך, וואָס פאַרטרייבט אָדם און חוה פון גן־עדן, צום הייסן זומפּ פון דער אורצייט.

אַזוי גיי איך דורך דער נאַכט; אין אומגליק געהילט; דער מאַן וואָס טראָגט אויף זיין רוקן מיליאָנען יאָרן איבערלעבעניש; טראָגט אויף זיין רוקן, ווי אַטלאַס, די ערד; ווי שמשון הגבור, וואָס צעטרייסלט די קו־פּערנע זיילן, טראָגט ער אויף זיין רוקן דאָס פלייש און דעם געראַנגל פון אומצייליקע דורות. —

ניו־יאָרק, 21 נאָוועמבער, 1944.

## דער ברוינער וויין־רעגן

אָ, דער ברוינער וויין־רעגן! ער שלאָגט פון רויטע הימלען, ער גיסט זיך פון ערדענע וואָלקנקרוגן, ער כלאַפּעט פון הימלישע וואולקאַנען, ער טאַנצט אַראָפּ פון דער לופטן — דער ברוינער וויין־רעגן. איך זע די הערלעכע, די אַנטבלויזטע פרויען וואָס קוועטשן אויס בערג מיט ווייַנטרויבן. איך זע די הימלישע גערטנער, רויטע, פולע, שווערע, ביז צום פּלאַצן רייפע. און פרויען אַנגעצונדענע, געהאַלדזטע מיט פרויען אין אַ פלאַמיקער אָרגיע. זיי טאַנצן, זיי טרעטן מיט די פיס די פעטע, די ברוינע, די רייפע ווייַנטרויבן. עס שטראָמט אַ רעגן, אַ טייך פון גאָלד־וויין. עס שטראָמט דער ברוינער זאַפט פון די פרוכטן, דאָס גאָלד פון די ווייַנטרויבן. עס שטראָמט אַ וואָלקנבראָך פון וויין אויף מיין קאָפּ.

איך באָד זיך אין דעם ברוינעם רעגן. ער פּאַטשט מיך. ער שלאָגט מיך. ער צעברעכט מיך — מיך, דעם פערסישן פרינץ, דעם שאַך־נאָמע, מיך, דעם פּיעראָ, דעם קלאָון מיט פאַרבנפאַרשמירטע באַקן.

איך זע דעם רעגן פון ברוינעם וויין. איך באָד זיך אין זיינע הייסע, גאָלדענע טראָפּנס. איך טרינק זיינע כוואַליעס. און טרינקענדיק דעם וויין, גייען אויף פאַר מיר די פעטע ווייַנשטאָקן און די נאַקעטע, די מאָנומענ־טאַלע פרויען, וואָס שלאָגן זיך און קוועטשן אַרויס דעם וויין פון די ווייַנטרויבן. און ער כלאַפּעט אַראָפּ אויף דער ערד, כדי אָנצוטרינקען די איינזאַמע, די אָרעמע, די צעבראָכענע.

עס איז רויט דער הימל און ער האָט דעם קאָליר פון אַ טונקעל־רויטע

ווינטרויב. עס איז רויט דער הימל און ער איז ווי אַ קופּערנער ווייך־בעכער און ער גיסט זיך איבער, ער שוימט זיך איבער און עס פאַלט אַ בלוטיקער רעגן אויף דער ערד. —

און זע, עס שיכורן אַלע זקנים און אַלע קינדער; עס באָדן זיך נאַקעטע אין די ווייַנטייכן אַלע פרויען און אַלע מענער; עס ראַנגלען זיך מיט די שווערע, רויטע, פלאַמיקע כוואַליעס די שיכורים פון דער ערד. און עס רעגנט כסדר. עס שטראָמט כסדר מיט רויטע שפּיזן, מיט רויטע שטראַלן, מיט דעם הייסן ווייַן פון די הימלען. און שוין איז באַטרונקען די גאַנצע ערד. דער לייב, אַ טויט־שיכורער, גייט אַרויס פון דזשאַנגל און זיינע אויגן זייַנען פייער און זיין פּנים — אַ מאַסקע פון צאָרן. עס שפּרייזט אַרויס דער טיגער, אין גאַנצן לאָר פון זיין ווילדקייט. עס עפנט זיך די פּאַנאָראַמאַ פון אַ שיכור׳ער, פון אַ פאַר׳כישוף׳טער וועלט...

און דער הימל — אַזוי ווי דער הימל פון אַ פלאַמיקער מאַלעריי. רויט, געשוואָלן מיט פייער. אומגעווייַנלעך־טרויעריק. אַלע זינד־פרויען, גנבים, רויבער און קריפּלען; אַלע מידע סאָלדאַטן; אַלע ליידענדע; אַלע טרינקען פון דעם רעגן. דער פייערדיקער רעגן שטראָמט אָן אַן אויפהער. די גאַנצע ערד שיכורט. די גאַנצע ערד וואַרפט אַרויס די טויטע, און אַלע מתים שיכור׳ן און אַלע מתים טאַנצן שיכור׳ערהייט. עס איז אַן אָרגיע פון ווייַן און פון ליבע אויף דער ערד. די גאַנצע מענטשהייט איז מזנה מיט דעם רויטן ווייַן־דעמאָן...

ניו־יאָרק, 2 דעצעמבער, 1944.

## שאָטנס בייַנאַכט

בייַנאַכט קריכן אַרויס פון מויערן און גריבער די שאָטנס פון מענטשן. אַ מאַן מיט אַ ריזיקן הוט באַוועגט זיך קוים אויף דער ערד, ווי אַ האָמונקולוס. אַ פרוי, ווייס ווי מילך, און ווי נישט פון דער היגער וועלט, ערשט אויפגעשטאַנען פון אַ קבר, טראָגט אַ קוישל אין האַנט, זי גייט ערגעץ ווו... יעדער איינער גייט אָן אַ ציל אין דער נאַכט, פאַרכאַפּט פון דעם טראַגישן כישוף...

אַ זינדיקע פרוי, וואָס איז געשטאָרבן פון ווענעריע, גייט אַרויס פון איר קבר, צווישן קברים פון קריפּלען, אָפּגעבראָטענע געגנסטערס, רויבערס און גאַסן־פרויען. זי גייט אַרויס אין דער נאַכט. עס שמעקט מיט פּאַרפיום פון אירע האָר, מיט טרערן פון אירע אויגן, ווי פון געזאַלצענע, גרינע ים־כוואַליעס. איר שוואַרץ קליידל פלאַטערט אין ווינט פון האַרבסט. די בלעטער ווייַנען אונטער אירע אָפּזאַצן. זי שטעלט קוים אירע טריט אויף די אויסגעריבענע טראָטואַר־קוואַדראַטן, ווי אַן אומענדלעך שאָד־

ברעט. זי אָטעמט מיט איר דינער, קראַנקער נאָז און זי באַשמעקט די לופט, טוט אַ ווונק מיט אַן אויג צו אַ מאַן, כדי צו וויסן צי זי רייצט נאָך מיט איר ווייבלעכקייט... אָ, די טויטע זינד־פרוי — לאָזט איר אַרומ־גיין, אַרעסטירט איר נישט, פּאָליציילייט! לאָזט איר כאַפּן אַ ביסל פרישע, פייכטע לופט אין דער פייכט־האַרבסטיקער נאַכט.

און אָט זיינען צוויי רויבער, צוויי איינזאַמע רויבער, וואָס זיינען געקריי־ציקט געוואָרן צוזאַמען מיטן באַרימטן מענטשנזון... — פאַרוואָס דער־מאָנט מען אונדז נישט? — פרעגן זייערע פאַרקרומטע פּנימער, מיט זון־אונטערגאַנג־שטראַלן צעבראָכענע. פאַרוואָס ווערן מיר נישט דערמאָנט אין אַלע תּפלות און געבעטן? פאַרוואָס מורמלען נישט צו אונדז קיין קאָנפע־סיעס די ליפּן פון צאַרטע דאַמען? פאַרוואָס איז דאָס וועלט־פּרויענטום נישט פאַרליבט אין אונדזערע נאַקעט־פאַרבלוטיקטע לייבער?

זיי גייען זאַלבענאַנד, ווי צוויי שיכּורים, די רויבערס פון נאַזאַרעט. שטום, ווי גאָר דאָס לעבן איז שטום. באַדייטונגסלאָז. די פּנימער צעשלאָגן פון ציגל און קיזלשטיינער. דער אָפּגעלאַכטער קעניג מיט דער דאָרנקרוין איז געשטאָרבן פאַר דער מענטשהייט. ער איז געוועזן אַלע מענטשנס מאַר־טירער. ער איז געשטאָרבן אין יסורים מיט דער באַרג־רעדע אויף די ליפּן. ער האָט זיין ווילדן ווייטיק געגעבן זיך. באַדייטונג. אַזוי זאָגן זיי, די אַפּאָס־טאָלן, אַזוי פאַרזיכערן זיי... אָבער די צוויי שיכּורע רויבער, אויסגעקרומטע פון ליידן, אומאָנערקענטע, פון דער וועלט פאַרגעסענע, זיי בלאָנדזשען טראַגיש אַרום אויף דער ערד, שוין קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר, און זיי זיינען די מאָנערס, די שטומע קעניגן פון אַלע שטומע נפשות, פון אַלע קריפּלען, פון אַלע שאָטנדיקע, פאַרגעסענע, מיט אָפּגעמעקטע פּנימער, מיט פאַרקרומ־טע מאַסקעס, מיט סאַרדאָנישע פּנימער, מיט געהאַנגענע, געקרייציקטע, און פון לעבנס־וואָרם צעגריזשעטע געשטאַלטן. — — —

ווען די נאַכט עפנט אירע שוואַרצע פאָרטאַלן, דעמאָלט גייען זיי אַרויס, די טונקעלע און די שפּינוועבסדיקע שאָטנס, און זיי ציען קוים מערקבאַר דורך די גאַסן, מישן זיך אויס מיט די לעבעדיקע שאָטנס. בילדן רייזיקע מאַסן אין קאַרנאַוואַל־נעכט, אויף פאָלקס ימים־טובים, און זיי מאָנען זייער רעכט, זיי מאָנען זייער אייביקייט...

ניו־יאָרק, פעברואַר 29, 1945.

# דער בוים

זיי האָבן דעם בוים אַרויסגעצויגן פון דער ערד. ער איז געוועזן פעסט פאַראַנקערט אין דער ערד, מיט אַלע זיינע וואָרצלען; מיט די רויע, נאַקעטע אָרעמס — אינם פּלאַנעט, אין זיין פינצטערער, שעפערישער

טיפעניש. און בשעת די צווייגן זיינע האָבן שטאָלץ צום הימל זיך געצויגן, זון־באַגאָסענע, עקסטאַטישע און עקזאַלטירטע, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיין שיכור פון דעם סענסיטיוון באַריר מיט דער זון — האָבן די וואָרצלען געשעפּט דעם זאַפט פון דער ערד, האָבן זיך פאַרטיפט אין דעם שויס פון דעם פּלאַנעט, און דורך זיין שטאַם איז געלאָפן דער זאַפט, דאָס בלוט, דער וויין, דער גרויסער וויטאַלער כוח וואָס לויפט פון דער ערד צו אַלע כוחות וואָס לעבן... און די צווייגן האָבן זיך דערהויבן צום הימל, בשעת זיינע וואָרצלען האָבן געגנידערט צו דער ערד. — — —

און אַט האָבן זיי אונטערגעהאַקט דעם בוים. די טונקעלע צווייגן ליגן אויף דער ערד, אין אַ ווינקעל פון גאָרטן, ווי צעהאַקטע גלידער פון אַ קרעאַטור וואָס האָט ערשט גרויס געלעבט זיין גרויסן לעבן... מענטשן זיינען באַגאַנגען אַ פאַרברעכן. און איך פיל טיף דעם פאַרלוסט פונ׳ם בוים, אַזוי ווי אַ מענטש וואָלט געשטאָרבן. זיינע צווייגן באַרירן די ערד, עס איז דיזעלבע ערד, וואָס האָט אים געשפּייזט. וואָס האָט אים פון זיך אויס געבוירן. ווי דער בוים, גייט מענטש צוריק צו דער ערד, צו דער זון, אינ׳ם גרויסן עליפּטישן טאַנץ אַרום דער זון. עס איז פאַראַן אַ גן־עדן פאַר גוטע בוימער, וואָס האָבן געדינט מיט זייער קילן שאָטן די קראַנקע, שוואַכע און אַלטע מענטשן... אייביק לייכט די זון אין גן־עדן אויף די גוטע, הייליקע בוימער... אויף בוימער־צדיקים, וואָס האָבן שטענדיק געשטראַלט מיט שמחה צו די קינדער און צו די טרויעריקע מענטשן פון דער ערד...

ניו־יאָרק, 2 מערץ, 1945.

## משה

אין דער שפּעטער נאַכט קוקט משה זיך אָן אין שפּיגל. זיי זיינען געערעכט, די לייענער פון דעם מענטשלעכן פּרצוף: ער זעט אויס ווי אַ גזלן. עס איז דער פינצטערער גזלן אין זיך וועלכן משה האָט אין אומ־צייליקע נעכט געשלאָגן און פאַרבלוטיקט. עס איז דער גזלן וואָס האָט אים געשטיקט און ער איז אים איבערגעפאַלן און צעבראָכן רוק־און־לענד...

זיין פּנים — פון אַ גזלן. דאָס געטער־שטאָלצע פּנים! משה ווייסט וועלכער אומגעהייערער כוח עס איז נייטיק כדי צו באַזיגן דעם גזלן אין זיך. אין זיין געביין. דער הייליקער איז דער וואָס האָט אין זיך צעבראָכן דעם פרעמדן גזלן, און ער האָט זיין פּנים דערהויבן צו אַ זון. צו אַ זון פון גוטסקייט, רחמנות און שיינקייט....

ניו־יאָרק, 21 מערץ, 1945.

# דער טעמפּל פון קונסט

עס איז אַן אַלטערטימלעכער, אַ מעכטיקער טעמפּל, וועמענס דיקע זיילן זיינען פון גאָלד; וועמענס פענצטער זיינען טעלעסקאָפּן און זיי קוקן אַרויס צום רוים; וועמענס וואַנט־מאָלערייען זיינען אומערדישע, האַר־מאָנישע, אידעאַלע וועלטן. עס איז דער בית המקדש פון קונסט, ווו עס בלייבן אויף אייביק שטיין, פון הימל ביז צו דער ערד, די נביאים און די וואַנזיניקע העלדן, די דיכטער און דענקער, די טראַגישע מייסטער פון קאָליר און פון וואָרט. עס איז אַ בית המקדש וואָס שליסט איין אין אירע אומ־ענדלעכע רוימען דעם אייביק־שעפערישן גייסט פון די מענטשן.

און אַרום אירע פּאָרטאַלן וואַלגערן זיך די פאַרברענטע קערפּערס פון יענע וואָס האָבן זיך געשלאָגן און ביטער געקעמפט צו דערגרייכן אירע טרעפּ, אָנצורירן די זיילן פון גאָלד, אַ ציטער צו טאָן מיט די שפּיצפינגער איבער אירע גאָלדענע פאַרהאַנגען פון פייער.

זיי וואַלגערן זיך אין שטויב, אַלע די וואָס האָבן נישט זוכה געווען אַריינצוגיין אינ׳ם היכל פון דיכטונג. אינ׳ם היכל פון וועלט־דיכטונג און וועלט־מאָלעריי. זיי ווערן צו אַש. דער גאָט פון דיכטונג, דער גאָט פון קונסט, איז ברוטאַל. און די יעניקע וואָס וואַגן צו קאָנקורירן מיט אַפּאָללאָ, ווערט זייער פלייש, ווי מאַרסיאַס׳עס, ברוטאַל צעפליקט און צעשונדן.

אָבער, איבער די בערג מיט אַש פון נישט־דערגאַנגענע, מיט אויפגע־הויבענע קעפּ שפּרייזן די מעכטיקע פון דער ערד; מיט קעניגלעכע קרוינען, מיט צעלויכטענע פּנימער; דאָס זיינען די נביאים, דיכטער, מאָלערס און מוזיקער; די וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיטן גורל; די מעכטיקע פון דער ערד; די קראַנקע און קרומע, וואָס האָבן זיך אויסגעגלייכט און זיך דער־הויבן ביז צו דער זון אין זעלבסט־געשמידטע, אין אויסגעהאַמערטע כאַ־ראַקטערן; אין אָרעאָלן פון פרייהייט און אין וויזיעס פון דער צוקונפט. עס גייען איבער די בערג צו אַש־געוואָרענע — די קעניגן פון גייסט, ווען אַפילו די הערשער האָבן זיי פאַרשפּאַרט אין טורמעס און געשטעלט אויף עשאַפאָטן און די פאָרטרעטן זייערע פאַרקריפּלט, פאַרהויקערט און מיס־רעפּרעזענטירט. עס גייען די יעניקע וואָס האָבן טריאומפירט אין דעם געוואַלטיקן קאַמף פון קונסט. אין דעם אומגעהויערן קונסט־טעמפּל — אינ׳ם בית המקדש, וועמענס זיילן דערהויבן זיך פון דער ערד ביז צום הימל, און וואָס זיינען פון ריינעם זון־גאָלד, ווערן די דאָזיקע מעכטיקע כאַראַקטערן אַוועקגעשטעלט דורכן גרויסן גאָט פון קונסט און אויף זייערע פלאַמענדע שטערנס רוען די לאָרבערן, וואָס דער גאָט פון דיכטונג טוט אַליין אָן אויף זייערע מעכטיק־אָנגעצונדענע זון־קעפּ... — — — —

ניו־יאָרק, אַפּריל 21, 1945.

# דאַמע אין גאָלד

שפעט ביינאַכט, אַהיימפאָרנדיק, דערזע איך אין סאָבוויי די איינזאַמע דאַמע. אין אַ ווייסן קלייד, מיט אַ ווייכן, ברוינעם מאַנטל, אַרויפגעוואָרפן איבער אירע איידעלע און ציטערנדיקע אַקסלען. אירע אויגן האַרמאָנירן גלענצענד מיט דעם טונקל־ברוינעם שטיין אין איר גאָלדענעם רינג. זי האָט אויף די דינע, נערוועזע פינגער געטראָגן דריי גאָלדענע רינגען מיט רויטע רובינען. מיט פאַרביקע, אַריסטאָקראַטישע שטיינער און קאַלעך־בלייכע בריליאַנטן. אויפן האַנט — אַ מאַסיוון בראַסלעט. אויפן רעכטן פוס — אַ דינעם זילבערנעם קייטל. אויף די אויערן — גאָלדענע, דינע אויערינגען, אין דער פאָרם פון פליגל. זי האָט נערוועז געביסן אירע רויטע פינגער. זי איז געווען אַ צאַרטע העלדין, אַזוי ווי איינגעפאסט אין אַ נאָוועלע.

און איך האָב שיעור פאַרגעסן צו דערמאָנען דעם בוקעט מיט בלומען, וואָס איז ציטערנדיק און שטאַרבנדיק געלעגן אויף אירע איידעלע קניעס. אַ בוקעט פון זשאַווער־רויטע רויזן... אַ גאַנצער האַרבסטיקער גאָרטן איז אויפגעגאַנגען פאַר מיר פון אירע גראַציעזע און ציטערנדיקע קני...

איך האָב געטראַכט:

— וואָסאָרא גליקלעכע קאָמבינאַציע איז אָן איידעלע, לירישע דאַמע מיטן צויבער פון גאָלד און פון זילבער. אַלץ וואָס עס איז אין איר שיין און פאַרגעגנגלעך פּוצט זי און דעקאָרירט מיט אָן איידעלן, אייביקן מעטאַל. מיט די שענסטע איידלשטיינער. זי פילט דאָס שטאַרבן פון פלייש. זי פילט ווי איר גוף וויאַנעט און, זי וואָלט זיך אָנגעטאָן אין די שטערן פון הימל; זי, די שטערבלעכע דאַמע — שפעט ביינאַכט אינ׳ם שטויביקן סאָבוויי... זי וואָלט פון אַ שטיק מולטיקאָלירטע דעמערונג אויסגעשניטן פאַר זיך אַ קלייד... זי וואָלט אין וואָלן פון שפינגעוועבס זיך געהילט. זי וואָלט אין אַ הימל־פּאַלערינע זיך איינגעוויקלט. און אַפילו מיט די וויאַנענדיקע רויזן, וואָס גייען אויס אין טיפן פיין, באַהעלפט זי זיך. זי, די שטאַרבנדיקע דאַמע...

איך בין נישט געווען בייז אויף איר. פאַרוואָס זאָל איך זיין בייז? פאַרוואָס נישט זען די שיינקייט און דעם תיקון וואָס דאָס גאָלד האָט, ווען עס צירט דער דאַמע׳ס בלייכן און פיבערישן פלייש? און די דאָזיקע זשאַווער־רויטע רויזן, זיי האָבן דעם שענסטן טויט אין דער נאַטור, שטאַרבנדיק אויף אירע קני — און דאָס דינע זילבערקייטל, ווי גראַציעז צירט עס ביים קנעכל דער דאַמעס דינעם, איידעלן און שיין־געפאָרעמטן פוס...

איך האָב אין דער שפּעטער נאַכט נאָכגעקוקט דער אײדעלער דאַמע, און ווען איך בין אַרויס אין דער פינצטערער נאַכט, איז זי מיר נאָכגע־גאַנגען, איז זי מיר פאַרויסגעגאַנגען און האָט מיט אירע פלאַמענדיקע רובינען און מיט דעם פּאָספאָר פון אירע רויזן דעם וועג און די נאַכט באַלויכטן. איך האָב געזען וואָהין זי גייט אין דאָזיקן אוניווערס, אין וועלכן דער הויפּט־עסענץ איז נאָך אַלץ דאָס גוטע און דאָס שיינע...

ניו־יאָרק, 3 יולי, 1945

## ערב־באַגינען

איך האָב נישט געקענט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב זיך געוואָרפן אויפן בעט, ווי דער קרעציקער איוב, פאַרפאַנצערט אין אַ קלייד פון קרעץ. איך האָב געטראַכט וועגן אַלע ליידענדע מענטשן. ווי אַזוי פריער אָדער שפּע־טער קומט אַן אומגליק אויף יעדן מענטש. ווי אַזוי דאָס לעבן האָט זיינע זוניקע און זיינע בייזע וועטערן. ווי אַזוי עס בושעוועט אַ שטורם אין יעדן מענטשנס לעבן.

איך האָב געטראַכט וועגן די העלדן פון דער וועלט־ליטעראַטור, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַלע פאַרבלוטיקט די קעפּ, זיך אָנשלאָגנדיק אין דעם אייזערנעם שיקזאַל. איך בין צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער, איינצו־זאַפּן אין זיך די עטערישע לופט, דאָס ליכט פון וויטע דיסטאַנצן, וואָס שטראָמט פון שטערן וואָס זיינען שוין מיליאָנען יאָרן טויט.

איך קוק אויף די שטערן וואָס זיינען אַזוי שפּיציק און געשליפן. וואָס מער די הימלישע ווינטן שלייפן זיי, אַלץ ליכטיקער ווערן די דאָזיקע ווילדע לאָמפּן. די דאָזיקע גיגאַנטישע בריליאַנטן. מיר דוכט, אַז אַזאַ פייער־גייסט וועט מיר אַריין אין האַרצן, ווי אַ דימענט, און דאָרטן קריצן אַ גרויס ליד פון איינזאַמקייט אין דער דאָזיקער טרויעריקער נאַכט.

* * *

אַרום האַלבע נאַכט קומען אַרויס אַלערליי עלעמענטאַרע כוחות און טריבן, וועלכע קענען נישט איינרוען. די ערד און די לופט איז פול מיט עלעמענטן, וועלכע ברויזן, שטורעמען, קעמפן, קענען נישט רוען, קענען נישט זיין אַרעסטירט אין מאַטעריע; זיי קענען נישט איינהאַלטן זיך אין זייער שיקזאַל. זיי רעוואָלטירן און ברעכן די שטאָלערנע שלעסער. זיי ברעכן אַרויס פון דער נאַכט, שלעכטע און שילטנדיקע, בייזע און קרומע, און זיי פאַראַדירן נאָקטורניש מיט פולער מאַכט און משוגעת... לויז־געלאָזטע ענערגיעס און דראַגנען, וועלכע זוכן אויסדריק, זוכן זיך צו פאַרקערפּערן אין דאָס וואָס זיי זיינען נישט באַשאַפן געוואָרן. אַלץ אין דער נאַטור

שטרעבט צו אויסדריק. גאַרנישט אין דער נאַטור וויל אומקומען, וויל באַ־גראָבן ווערן אויף אייביק. גאַרנישט אין דער נאַטור וויל זיך אָפּזאָגן פון זיך, פון זיין עקזיסטענץ, פון זיין לעבן, שאַפן און ווירקן. —

די נאַכט שליסט אויף אַלע טונקעלע היילן און פאַרבאָרגענישן. עס עפענען זיך אַלע קוואלן פון געהיימע כוחות און ליכטער און פון פאַנטאַס־טישע דערשיינונגען. אַלע שטערן, אַלע קאָמעטן, אַלע לבנות, אַלע הימ־לישע קערפּערס לויכטן דעמאָלט פריי אויף. די לעבעדיקע און די טויטע מישן זיך אויס. דאָס „טויטע" איז נאָר בייטאָג געווען „טויט". ביינאַכט ציטערט עס אויף אין אַ פינצטערן קאָנצערט פון לעבן. עס ברעכט אַרויס מיט אַ שטורם פאַר זיין טויזנט יאָריק שווייגן. עס ציגדן זיך אָן אין די אורפינצטערנישן חלומות און וויזיאָנען. טרוימען און זייערע געהיימע און פאַרבאָרגענע טרוימערס גייען אויף. אַלע נישט־דערלעבטע לעבנס. אַלע ציטערנישן, אַלע בענקשאַפטן קומען צום אויסדריק. אַלע באַגערן און אַלע באַטראַכטונגען, אַלע געהיימע טריבן און ווילנס און צילען נעמען אָן פלייש, קאָליר, הויט און קאָרע. און זיי ווערן צו אַ פּנים און צו אַן אויסזען. און זיי ווערן צו טאַט און צו דראַמע. צו אַקציע און צו אויספירונג.

אין דער נאַכט שטייען אויף די מיאוסקייטן און די קריפּלען, די העקסן און די מכשפות. די גרויסע, מיטלאַלטערלעכע וואַלפּורגיס־נאַכט ציטערט אויף. די גרויסע מיסטעריע פון „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" וואַכט אויף. טויזנט רעבעלן שטייגן אַרויס פון די קברים. דאָס בית־עולם ציטערט פון אימה און פון אומרו. פון זיין בוידעם־שטיבל אָבסערווירט דער בדחן־דיכטער, דער דיכטערישער פאַרשטייער פון פאָלק, דער געהיימער פּרץ, דאָס שפּיל פון דורות אָן, ווען מענטשן און וואָלקנס, ווען שטיקער געזימסן און געשפּענסט פאַראייניקן זיך צום וואַלפּורגיס־שפּיל. ווען לץ און נאַר טאַנצן אַ קאַדריל. ווען דער שטומער ברעכט אַרויס מיט דונער־רייד. ווען דער פּנימלאָזער פלאַמט ווי אַ בליץ. ווען שאָטנס און שטומע שטייגן פון הימל ביז צו דער ערד. ווען געהיימענישן ווערן רעאַל. —

פון די טייכן שטייגן די וואַסערן, פון דעם רויטן לבנה־פידל געמאַ־ניעט און געצויגן. עס בוקן זיך אין דער ריכטונג צו דער לבנה אַלע פלאַנצן, אַלע בלומען, אַלע באָטאַנישע וועזנס; אַזוי ווי רעליגיעזע עקסטאַטיקער, אין אַ הייליקן וואַנזין. לונאַטיקער אַלערליי (לונאַ — לבנה; לבנה־וועזנס), טראָגן זיך פאַרשיכורטע, אין טראַנס אַריינגעוואָרפענע, אויף שטראַליקע שטריק צו דער לבנה. מיידלעך ציגדן זיך אָן און בענקען נאָך ליבע. אַלטע לייט ווערן באַרירט פון דער לבנה ווי פון כישוף. און זיי דערמאָנען זיך אין זייער יוגענט. יוגענטלעכע קוקן אויף דער לבנה מיט גליאיקע, עראָ־טישע אויגן. דאָס ליכט פון דער לבנה דרינגט אַריין אין די הערצער און

מוחות פון שלימזלען, טרוימער, דאָן קיכאָטן, נביאים, פּאָעטן, עקסטאַ־טיקער, העל־זעער און פינצטערניש־זעער און נישט־גוטע און נישט אויס־געלעבטע און באַליידיקטע און אַלערליי הייליקע.

די נאַכט איז די געבורטס־געבערין פון אַלע פאַרשווערונגען און אויפ־שטאַנדן. ווי שאָטנס פאַרזאַמלען זיך די העלדן אין פאַרויכערטע קרעטש־מעס און זיי צינדן אָן די אידעען פון פרייהייט און רעוואָלוציע. זיי אַרבעטן אויס פּלענער פון פאַרשווערונג און מרידה.

די נאַכט איז די סצענע פון שוואַרץ־פייערדיקע כוחות, פון שדים, רוחות, שאַלטיקעס, מכשפות, כישופמאַכער׳ס, וואַלפּורגיס־באַשעפענישן. די נאַכט שוויבלט און גריבלט מיט אַ ריזיקער קאָסמישער אַקטיוויטעט —

* * *

די וועלט־ליטעראַטור איז דורכגענומען פון איין פאַנטאַסטישן ליכט — דער לבנה׳ס ליכט. זי האָט איין לאָמפּ — די קרומע, די פאַרפלעקטע, די צינגעגע, די אומאויסגעפוצטע לבנה. זי לויכט ווי אַ שטיק אַלטפרענקיש גאָלד. זי איז ווי אַ שטיק רויטער וואקס אין בלויען הימל. אַכנאַטאָן און וואָלט וויטמאַן ווידמען זייערע לידער, זייערע קרעפטיקע געזאַנגען, צו דער זון, ווי די געבערין פון ליכט, די מוטער פון גאָר דעם לעבן אויף דער ערד, די געטין פון הימל. אָבער די לבנה באַזינגען די הונדערטער פּאָעטן פון דער ערד. עס איז די לבנה וואָס נעמט דורך די בלעטער פון דער וועלט־ליטעראַטור. וואָס טריפט גאָלדיק פון די ווערטער פון גרויסע לידער. עס איז דער לבנה׳ס ליכט וואָס טריפט אין די אָדערן פון עדגאַר עללען פּאָ, סלאָוואַצקי און היינריך היינע. די לבנה איז די מוטער פון דער וועלט־פּאָעזיע, בשעת די זון איז די מוטער פון דעם ערדישן לעבן. די לבנה איז ווי אַ גרויסע געליבטע. זי איז די פּריסטערין פון ראָמאַנטישן טעמפּל. די זון גיט לעבן, די לבנה — איינזאַמקייט, מרה־שחורה און טויט.

* * *

ביינאַכט זעט מען דעם הימל מיט זיינע מיליאָנען שטערן — די גע־וואַלטיקע אוניווערסאַלע אַקטיוויטעט. בשעת בייטאָג איז דער הימל בלייך און ליידיק. ביינאַכט זעט מען די גרויסע ערד מיט אירע עלעמענטן — בשעת בייטאָג איז די ערד פּוסט און אַלץ איז פאַרבאָרגן אין די טיפענישן, פאַרשמאַכטע וואַרטנדיק אויף דער נאַכט. עס איז ווי אַן אָפּערע אין וועלכער אַלע לאָמפּן זיינען פאַרלאָשן. די קלאָונען און די קעניגן שלאָפן מידע אין די ווינקלען. די פּרינצעסין איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען צו לייכטן מיט אירע זיידענע און באַלאָווע קליידער אַזוי ווי די זון אין מאָרגנרויט. די ווענט שלאָפן נאָך אין טונקלקייט מיט זייערע פאַרביקע דעקאָראַציעס.

נאָך נישט באַרירטע פון קיין פּראָזשעקטאָרן זיינען דער קעניגינס קאָסטיומען און דער פּרינצעסינס איידעלע צירונג...

אָבער געהיימע, בלויע און פּורפּורנע שאָטנס וועבן זיך. שוין צינדט זיך בלאַס אָן דער אומגעהייערער קאַנדעלאַבער אין דעם הימלישן פירמאַמענט. עס פלאַמען אויף אין געטלעכן ליכט פאַנטאַסטישע קאָנסטעלאַציעס. און באַלד וועט זיך אָנפאַנגען דאָס ווונדערלעכע, דאָס ראָמאַנטישע שפּיל אויף דער ערדישער בינע... עס שאַרכן שוין הערלעכע קליידער און בלאַסע פּרינצעסינס ציטערן פאַר גרויסע, פאַר אומגעהויער־טיפע שפּיגלען...

* * *

ווען אַ קראַנקער מענטש דערגרייכט די שעה פון באַגינען, איז ער געראַטעוועט. ווען די זון הייבט אָן צו לויכטן מיט איר היילזאַם ליכט, איז דער קראַנקער געראַטעוועט. ער קריגט צוריק זיין קאָנפידענץ. נייע מעכטיקע לעבנס־כוחות וווירקן אויף אים צום גוטן. ביינאַכט איז ער אַ קרבן מיט זיין שוואַכן האַרץ־שלאָג צו אַלע בייזע כוחות. די שלעכטע עלעמענטן האָבן איבער אים אַ שליטא. ער איז אונטערגעוואָרפן בייזע ווירקונגען, טונקעלע כוחות, גייסטער פון פאַרשטאָרבענע, און פאַרשאָלטענע, טייוואָלים און קרומע, גראַטעסקע געשטאַלטן; מכשפות, פאַרקרומענישן און טויטלעכע שטראַלן; אַלץ זוכט צוצונעמען זיין גאָלדענע נשמה. אָבער אויב ער דערלעבט די בלויע שעה פון באַגינען, נעמען אים איבער שעפערישע, קאָנסטרוקטיווע כוחות. אָנשטאָט טויטלעכע שדים שטייגן אויף זוניקע באַשעפענישן מיט גאָלדענע הענט און מיט גוטע פנימער און זיי באַרויִקן דעם קראַנקן און זיי גיבן אים צו טרינקען שטאַרקונגס־געטראַנקען און פאַנטאַסטישע עליקסירן. גוטע מלאכים טראָגן צו צום פאַרשמאַכטנס בלויע ליפּן גאָלדענע כוסות שאַמפּאַניער...

* * *

איך בין ביים פענצטער געזעסן אַ שמערצפולער. נאָר איך האָב געפילט אַז שעפערישע כוחות נעמען מיך איבער. אַז דאָס מיסטישע גייט אויף אין מיר ווי אַ באַלזאַם. אַז אין דער לופט קומט פאָר אַ קאַמף, אַ פורכטבאַרער געראַנגל צווישן די בייזע און די גוטע עלעמענטן. אַז גרויסע כוחות, ווי פרישע כוואַליעס, טראָגן זיך אויף מיר מיט אַ באַפעל פון לעבן און דערקוויקונג.

אין דער נאַכט האָב איך געזען גיין אַ הויכע, שלאַנקע, אויסגעצויגענע דאַמע — אינגאַנצן אין ווייסן. ווי פון אייז איז זי געווען. זי איז געגאַנגען באַרג אַראָפּצו, צום דערפרישנדיקן וואַסער. מיט איר, דער הונט, דאָס בידנע שטיקל לעבן. מיט איר, דער הונט, אַ קרבן פון אַ קראַנקער פרוי. דער ווינט האָט ווי מיט פליוש געגלעט די פרוי. געגלעט איר

קראַנקע הויט. די וואָלקנס זיינען געווען ווי צעלאָזטע שטיקער זילבערנע וואַטע. און די פרוי האָט זיך באַוועגט באַרג־אַראָפּצו, אַזוי ווי אַ פּאַנ־טאַסטישע קעניגין, אַזוי ווי לידי מאַקבעט. אַזוי ווי די קעניגין מאַקבעט מיט ציטערנדיקע און פאַרבלוטיקטע הענט. אַזוי גייט אַרויס אַ גייסט פון דער בינע פון אַ שעקספּירישן טעאַטער.

וואָס מער איך האָב געקוקט אויף איר, אַלץ מער האָב איך געפילט איר רואיקייט. איר גיין אַנטקעגן דעם גלעטנדיקן ווינט. ווי אַזוי זי גיט זיך איבער, אַזוי ווי אין אַן אַקט, צו דער פינצטערניש. זי איז געווען אַזוי ווי די קעניגין פון דער נאַכט. —

* * *

אין דער נאַכט איז פאַרפאָרן אַן אויטאָמאָביל צו אַ הויז פון דער גאַס. פון דאָרט זיינען אַרויס אַ פּאָרל. אין האַלבע נאַכט־אַטמאָספערע זעט עס אויס אַזוי געהיימניסשפול און מיסטעריעז. עס ציטערט דאָס פייער פונם ציגאַרעט אין איר קליינעם מויל. טראָץ דער לאַנגער רייזע באַזיצט זי נאָך פרישקייט, רייץ און קוואַלנדיקן געלעכטער. ווי אַ זילבערנע גלעקל קלינגט איר קול הימלעך און אנגענעם. דער מאַן טראָגט די וואַליזעס. זיי רעדן עפּעס צווישן זיך.. זי שליסט אויף מיט איר קליינער האַנט די טיר. ווי אַנגענעם עס באַרירט זיך מיטן שליסל די אייגענע טיר, די היימישע טיר, נאָך וועלכער מען האָט אין דער פרעמד אַזוי פיל געגאַרט. מאַן און פרוי זיינען באַקלעפּט מיט שטיקער נאַכט. זיינען איינגעהילט אין פייכט־טריפנדיקער נאַכט, זיינען מיד פון דעם קלאַפּן פון די אַקסן פון דעם צוג. זיי פאַרשווינדן אין דער אָפענער טיר. אין אַ פינצטערן הויז צינדט זיך אָן אַ ליכט. פרוי וואַרפט אַרונטער שנעל אירע פאַרשטויבטע קליידער. באַלד גיט זי זיך איבער צום הונגעריקן בעט, וואָס האָט געחלומט פון איר גוף. זי וואַרפט זיך אינגאַנצן אין די בלייערנע אָרעמס פון שלאָף. גרויסער דאַן זשואַן! קוש אירע אויגן און שליס זיי האַרציק צו... עס לעשט זיך אויס דאָס פענצטער. דער שלאָף נעמט זיי אַרום. דאָס איז דער לעצטער אַקט פון אַ רייזע — דער לעצטער אַקט אַרום האַלבע נאַכט...

* * *

עס גייט אין דער נאַכט אַ הויכער מאַן, ווי פּאַגאַניני. ער טראָגט אויפן האַנט אַ קינד, ווי אַ פידל. איך טראַכט פון געטהעס ליד „דער ערל־קעניג“. די אימה, דער פּחד, די פאַרכט.

עס מישן זיך די וואָלקנס. עס קאָכט אַ מכשפה אַ געקעכטס פאַר׳ן קעניג שאול; פאַר דר. יאָהאַננעס פאַאוסטוס...

* * *

ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע, דער גרויסער אינדישער פּאָעט, שרייבט אין זיין

בוך „סאַדהאַנאַ" (די רעאַליזאַציע פון לעבן) — וועגן דער האַרמאָניע וואָס הערשט אין דער וועלט. געוויינלעך ווערן מיר פאַרצווייפלט ביים אָנבליק פון אַ וועלט וואָס איז לויטער כאַאָס, לויטער שטורם און קאָנפליקט.

די מענטשלעכע דראַמא פון ליבע, פאַראַט, באַטרוג, מאָרד און טראַגעדיע איז בלויז אַ שטויב אין דער אומגעהייערער טראַגעדיע פון דער וועלט, וואָס איז פול מיט בייזע, אַנטקעגנגעזעצטע, צעשטערערישע כוחות, וואָס ווירקן זינט מעשה בראשית אָן אינם וועלטאַל. זיי ברעכן אַרויס אין דער נאַטור, אין די ווילדע עלעמענטן, אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אין דעם מין מענטש. אַזאַ אויפשטורעם פון פינצטערע ענערגיעס און אורעלעמענטן האָט מען געזען אין אונדזער עפּאָכע, אין דעם אויפברויז פון דער נאַצי־חיה.

ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע זאָגט אָבער, אַז עס איז פאַראַן האַרמאָניע און אָרדנונג אין דער וועלט. עס איז פאַראַן אַ געוויסע האַרמאָניע צווישן אונדזערע ביידע אויגן, וואָס מאַכט זיי צו האַנדלען אין אייניקייט. עס איז פאַראַן אַן אומצעברעכלעכע קאָנטינואַציע פון שייכות׳ן אין דער פיזישער וועלט צווישן היץ און קעלט, ליכט און פינצטערניש, באַוועגונג און רו, אַזוי ווי צווישן די פאַרשידענע טענער פון אַ פּיאַנאָ. אָט דערפאַר ברענגען די דאָזיקע קעגנגעזעצלעכע כוחות נישט צו קיין כאַאָס אינ׳ם וועלטאַל, נאָר צו האַרמאָניע. ווען די וועלט־קרעאַציע וואָלט געווען בלויז אַ כאַאָס, וואָלט מען זיך געדאַרפט פאָרשטעלן אַז די צוויי אָפּאָזיציאָנעלע פּרינציפּן וואָלטן זיך געוואָלט באַזיגן איינער דעם אַנדערן. אָבער אין דער וועלט געפינען מיר נישט קיין אייניציקן כוח וואָס קען ווערן אַמאָק, וואָס קען אָנגיין אומענדלעך אין זיין ווילדן קריג, ווי אַ משוגענע פוריע, ברעכנדיק אַלע געזעצן פון דער וועלט. יעדער כוח, אין קעגנטייל, מוז צוריקקומען אין אַ האַלב־קרייז צו זיין עקוויליבריום.

כוואַליעס שטייגן, אין זייער מעכטיקער הויך, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך איינע די אַנדערע ווען פאַרפלייצן. אָבער בלויז ביז צו אַ געוויסן פונקט. מיר ווייסן דאָך פון דער גרויסער רו פון ים, צו וועלכן די אַלע כוואַליעס געהערן, און צו וועלכן זיי מוזן זיך צוריקקערן אין אַ ריטם וואָס איז הערלעך.

באמת, די דאָזיקע ברויזונגען און וויבראַציעס, דאָס דאָזיקע שטייגן און פאַלן, איז נישט קיין רעזולטאַט פון כאַאָטישע באַוועגונגען פון וואַנזיניקע קערפּערס, נאָר דאָס אַלץ, לויט טאַגאָרן, איז אַ ריטמישער טאַנץ. ריטם ווערט קיינמאָל נישט געבוירן פון די אומנאָרמאַלע באַוועגונגען פון געשלעג. דער הויפּט־פּרינציפּ פון ריטם איז אייניקייט, צוזאַמענשפּיל, האַרמאָניע — נישט קיין אָפּאָזיציע.

דער פּרינציפּ פון איינִיקייט איז די מיסטעריע פון אַלע מיסטעריעס. אַזוי שנעל ווי מיר באַמערקן צוויי כוחות וואָס שלאָגן זיך קעגנזייטיק, זוכן מיר זייער לייזונג אין דער איינהייטלעכקייט. און דעמאָלט זיינען מיר נאָענט צום אמת. אָן צווייפל, דער אינדישער פּאָעט האָט דאָ אָנגערירט דעם עסענץ פון אַלע צווייפלען און קאָנפליקטן. ער האָט באַרירט די געהיימניש פון דעם וועלטס־קאַמף, פון דער הימלישער דראַמע און פון דער אינערלעכער האַרמאָניע פון דעם וואָס שיינט אונדז צו זיין קאָמפּאָנירט פון לויטער שטורמישע עלעמענטן און בייזע כוחות.

* * *

די וויסנשאַפט מוז אנערקענען אַז דער מענטש איז אַ קאָסמיש באַשעפעניש. אַז ער איז אונטערגעוואָרפן דער זון און די שטערן. אַז ער איז אינמיטן רוים, ווי אַ האַרפע, סענסיטיוו צו אַלע וועטערן און קלימאַטן. סענסיטיוו צו די הימלישע געשעענישן און דראַמעס. וואָס איז דער מענטש? אַ האַרפע, אַ גילדערנע האַרפע, וואָס אַלע כוחות אין גאָט׳ס וועלט שפּילן אויף איר זייערע גרויסע מעלאָדיעס. דער מענטש איז אַ טייל פון דער ערד. די ערד גייט אייביק אַרום אין אַ ריטמישן, עליפּטישן טאַנץ אַרום דער זון. די זון איז דאָס האַרץ פון סאָלאַר־סיסטעם. דער סאָלאַר־סיסטעם באַטייליקט זיך אין אַ קאָלאָסאַלן טאַנץ אַרום אַנדערע הימלישע קאָנסטעלאַציעס. אַלע קאָנסטעלאַציעס באַוועגן זיך אין אַ טאַנץ אַרום די אינדזל־אוניווערסן און זיי אַלע ווידער באַטייליקן זיך אין דעם סאַמע הערלעכסטן טאַנץ און הללויה אַרום דער שטראַלנדיקייט פון גאָט.

ניו־יאָרק, 5 סעפּטעמבער, 1945.

## דער אומבאַקאַנטער מאַן

מיינס אַ פריינט דערציילט מיר:

— עס איז שפּעט ביינאַכט. איך וויל פאַרויכערן אַ ציגאַרעט. די שטערן און די לבנה זיינען אויסגעלאָשן אין דעם געדיכטן נעפּל. דער נעפּל איז ווי אַן אומענדלעכער וואָאַל, וואָס פאַרהילט נישט נאָר דאַמען און גייסטער, נאָר אויך די וואַגאַבונדן און די האָבאָס. די נאַכט איז ווי פון זילבערנעם רויך. און איך וויל פאַרויכערן אַ ציגאַרעט. ערשט עס קומט אָן אַ מאַן. דער קאָלנער איז ביי אים אויפגעשטעלט און דער צעקנייטשטער הוט איז טיף אַרונטערגערוקט, ווי ער וואָלט וועלן זיין פּנים באַהאַלטן. אין מויל ביי אים לויכט אַ ציגאַרעט. דאָס פייער מאַניעט. פינקלט. איך גיי צו צו אים בעטן פייער.

דער מאַן צווייפלט צי ער זאָל מיר געבן פייער. ער וויל מיך, קענ־

טיק, אויסמיידן. ער וויל אַוועקגיין אין אַ זייט מיט זיין פינקלענדיקן ציגאַרעט. אָבער איך צווינג זיך אויף אים אַרויף. איך בין אַפילו גרייט אַזאַ מאַן צו באַליידיקן. אַ מאַן וואָס וויל נישט געבן קיין פייער אין דער דאָזיקער אומהיימלעכער נאַכט... אָבער ער, ווייזט אויס, האָט זיך באַרעכנט... ער שטעלט זיך אָפּ און ער רייכט מיר דעם ציגאַרעט. אינם ליכט זע איך אַז דער מאַן איז אַ לעפּראָסי־קראַנקער... און ער האָט מיר דערלאַנגט דעם ציגאַרעט מיט צאַרן, פונדערווייטנס, אַז איך זאָל נישט צוקומען צו נאָענט צו אים...

אָרעמער מאַן! ער איז אַרויסגעגאַנגען שפּעט ביינאַכט, ווי אַלע שאָטנס פון דער ערד גייען אַרויס, אין דער פייכטקייט פון לופט און פון וואָלקן, און איך האָב אים פאַרפאַלגט...

ער איז שטאָלץ, ווי אַ פאַרקליידעטער קעניג, געגאַנגען אין דער נאַכט. אַן איינגעהילטער אין דעם וואָלקנשפּינגעוועבס.. אין דעם וואַלישן נעפּל...

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער 27, 1945.

## שאַמפּאַניער

די גרויסע קינסטלערין דערציילט:

— עס איז געווען אין אַ נאַכט, ווען מיר זיינען אַלע געווען הונגעריק און דורשטיק. די נאַכט איז געווען אַ גרוי־נעפּלדיקע, אַ רעגנדיקע. די לאָמפּן פון די לאַמטערנעס זיינען געווען ווי פאַרהילט אין זייד, אין דעם אַרעאָל פון די נעפּלען, ווי אַרום די קעפּ פון ליכטנדיקע הייליקע. מיר זיינען געווען טרויעריק און דערשלאָגן. ווען פּלוצלונג קלאַפּט עמעץ אָן אין טיר. ווער קען עס קלאַפּן אַזוי שפּעט ביינאַכט אין דער טיר? איז עס אַ שיכורער מלאך וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אונדזער טרויעריקער גאַס? מיר עפענען די טיר און עס דערשיינט אַ זייער שיין געקליידעטער מאַן, שוין עלטערלעך, מיט גרויע וואָנסעס, אַ הויכער, ווי מעפיסטאָפעל. אָבער זייער פריינטלעך. ער לאַדט אונז אַלע איין היינטיקע נאַכט צו הוליען מיט אים וויפיל דאָס האַרץ גלוסט...

און, מיר האָבן יענע נאַכט געהוליעט. מיט האָבן זיך אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער. אין די קליידער פון אונדזערע אַמאָליקע טריאומפן און באַנקעטן. יענע נאַכט האָבן מיר פאַרבראַכט ווי די קעניגן. די גאַנצע נאַכט איז געווען ווי פון גרויע זייד געוועבט. דער נעפּל האָט פאַרהילט אַלע זאַכן: הויז, שילד, בוים און לאַמטערן. מיר זיינען געווען די קעניגן פון דער נאַכט. די סולטאַנען און די פרינצן און פרינצעסינס. פליישן האָבן זיך געראַכערט פאַר אונזערסוועגן. ס'האָט זיך געגאָסן שאַמפּאַניער מיט זיין שוימיקן און גילדערנעם פלוס. אין די גאַרגלען האָט געזונגען דער

ליקער. פון יעדער פלאַש איז אַרויס אַ טייוול און זיך פאַר אונדז פאַרגעשטעלט און זיך געבויגן ביז צו דר׳ערד און צו אונדזער ערע געצויגן די בלויע שווערט. ער האָט פאַר אונדז זייער גאַלאַנט זיך געבוקט און פאַרנויגט און געלויכטן מיט די שיינקייטן פון גהינום... מיר האָבן רייך געלעבט און רייך זיך געקושט, געליבט און געלאַכט.

עס איז געווען אין אַן אָקטאָבער־פּייכטע נאַכט. די בלעטער — ווי קאָנפעטי צו אונדזער מאַסקנבאַל. די בוימער שטעקן מיסטעריעז אַריין די צווייגן דורך די פענצטער. עס טאַנצן סאַטירן, פאַונען, נימפן, אַלערליי סאַרדאָנישע און פאַנטאַסטישע באַשעפענישן. עס טאַנצן קרעאַטורן מיט מענטשלעכן טרויער, מיט מענטשלעכן יאָמער אין די זילבערנע און גיל־דערנע גאָרגלען. עס טאַנצט פאַר אונדז אַן אײדל, אויסגעטראַכט, פון זייד געוועבטן פובליקום. זייערע פּנימער — קענסט ווייניען פון זייער טיפער איידלקייט, פון זייער שטערבלעכקייט, פון זייער עפעמערישקייט. עס טאַנצט טרויעריק און געהיימנישפול אַ דינע פאָרל, ווי פאַרמשפּטע, ווי צום טויט און ליבע און צער פאַראורטיילטע. דאָס מיסטעריעזע, צאַרטע פאָרל, פעסט זיך אַרומגענומען אין זייערע גופים און שיקזאַלן, פעסט פאַר־קלאַמערט און איינגעביסן איינער אין דעם אַנדערן — ביז צום טויט. — זיי טאַנצן מיט אַ מיסטעריעזן, טראַגישן ריטם, צום ריטם פון אַ געהיימען, אומגעזעענעם אָרקעסטער, פון וועמענס מעלאָדיען עס טוט שרעקלעך וויי. און עס שטראָמען כוואַליעס נאָך כוואַליעס שאַמפּאַניער. אַ ים פון פאַרביקע ליקערן. מיר זיצן און מיר ציטערן מיט גילדערנע שאַרבן־גאָנדאָלאַס אין דעם ציטערנדיקן ים פון ליקער. עמעץ פון אונדז טוט אָן די לבנה — אַ צעבראָכענע קרוין, אָפּגעריבן פון ווינט און פון וואָלקן. אָפּגעריבן פון די שטורעמס און פון די זאַווערוכעס, וואָס פוצן דעם זשאַווער פון דעם אייזערנעם פּנים. ווישן דעם שטויב פון מעטאַל אויף אירע וואָלקאַנישע פּייזאַזשן. —

און, די גאַנצע צייט, צו אונדזער פרייד, געפינט זיך מיט אונדז דער וואָס וואַרפט מיט געלט. נישטאָ קיין כישוף געגוג טייער אַז ער זאָל נישט פאַר אונדז וועלן אָפּקויפן. דער שטראָם פון גאָלד ציט זיך פון זיינע קע־שענעס פאַר די טייערסטע פאַרגעניגנס וואָס ער קען אונדז נאָר מעגלעך פאַרשאַפן. ער איז אַרויס פון דעם טיפן ערד־שפּאַלט, דער רייכער קורח, דער פאַרדאַמטער און פאַרכישופטער קעניג מידאַס. ער האָט זיך אַרויס־געדראַפּעט פון דעם וועלט־טאַל, אויף פעלדזיקע ווענט, צוריק צום ליכט און ער פייערט אונדזערע געבורטסטאָגן — ער איז מעפיסטאָ. ער איז טייוול. מיר לעבן היינט אויף זיין חשבון. ער צאָלט מיט בערגער פון גאָלד־דו־קאַטן. און ער פאָדערט נישט אונדזערע נשמות פאַרן שניי און פאַר די

פייערן פון גהינום. דער טייוול אָן הערנער — דער קעניג אָן אַ קרוין און סצעפּטער — דער מעצענאַט אָן דעם לעגענדאַרן רום — צאָלט פאַר דער גאַנצער זילבערנער נאַכט מיט גילדערנע מינצן פון זיין רייכן שאַצקאַמער. פון די טיפענישן פון זיינע אייזערנע קאַסעס. — — —

אין דער פרי, ווען איך בין די איינציקע פון דער גאַנצער פאַמיליע געבליבן אין זיין צימער, מיד און פאַרמאַטערט פון פאַרגעניגנס און איך האָב זיך געשראָקן פאַר זיין פרייז, פאַר זיין אונפאַרמיידלעכער פאָדערונג, וואָס האָט פריער אָדער שפּעטער געמוזט קומען — ווי אַ באַלוינונג פאַר דעם רייכן גאָלד וואָס ער האָט געלאָזט צעפליסן און צעשטראָמען אינם גילדערנעם אָוונט פון אָקטאָבער; ווען איך האָב געציטערט אַ דערשראָקענע ווי שעכערעזאַדע, אין דערוואַרטונג פונם סולטאַנ׳ס גרויזאַמען משפּט איבער איר יונג לעבן; און ווען די לבנה איז געוואָרן בלייך ווי חלב און איז אָפּגערונען אין טראָפּנס איבער דער ערד און ווען די אויפגייענדע זון האָט מיט בלוטנדע שווערטן צעשטאָכן דעם נעפּל — אָט די לופּטיקע און אומגעהייער־איידעלע דראַכע, פאַרשפּרייט אויף גאָר דער ערד — האָט דער מאָדנער, געהיימנישפולער מעפיסטאָפעל געזאָגט צו מיר:

— עס איז געווען מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען איך בין ערשט געהאַט אַנגעקומען אין לאַנד. איך בין געווען הונגעריק און איינזאַם. דער עלענט האָט מיך געגריזשעט אין דער פרעמדער, גרויסער שטאָט. פּלוצלינג, שטייענדיק איינמאָל אויפן גאַס, איז אָנגעפאַרן ווילד אַ קאַרעטע. אין איר איז געזעסן אין אַ קעניגלעכער פּאָזע דיין פאָטער און דו... דיין פאָטער, ווי אַ יופּיטער־גאָט, האָט געטריבן די ווילדע, די פייערדיקע פערד, וואָס זיינען ווי פּעגאַזיש, ווי שטראָמען גליענדיקער גאָלד פון דער פרימאָרגן־זון, געפלויגן. און דו ביסט געזעסן נעבן דיין פאָטער — אַזאַ צעשטראַלטע, אַזאַ יונגע, אַזאַ גאָלדענע ווענוס. ס׳האָט רייך געבלענדט דאָס גאָלד פון דיינע אויגן. און דער נאַכטיקער פּעך פון דיינע שווארצע האָר האָט געוועקט טויזנט פאַרלאַנגען אין מיין יונג קאַוואַלעריש האַרץ. ס׳האָט דיין שלאַנקע און פעסטע פיגור, ווי די פון אַ רוימישער סטאַטוע, זיך פאַרקריצט אין מיין זכרון מיט אַל איר שיינקייט און גראַציע. דעמאָלט, אין יענעם פאַרכישופטן פרימאָרגן, אייך אַ פאַרגאַפטער נאָכקוקנדיק, האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין, נאָכדעם ווי די פאַנטאַסטישע קאַרעטע איז פאַרבייגעריטן:

— ווען איך וועל אַמאָל זיין רייך, וועל איך איינלאַדן און אויסנעמען די דאָזיקע פאַמיליע אויף אַ גאַנצער רייכער נאַכט. שאַמפּאַניער וועט זיך גיסן ווי שטראָמען פון אַן אָצעאַן. איך וועל אייך פאַרהילן אין אַ רעגן פון פייער און פון גאָלד...

— און שאַמפּאַניער האָט זיך געגאָסן ווי די כוואַליעס פון ים די גאַנצע נאַכט! — האָב איך צוגעגעבן.

און, אין אַ ווײַלע אַרום איז דער נאָך אַלץ צו מיר געהיימנישפולער מאַן אויף אייביק פאַרשווונדן. איך בין געווען טרויעריק אַנטוישט פון זײַן לאָזן מיך אַליין. פון זײַן נישט פאַרלאַנגען קיין באַלוינונג פאַר זײַן לעגענ־דאַרער עקסטראַוואַגאַנץ. אפשר זײַנען מיר ביידע געווען אַלט... יעדנפאַלס, פיל עלטער ווי אין יענעם בראַנדזענעם פרימאָרגן... ווען די לוסטן און די באַגערן האָבן נישט געקענט דערפילט ווערן... און ווען רײַכקייט און גאָלד איז געקומען צום מאַן, זײַנען מיר שוין אַלע געווען עלטער... טרויערי־קער... איינזאַמער...

מער האָט זיך דער געהיימנישפולער, טראַגישער מעפיסטאָ נישט באַ־וויזן. אפשר האָט ער יענע נאַכט צופיל געטרונקען... אפשר איז די נאַכט פון רעאַליזירן זײַן לעבנס־חלום — אונדז אַלע אויסצונעמען אויף זײַנע קאָסטן — אויך געווען זײַן סאַמע לעצטע לעבנס־נאַכט... אין דער נאַטור, אַזוי ווי פאַר דעם אויסדערוויילטן חתן פון דער בינען־קעניגין, וואָס שטאַרבט ווען דערגרייכנדיק זײַן ציל: די הערלעכע קעניגין — קומט עס נישט זעלטן פאָר, ווען די העכסטע לוסט איז גלייכצייטיק דער לעצטער אָטעם פון לעבן...

עס איז שפּעט בײַנאַכט. אויפן טיש וואַלגערט זיך דאָס צירונג פון דער קינסטלערין — אַ גאָלדענע רינג מיט אַן אויג פון אַ סאַפּיר. אַ טיף לויכטנדיק אויג — אַן טרערן — וואָס האָט געזען פילע בעלער, פאַרשטע־לונגען, באַנקעטן און פייערלעכקייטן. האָט רעפלעקטירט פילע זײַדענע מאַס־קעס אויף פאַנטאַסטישע מאַסקנבעלער; און קאָסטיומען אַלערליי. אַ גאָל־דענע קייט האָט מאַסיוו, ווי אַ שלאַנג, זיך געוואַלגערט אין בלויען אַש פון פאַרברענטע ציגאַרעטן. אין דער קליינער ביכער־שאַפע איז געשטאַנען אַ דיקער באַנד מיט גאָלד־אותיות אויפן לעדערנעם רוקן: פון די ברידער גאָנקור. אין אַ ווינקל איז אַ קליינער באַנד געשטאַנען — סאַפאָ׳ס צאַרטע לידער.

אין איר הויכער געשטאַלט, ווי אַ מעפיסטאָפעלישע פיגור, איז גע־לעגן אויף דעם בלויען אָטאָמאַן די שלאַנקע דאַמע און אירע קופער־ברוינע לאָקן זײַנען בונט געפאַלן אויף אירע מילך־בלייכע שולטערן. און פון די טונקעלע ווינקלען, האָט זיך מיר געדאַכט, וועט אַרויסקומען אַ מאַן און עפענען שטורמישע שטראָמען שאַמפּאַניער — פלעשער מיט גילדערנע העלדזער; פון די שטערן וועט זיך גיסן אַלטער ווײַן — יאָר־טויזנטער אַלט; און אַ וואָלקן וועט מיט זײַן לויזן אַרבל אָפּווישן דעם זשאַוועך פון דער לבנה׳ס אײַזערנעם פנים־פּייזאַזש...

ניו־יאָרק, 8 אָקטאָבער, 1945.

## ביים איסט ריווער

וואַסער אַזוי ווי שוואַרצע, צעשמאָלצענע אײַזן. נאָר עס שלאָגט דיך נישט ווי מיט האַמערס. עס גלעט דיך מיט טונקעלע, ליקידע פֿינגער. עס הילט דיך אײַן אין שטאָלערנע שלייערן. די שטאָט איז פֿון שטיין. און עס בענקט זיך צו דער נאַכטיק־נעפּלדיקער פֿייכטקייט. און דאָס וואַסער איז שוואַרץ ווי אײַזן. און ווען די לבֿנה דערשײַנט — זשאַווערט עס.

דו דערקענסט נישט קיין מענטשן אין דער נאַכט. נאָר זיי קומען אײַנציקווײַז, ווי פֿערזן אין אַ ליד. זיי שטעלן זיך דאָ אויס, צו אַ פּאָעמע. ס'האָט דער דאָזיקער פֿאַרלאָזן זײַן מאַנסאַרדע, כּדי צו באַרירן דעם אור־ים. ס'האָט די טונקעלע פֿרוי פֿאַרלאָזן איר בירגערלעכן אַפּאַרטמענט. זי דערמאָנט זיך עס געענוי, מיט אַ מיליאָן יאָר צוריק. ביים ברעג פֿון הייסן, זיך קאָכנדיקן ים. דער ברעג — אַ זומפּ, מיט מאָדנע עקדישן און שלאַנגען און פֿלאַנצן. און זי איז געווען אַ טייל פֿונ'ם זומפּ. נאָר ס'איז דורך איר געביין דורכגעגאַנגען אַ גרויס ציטערניש, אַזוי ווי גאָט'ס אַ ליד. זי איז דעמאָלט געווען די גאַנצע מענטשנוועלט. נאַקעט און באָרפֿוס. און עס גייט אַרויס פֿון ים אַ מאַן — אַ מאָנסטער. זינט דעם לעצטן מיליאָן יאָר יאָגט ער זיך נאָך איר... עס קומען מענטשן צום איסט־ריווער, דערפֿילן אין דער פֿינצטערער נאַכט די געזאַלצענע ים־לופֿט. זיך אײַנהילן אינ'ם שטאָלערנעם שלייער. די שטאָט איז פֿון שטיין. און עס בענקט זיך אַרויס־צואַנטרינען פֿון איר שטייניקייט. עס בענקט זיך נאָך פֿייכטקייט פֿון נעפּל און ים. עס בענקט זיך נאָך נאַטור.

די בריק הענגט מעכטיק פֿאַרצווייגן איבערן גאַנצן ברייט פֿון איסט־ריווער. עס באַוועגן זיך אויטאָמאָבילן. עס איז ווי אַ ספּיריטועלע בריק. און מענטשן פֿאָרן אין גן־עדן און אין גהינום. מלאָכים זײַנען די שטראַ־ליקע שאָפֿערן. די בריק זעט אויס אַזוי ווײַט אינ'ם טומאַן. נאָר זי עק־זיסטירט. קיין צווייפֿל. דורך איר גייען איצט דורך דאַנטע און ווירגיל. וועלכע קלאַסישע געשטאַלטן! זיי גייען אַהינצו, צו די טאָלן פֿון פֿייער און מענטשלעכע יסורים.

די לבֿנה גייט אויף און איך זע זינד אין דער לופֿט און אין וואַסער. מיליאָנען פֿיש גייען אײַנע איבער די אַנדערע אין אַן אָרגיע. עס איז ווי דו וואָלסט אין די ברילִיאַנטענע פֿיש געזען אַלע מענטשלעכע דורות. עס איז אַ שטורם פֿון זינד אין ים, אין דער לופֿט. און עס פֿאַלן שווערטן און קינזשאַלן, און עס בלוטיקן די פֿיש אין זייער אימה'דיקער אָרגיע.

און די לבנה פליסט מיט ליכט. און ביזאַרע באַשעפעניש און דראַכן פּילן אַן די לופט. עס איז אַ פאַנטאַסטישע וועלט פון זינד און שמערץ.

איך שטיי ביים איסט ריווער און מיר דאַכט אַז איך בין אין ווענעציע. אַזוי האָט געמוזט אויסזען ווענעציע אין אַ נעפּלדיקער נאַכט, ווען די גאָנדאָליערן רופן זיך איבער מיט ראָמאַנטישע לידער. ווען לאָרד בייראָן שפּאַצירט דורך מיט זיין גרעפין אין אַ שוואַרצער קרינאָלינע... ווען פּאַגאַניני שפּילט אויף זיין שמערצפול־איידעלער פידל ערגעץ אין אַ מאַנסאַרדע, אין אַן אַלטן שלאָס, איצט אַן אַלטע רואינע. ווען פּיעטראָ אַרעטינאָ גייט דורך מיט זיינע זיבן קעבס־ווייבער אין דער לוסט... אין זון־אונטערגאַנג... ביי די פלאַמען פון גהינום... — — —

און פּלוצלינג טראָגט זיך אָן אַ קליין שיפל איבערן וואַסער. עס זיצט דאָרט אַ פאַרפאַלק פון דעם לעצטן יאָרהונדערט. שטיל שיפן זיי זיך איבערן שוואַרצן וואַסער... זיי שיפן זיך ווייט, ווייט אַוועק... צום לאַנד פון די שאָטנס... דאָרט אַהין, וואָס ווען ענקידו, דער קעניג פון בבל, אַ יונגער און אַ שיינער, נידערט אַרונטער, כדי צו טרעפן דעם גייסט פון זיין פאָטער — קומט ער צוריק אַ פאַרענדערטער... וואָס מיר שיינע פרויען און זייערע ווונדערלעך־צאַרטע, גאָלדענע בריסט!... וואָס מיר טייערע ליקערן און ברויזענדע ווייגען און שטורמישע קוואַלן זיך צו באָדן און די גאָלדענע שטראַלן פון דער זון. ענקידו, דער קעניג פון בבל, וואָס האָט געענידערט אַ שיינער גבור אין דעם לאַנד פון די שאָטנס — קומט צוריק אַ זקן... ווי בודאַ קומט צוריק נאָכדעם ווי ער האָט געזען מענטשלעכעליידן אויף זיין קעניגלעכן שפּאַציר... ווי לאַזאַרוס קומט צוריק פון די ווערם פון קבר, כדי אָפּצולאָכן פון דעם גלאַנץ און דער מאַכט פון דער רוימישער אימפּעריע... ווי אָדיסיי קומט צוריק אַ טרויעריק־בלאַסער... ווי קעניג קהלת וואָס האָט געזאָגט:

„עס איז בעסער צו גיין אין אַ הויז פון טרויער, איידער צו גיין אין אַ הויז פון אַ סעודה; מחמת דאָס איז דער סוף פון יעדן מענטשן, און דער לעבעדיקער זאָל זיך עס אַריינגעבן אין זיין האַרצן.

„בעסער איז פאַרדראָס, איידער געלעכטער; וואָרן דורך דעם טרויער פון פּנים ווערט בעסער דעם האַרצן".

* * *

און אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט באַוועגן זיך מענטשן — טרויעריקע מענטשן, אין נאַכט און אין נעפּל איינגעהילטע מענטשן... טרויער־קראַנקע מענטשן...

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 31, 1945.

# נאָוועמבער

אין סעפּטעמבער און אָקטאָבער מאָלט דער האַרבסט זיינע שענסטע קאָלירן. זיין פּאַלעטע איז רייך אין אַלערליי פלאַם־פאַרבן. אין די לעצטע טעג פון אָקטאָבער ווערט די אַלטע האַרבסט־אַפּערא געשלאָסן. עמעץ ציט אַראָפּ די פאָרהאַנגען פון דער גרויסער פאַרשטעלונג. אַלע בראָנדז־אָנ־געבלאָזענע מלאכים ווערן פאַרשוווּנדן. עס קומט אויף דער סצענע דער מאָנאַט נאָוועמבער.

נאָוועמבער איז פייכט און גרוי. נאָך גליען טרויעריק אין זיינע פייכט־קייטן די אָקטאָבערדיקע גאָלד־שיינקייטן. נאָך וויאַנעט דאָס זייד פון האַרבסט־דעקאָר. נאָוועמבער איז דאָס טויער צום ווינטער. דאָס בלייערנע טויער צום גרויסן ווינטער...

אַ פייכטער, רעגנדיקער חודש, ווען דער האַרבסט איז נאָך פאַרנומען מיטן אָפּליידיקן די גרויסע פּאַרק־סצענע. עס פאַרנעמען זיך אַלע געטער און געטינס; אַלע מלאכים און פּאָעטישע קרעאַטורן; אַלץ נעמט זיך פּי־בערנדיק צו איילן אָפּצוליידיקן די סצענע פאַר נאָוועמבער. אַזוי ווי הינ־טערקוליסן־אַרבעטער ליידיקן אָפּ די סצענע פון דעם דעקאָר פון אַ פריער־דיקער פאָרשטעלונג, כדי אַ נייע זאָל ווערן געשפּילט אין גאַנצן לאָר און כישוף...

די נאַטור איז פייכט. עס איז נישט די פייכטקייט פון פרילינג. נאָר דו האָסט שוין פרילינג־אימפּרעסיעס, פרילינג־מאָמענטן. נאָוועמבער איז פול מיט אילוזיעס פון פרילינגס־געבורט. אָבער געבוירן ווערט זי דעם אונ־היימלעכן, דעם קאַלטן, דעם אייזיקן ווינטער...

אין פּאַרק זיצן די פרויען מיט זייערע קינדער. עס זיצן נאָך אין פּאַרק די אַלטע לייט. און וויפיל אומגעזעענע גייסטער זיצן צווישן די גרויע בוימער, אין נאַסן פּאַרק... ליידנדע און צאַרטע און זילבערנע וועזנס. זיי באַהאַלטן זיך, ווי קאַרליקעס, אין שאָטן. זיי שעמען זיך אין דער קאַרגער זון צו ווייזן זייער עקזיסטענץ. —

נאָוועמבער איז איידל, פול מיט פּאָעזיע, מיט דעם כישוף פון אָפּגייענ־דיקן האַרבסט און זומער; מיט אַ פּראָצעסיע פון געטער וואָס ציען זיך אַרויס פון פּאַרק. די ווינטן זיינען דראָענדיקע. נאָוועמבער איז נאָך פול מיט מיטלייד. דעצעמבער איז שוין קאַלט און ברוטאַל. און טרייבט די ליידנדע זעעלן פון דער ערד... באַליידיקט און פּאַטשט ווינטיק די איינ־זאַמע און די טרויעריקע...

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 17, 1945.

# קוויאַטן

מיין פריינט האָט געטראָגן אַ מתנה צו דער ניי־געווינערין אַ בוקעט מיט בלומען... די בלומען האָבן געטאַנצט אינ׳ם בוקעט זייער לעצטן, גרויסן טאַנץ. זיי האָבן ווי שטיקער זון געלויכטן. און איך האָב געטראַכט פון דער יונגער דאַמע וואָס ליגט נאָך אין בעט אַ פּיכט־פּאַרטרערטע, מיט דעם יונגן פּרינץ ביי איר זייט... ווען פּלוצלינג, אין געדראַנג פון סאַבוויי, האָט עמעץ זיך דורכגעשטויסן מיט אַ טרויער־גרויסן קראַנץ... דער מאַן האָט זיך געאײַלט צו אַ לויה... און ביידע מתנות מיט בלומען — דער בוקעט פאַר דער געווינערין און דער קראַנץ פאַרן קבר — האָבן זיך באַרירט, אַזוי ווי צוויי פייערן... איך האָב געטראַכט: די דאַמע שמייכלט ווונדערלעך... און ערגעץ אין זיין אייזערנער טרונע ליגט דער מאַן, אָדער פרוי, וואָס האָט אַזוי פיל געליטן, וואָס האָט זיך טויזנט מאָל מיט טרערן באַגאָסן... און איבער זיי ביידע בליט אויס ביז צום הימל, אין אַ געשריי, דער רויטער, דער פייערדיקער גאָרטן... און איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיין קינדהייט. און אין דעם פּוילישן וואָרט "קוויאַטי"... (בלומען) און דאָס וואָרט האָט זיך אין מיר צעפלאַמט... נישט קוויאַטן זיינען עס געוואָרן, נאָר בליצן, אונגעהייערע בליצן, וואָס צינדן אָן די האָריזאָנטן...

# די פּלייט

אויף פערצנטע סטריט, ווו עס מאַרשירן פאַרביי אין דער אייביקער פּראָצעסיע די טרעמפּס און דעגענעראַטן, די שיכורים און די פּראָסטיטוט־קעס — שטייט דער מאַן מיט די בלינדע אויגן און שפּילט זיין מעלאָדיע אויף אַ פּלייט. און האַלטנדיק די פּלייט און ציטערנדיק טרויעריק איבער אירע ביינדלעך מיט דעם ציטער פון זיינע הענט, דערמאָן איך זיך אַז איך האָט ערגעץ ווו געזען אַ חוט השדרה, אין אַ דאָקטאָרס אָפיס.

עס איז געווען דער רוקנביין פון אַן אַכטצניאָריק מיידל, וואָס איז פון שווינדזוכט געשטאָרבן. און האַלטנדיק דעם ביין — האָבן מיינע הענט אָנגעהויבן צו ברענען מיט איר לעבן. עס איז ווי איך וואָלט דערפילט דעם כישוף פון איר לעבן. דעם גאַנצן ציטער פון איר עקזיסטענץ, וואָס האָט זיך ווידער אַרום איר, אַרום דעם ביין, אין פייער און אין יוגנט געצונדן. עס איז ווי איך וואָלט דערהערט דעם מיידל׳ס ליד פון ליבע, איר שיר השירים.

און איצט, ווען דער בלינדער מאַן שטייט אויף דער גאַס און ער שפּילט אויף דער פּלייט זיין מעלאָדיע, האָב איך דעם איינדרוק אַז ער שפּילט אויס אויף דעם צאַרטן מיידל׳ס רוקנביין דאָס ליד פון איר לעבן, די סימ־

פּאַניע פון אירע טעג, דעם גרויסן כישוף פון אירע גרויסע טעג. און איך שטיי פאַרן דאָזיקן געהיימנישפולן פּאָעט, וואָס צינדט פאַר מיר ווידער אָן דאָס גרויסע לעבן פון אַ פרוי. —

## דאָס אַלטע פּנים

ביים שפּיגל, אין ווינט און אין רעגן, שטייט די אַלטע, שיכורע פרוי און זי קוקט אויף איר פּנים. זי מאַכט זיך צורעכט דאָס טונקעל־צעקנייטש־טע היטל, וואָס איז ווי אַ קאַסקע אויף איר קאָפּ. זי מאַכט צורעכט אירע קאַרגע, פאַרבנלאָזע האָר. זי ווישט אירע פייכטע אויגן. זי שטייט געבויגן און ווי מיט תפלה פאַרן שפּיגל, מיט דער פרוי׳ס ציטערנדיק געבעט, און וויל פון דעם אַלטן, מיט רויטן זשאַוואַר געצייכנטן שפּיגל אַרויסשלאָגן אַ שענער פּנים — אַ מער האַרמאָניש פּנים, מיט יוגענט געפאַרבט, מיטן כישוף פון יונגע יאָרן געמאָלן. זי וויל אַרויסשלאָגן אַ צאַרטער געזיכט. און עס פּאַטשט איר דער ווינט און דער רעגן. עס שלאָגט איר דער טאָג און די נאַכט. צופוסנס גליווערט אין אייזיקן אָוונט דער ברודיקער שניי. דער שפּיגל ווערט מאַט פון איר וואַרעמען הויך, פון איר געבעט, און מיר דאַכט אַז אַזוי, מיט אַזוי פיל טרויער, שפּיגלט זיך אין אַן אָקעאַן, בשעת׳ן שטורעם, דער וועלט־גייסט... דער מיליאָנעניאָרן אַלטער גאָט פון הימל און ערד...

ניו־יאָרק, יאַנואַר 18, 1946.

## מיין פּאָטער גראָבט ערד פאַרן וואַזאָן

עס איז געווען אין סוף זומער. די וועלט איז שוין געווען קופּערדיק צוגעברוינט. און אין דער נאַכט האָט מיין פּאָטער גענומען אַ זעקל און אַ שפּאַדעל און איז געגאַנגען „גנב׳ענען" אַביסל ערד פאַרן וואַזאָן, וועמענס פלאַנצן האָבן געוויאַנעט.

מיין פּאָטער האָט ליב געהאַט וואַזאָנען. אַלע יאָרן פלעגן מיר וווינען אין די דערפער. און אַהיימקומענדיק פון די ברייטע פּוילישע פעלדער און וועגן, פלעגט מיין פּאָטער מיטברענגען אַלערליי פאַרביקע שטיינדלעך און שיין־געפאָרעמטע. ער האָט מיטגעבראַכט פון די וועגן פאַרשידענע פלאַנצן און בלומען, וואָס ער פלעגט שפּעטער אַריינלעגן אין די ברייטע, געלבע בלעטער פון אַלטע ספרים, אַזוי ווי פאַרליבטע לעגן אַריין די בלומען פון זייערע ראָמאַנסן אין די באַליבטע לידער־ביכער און נאָוועלן. ער האָט מיטגעבראַכט שטיקער זון אויף זיין באָרד, אויף זיין ווייסן כאַלאַט, אויף זיין גוף און נשמה. ער האָט אַריינגעבראַכט אין אונדזער הויז די

גאַנצע נאַטור, דעם בלוי און דעם רוים, אין וועלכן ער האָט זיך געוויקלט. ער האָט מיטגעבראַכט דעם הימל אין וועלכן ער איז געווען איינגעהילט, ווי אין אַ טלית. ווי אין אַ שטיק פון דעם גרויסן טלית, אין וועלכן גאָט איז אומגעהייער איינגעהילט. —

און אַריינברענגענדיק אין הויז די וואַזאָנען, האָט ער אַריינגעבראַכט דעם וואַלד, דאָס פעלד, די שיינקייט פון דער נאַטור, פון גאָט.

און איצט, אין דער נאַכט, גיי איך נאָך מיין טאַטן. ער בויגט זיך איין איבער דער ערד און ער גראָבט די ערד און לעגט זי אומגעלומפּערט אַריין אין דעם זעקל... ער באַרירט יעדעס ביסל ערד ווי אַ טייערן אוצר, מיט צערטלעכקייט. און די ערד איז רויט און ליימיק און דערמאָנט מיך אין דער ערד פונם בית עולם, דאָרט ווו עס ליגט מיין ווייסע, מיין מירמל־ווייסע שוועסטער חייעלע. די ערד איז רויט און ליימיק, אַזוי ווי זי וואָלט זיין דאָס לייב פון גאָט און דאָס בלוט פון גאָט און די אָדערן פון גאָט. —

און די לבנה רינט אומאויפהערלעך איבער דער ערד. זי באַרירט מיט אירע פייכטע שטראַלן די פייכטע ערד, דעם אייזערנעם רידעל, דאָס בלאָנדע זעקל, און די הענט, די בלייכע איידעלע הענט פון מיין פאָטער. און מיר דאַכט, אַז דאָס גראָבט ער נישט די ערד צוליבן וואַזאָן אַליין... דאָס וויל ער זיך ערגעץ ווו דערגראָבן, טיף, צום האַרץ פון דער ערד. און וואָס טיפער ער גראָבט, אַלץ טיפער אַנטפּלעקט זיך די ערד, ריינער און ליכטיקער, אַזוי ווי אינערלעך וואָלט שטראַלן אַ גרויס און אַ געטלעך ליכט. און מיין פאָטערס הענט זיינען שוין איצט פייער. און זיין גאַנצער גוף לויכט. און זיי ביידע, מיין פאָטער און די לויכטנדיקע ערד, זיינען איין גרויסער פלאַם, דורכגענומען פון די פלאַמען פון דער זון.

און איך געדענק די שטימונג אין דער נאַכט. אַזוי ווי אַלץ וואָלט זיך צוגעהערט צום ריטם פונ׳ם גראָבן אין דער ערד. אַזוי ווי גאָר די נאַטור וואָלט געווען דורכגענומען מיט דעם געשעעניש. און אַזוי ווי נאַטור, פלאַנץ, בוים, חיה, אינסעקט, פויגל — אַלץ וואָלט זיין באַוווסטזיניק פון דעם גרויסן, דעם ווונדערלעכן מאָמענט...

און אין יאָרן שפּעטער, ווען די צוויי נעגערישע באַגרעבער גראָבן דאָס קבר פאַר מיין טאַטן אין דער ברוקלינער ערד, דערמאָן איך זיך אין יענעם פוילישן זומער־נאַכטס־טרוים, ווען מיין פאָטער האָט מיט די ווונדער־שיינע הענט געגראָבן די ערד, די ווונדערלעכע ערד, פאַרן וואַזאָן — און עפּעס אומגעהויער־מיסטישעס, פּאָעטישעס, שטראַלנדיקעס, איז געווען אין דעם אַלעם. און מיר דאַכט אַז עס איז געווען אַ שייכות און אַ געהיימער זין אין דעם אַלעם... און איך טראַכט אָפּט פון דעם וואָס זיינע גאָלדענע

הענט פוילן אין דר'ערד, און שטיקער אורטרוים, שטיקער אונטער־באַ־וואוסטזיין, רייסן זיך אָפּ, טריפן מיט אורליכט אין מיין נשמה...

ניו־יאָרק, 12 מערץ, 1946.

## לי־טאַי־פּאָ

עס איז די פּאָעזיע ווי מיט אַ טאָג אָדער מיט אַ יאָרטויזנט צוריק. ווען דו לייענסט די לידער פון לי־טאַי־פּאָ, זעסטו ווי די ערד האָט אויסגע־טרונקען דעם שניי, ווי די בלעטער בליען אויף ווי ניי־גאָלד און דער טייך איז ווי אָפּגעפּוצטער זילבער. דער פּאָעט שניידט אָפּ אַ צווייגל און ער שפּילט אַ ליד צום פרילינג. די פייגל לערנען זיך אויס די מעלאָדיען און זיי זינגען זיי איבער ביינאַכט. מיט זייערע זיידענע קעפּלעך לענען זיך אָן די שמעטערלינגען אויף די פּאַרליבטע הערצער פון די בלומען. דער פישערמאַן, פון זיין אומבאַוועגלעכן שיפל, וואַרפט אַריין זיין נעץ אין דער טיפעניש און צעברעכט די שפּיגעלדיקע גלאַטקייט פונם וואַסער.

און ווען דו לייענסט באַדלער, וועגן דער לבנה וואָס איז דער קאַפּריז אַליין, ווי זי קוקט דורך די פענצטער ווו דו שלאָפסט און ווי אַזוי זי שטייגט אַרונטער פון די וואָלקנדיקע טרעפּ און ווי זי הילט דיך איין ווי אַ מוטער און לעגט אירע זיידענע וואָלן אויף דיין פּנים. און עס שיינט ווי זי וואָלט זאָגן צו איר קרבן:

— „דו זאָלסט אייביקליידן דעם איינפלוס פון מיין קוש. דו זאָלסט זיין שיין לויט מיין געשמאַק. דו זאָלסט ליבן וואָס איך ליב און וואָס עס ליבט מיך. דאָס וואַסער, די וואָלקנס, די שטילקייט און די נאַכט, דעם ים — אומענדלעך און גרין; דאָס וואַסער אין אוניפאָרם און מולטי־פאָרם; דעם פּלאַץ ווו דו ווילסט נישט זיין; דעם געליבטן וועלכן דו ווילסט נישט קענען; די מאָנסטעריעזע בלומען; די פּערפיומען וואָס מאַכן משוגע"...

— — ווען דו לייענסט די דאָזיקע אַלע געשיכטן; די פערזן פון דער הייליקער פּאָעזיע, פון מענטשלעכן צער געשאַפן, זעסטו אַז אין דער וועלט פון דיכטונג הערשט נישט קיין צייט. לי־טאַי־פּאָ און באָדלער, און אַ טויזנט אַנדערע פּאָעטן, קומען זיך צוזאַמען אין דער גרויסער פּאָעזיע פון דער וועלט. פּאָעזיע איז ווי אַ טייערער ווײַן. פּאָעזיע איז אַ פּערפיום וואָס ברענגט דעם ווילן און פאַרשיכורט. פּאָעזיע, דאָס איז די לבנה, וואָס גלעט די גאָרגלען פון פאַרליבטע מיט דינע הענט; די לבנה, וואָס איז די קראַנקענשוועסטער פון לונאַטיקער...

פּאָעזיע איז אייביק, ווי גאָט. ווי די שטערבלעכקייט איז אייביק...

פּאָעזיע — דאָס איז דער טעמפּל, וואָס דאָס לעבן האָט אָנגעצונדן צום לעבן. דאָרט קלינגען אָרגלען, רעליגיעז און הייליק ,זיס און פאַרשלעפּערנדיק, מעכטיק און איינזאַם — דאָס ליד פון די שטערבלעכע צום שטערבלעכן לעבן, צום אייביקן זון־אונטערגאַנג פון לעבן...

## דער נעגער און די רויטע ערד

עס איז געווען אינמיטן טאָג, ווען אין פרילינג ציטערט די ערד; ווען ווי די האַרפן שפּילן די ביימער די גרויסע מעלאָדיע פון ווינט; ווען די זון שטראָמט מיט מיליאָנען טאָנען פון האָניק׳דיקן ליכט; און אַלע באַשעפעניש פון דער ערד שעפּן דעם גאָלדענעם מן פון די הימלען — —

עס איז געווען אינמיטן טאָג ווען איך האָב געזען ווי דער שוואַרצער, שוואַרץ ווי פּעך, שוואַרץ ווי פינצטערער מאַרמאָר; שוואַרץ ווי אַ ווינטערדיקע נאַכט ביים ברעג פון דער וועלט, אין אַן אונהיימלעכער באַלאַדע; איך האָב געזען ווי דער שוואַרצער מאַן האָט געגראָבן די ערד.

און די ערד איז געווען רויט ווי פליש פון אַן ערשט־געשאָכטענע קי; רויט ווי דאָס אינערלעכע פלאַם־פייער פון דער זון; רויט ווי בלוט. און עס איז געווען ווי שטיקער פייער וואָלטן פון דער ערד אין טאַנצענדע און ריטמישע פלאַמען אַרויסגעטאַנצט — און עס איז געווען אַזוי פאַנטאַסטיש ווי אַזוי דער נעגער מיט זיינע פּעך־שוואַרצע הענט גראָבט די ערד — אַזוי ווי ער וואָלט אויסגראָבן אַ געוואַלטיקן גרוב פאַר אַ געוואַלטיקן קעניג; און עפּעס אומגעהייער־גרויסעס איז געווען אין זיין אויפגראָבן די ערד, וואָס האָט אַרויסגעגעבן צוריק אַלע פלאַמען וואָס זי האָט אין משך פון מיליאָנען יאָרן פון דער זון אַריינגענומען; און עפּעס אַזוי ווי אַ קליינע ליאַלקע איז געווען דער ריזיקער מאַרמאָר־נעגער אַנטקעגן דעם גרויסן קבר וואָס ער האָט אין נעפּל פון דער ערד אויסגעגראָבן; אַזוי ווי ער וואָלט דאָרט באַהאַלטן אַ ריזיקן, אַ שוואַרצן גאָט.

ניו־יאָרק, 16 מערץ, 1946.

## צוויי קראַנקענשוועסטערן אין גאָרטן

עס איז געווען אינמיטן זומער. דער גאָרטן פון סאַנאַטאָריום איז געווען ווילד און בונט צעבליט און צעוואקסן. און די פּאַציענטן פלעגן גיין דורכן גאָרטן. זיי פלעגן דורכציען אין זייערע בלויע מאַנטלען דורך די ביימער פון גאָרטן, ווי דורך אַ געדיכטן און ריזיקן וואַלד. די נאַטור שפּראָצט אומעטום אַרויס. די נאַטור עפנט זיך אומעטום צום צושויער פון דער וועלט. זי פּלאַצט אַרויס ווי אַ פייער פון דער ערד. אין אַלע ווינקלען

פון דער ערד יאָגט אַווירבלווינט פון זוימען. אומעטום גייט דורך דער שטורם פון לעבן. גאָר די נאַטור איז רייך מיט דעם אומגעהויערן שטורם פון לעבן. לעבן פילט אויס דעם גאַנצן רוים. לעבן שפּרייט זיך אויס איבער אַלע דיסטאַנצן.

און איך האָב יונגערהייט געזען דעם גאָרטן און ווי אַזוי די מענטשן ליידן אין דעם גלאָררייכן זומער. איך האָב זיך צוגעהערט צום שטורם פון דער נאַטור. איך האָב אַן איינזאַמער שפּאַצירט דורך די אַלייען פון גאָרטן. איך האָב מיט ליבשאַפט און מיט טרערן באַטראַכט יעדער בוים. ווי אַזוי ער ווערט פון דער ליבנדיקער און ברוטאַלער מוטער נאַטור גע־פּאָרמט. ווי אַזוי ער ברעכט דורך די ערד מיט זיין גרויסן עקשנות. ווי ער רייסט זיך דורך מיט זיינע צווייגן אין הימל אַריין. ווי ער טורעמט טריאומפאַל אַריין אין די וואָלקנס. ווי ער שפּרייט פאַנאַנדער זיינע אָרעמס צו זינקען אין רוים אַריין און צו טרינקען דעם לעבנס־עליקסיר פון דער לופט. איך האָב שפּאַצירט אין גאָרטן מיט גרויסע פּאָעמען געוויקלט.

איינמאָל זיינען אין גאָרטן דערשינען דריי קראַנקענשוועסטערן. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין ווייסן. און זיי האָבן געבלאַנקט מיט זייער ציכטיקייט. זיי זיינען געווען ווי אומערדישע קרעאַטורן. און פאַרביי די בוימער האָבן זיי זיך געדרייט. פאַרביי די אָנגעצונדענע און וואַנזיניקע און פרילינגדיקע בוימער פול מיט לייכטן און לופטיקן צוויט. זיי האָבן אַזוי ווי געטאַנצט דורך די שטעגן און וועגן. זיי האָבן געעפנט די פאַרצוימונג פון צווייגן. די זון איז זיי נאָכגעלאָפן. די בלומען האָבן אַרויסגעטאַנצט פון דער ערד פאַר זיי. עס איז געווען אַזוי פיל כישוף אין זייער דער־שיינונג. די מיידלעך האָבן פאַרשמעקט די לופט און איך האָב געזען ווי אַלע ביימער און פלאַנצן זיינען באַוווסטזיניק פון זייער אָנוועזנקייט. עס איז געווען אַ גרויסער יום טוב אין דרויסן. און די מיידלעך האָבן הנאה געהאַט פון זיך, האָבן זיך זעלבסט געזען. איינע האָט וווּנדערלעך זיך געשפּיגלט אין די אַנדערע, ווי אין קרישטאָלענע שפּיגלען. עס איז געווען אַ גרויסער יום־טוב אין דער לופט. און די זון האָט באַקכאַנטיש אַלץ באַלויכטן. — — —

יאָרן זיינען אַדורכגעגאַנגען. און נאָך זע איך די זילבערנע פרויען טאַנצן אין דער לופט ווי מלאכים. און זייער פּאָעזיע, פאַרקניפּט מיט אַלע ביימער און נאַטור־פרײלעכקייט, פאַרקניפּט מיט דער גאַנצער אַטמאָספערע אין אַ וווּנדערלעכער שטימונג, איז אויף אייביק אַריין אין מיין האַרצן ווי אַ פלאַם. און איך האָב דעמאָלט דערפאַרן דעם ווערט פון דער פרוי פאַר דער נאַטור און דעם ווערט פון נאַטור פאַר דער פרוי. ביידע שאַפן אין גרויסן מענטשלעכן יום־טוב. —

ניו־יאָרק, מאַי 4, 1946.

# אַ חלום

ביינאַכט דערוואַכסטו, דו ווילסט זיך צעשטרייען פון די קאַשמאַרנע שרעקן פון דיין בייגאַכטיקן חלום. אָבער דו פילסט אַז גרודעס גאָלד פאַלן פאַר דיינע פיס. אַז מיט יעדער מאָמענט וואַקסט זיין פּאַרלירסטו שטיקער פון דעם מעכטיקן חלום. און איצט, ווען אין פרימאָרגן קושט די זון דיינע הענט, ווען דער מאַלאַרזש פון קאָסמאָס מאָלט אויף די ברודיקע ווענט זילבער־בלומען און דראַכן און דראַגאָנען — איצט ווייסטו קוים די פאָרם פון דיין חלום. דער אינהאַלט איז צערונען געוואָרן אין אַלע זייטן.

איך געדענק נאָך יענע פרייע מאַכט וואָס איך האָב באַזעסן. איך בין געווען אַ גייסט אין דער לופט. און איך האָב זיך מיט שטורעם געטראָגן דורך אורוועלדער און דזשאָנגלען. איך בין דורכגעגאַנגען זייערע שטאַמען און זיי נישט באַרירט. איך האָב דורכגעשניטן קאָנטינענטן. איך האָב אויפגעהויבן דעכער פון פּאַלאַצן ווי בלעטער טוי־פּיכטיקע — און איך האָב געזען גאָר די רעאַליטעטן פון דער ערד. איך האָב געזען אָרגיעס און סעודות; פּייערלעכקייטן און קאַרנאַוואַלן; און איך האָב געזען איבער אַלץ זיך אַרונטערלאָזן די נאַכט ווי אַ שטורם. איך בין געווען גרינג ווי אַ פלעדערמויז. און קיין פליגל האָב איך נישט באַזעסן. בלויז מיט מיין ווילן האָב איך זיך באַוועגט איבער קאָסמישע שטחים. און איצט געדענק איך קוים די צעפלאָמטע פּאַנאָראַמעס; די לאַנדשאַפטן פון וואָלקנס און פון גראַניט; די פאַרגראָבענע שטעט וואָס איך האָב אַרויסגעצויגן פון דר׳ערד. איצט איז גאָרנישט געבליבן פון אַן אימפּעריע פון חלום. אַ חלום, אומגעהויער גרויס, איז פאַרניכטעט געוואָרן אין די ערשטע מאָמענטן פון מיין דערוואַכן. — ניו־יאָרק, 8טער מאַי, 1946

# זון־בלימעלעך

עס בליען ווידער אַרויס אין מאָנאַט מאַי אויף אַלע גראָז־פעלדער די זוניקע פרילינגס־בלומען. זיי וואַקסן בונט, אין פולע, געדיכטע מחנות, אויף אַלע פעלדער. זיי וואַקסן אין יעדן לאַנד, זיי זיינען נישט קיין קאַפּריזנע מזרח אָדער מערב־פלאַנץ. זיי זוכן נישט קיין ספּעציעלן גאָרטן. זיי שפּראָצן אַרויס אין דיין קינדהייט, אין די ערשטע יאָרן, ווען דו בלייבסט שטיין פאַרטראַכט אין ערשטן וועלט־פאַרנאַכט, פון דעם טיול פון וואָלקנס אַרומגענומען, פון בלויען פאַרנאַכט ווי אַ בלויער פּרינץ געהילט. און דו קוקסט צו די מלאכים אויפן הימל־קאָנווע, נאַכלעסיק פון גאָט׳ס האַנט געמאָלן. מיט קאָלירן פון האָניק. די דאָזיקע בלימלעך זיינען דיר ליבער פון אַלע גראַציעס. זייער פּשטות איז זייער צויבער. און זיי זיינען ווי קליינע זונען

אויף דער ערד. ס׳האָט זיי ליב דער וואַנדערער און דאָס קינד, וועמענס הענטלעך זיינען נישט גרעסער פון די בלומען. ס׳האָט זיי ליב יעדער מענטש, ווייל די בלימלעך האָבן ביי זיין וויגעלע געשפּראָצט, און ער ווייסט גענוי אַז זיי וועלן איבער זיין טרונע שפּראָצן, אין די קומענדיקע טויזנט יאָר...

ניו־יאָרק, 8טער מאַי, 1946.

## די שאָטנס

אַנומלט האָב איך געזען גיין פונדערווייטנס אַ פּאָרל — אַ מאַן און אַ פרוי, ווי געוויינלעך, פון די אורצייטן אָן, ווען אויף דער ערד איז נאָך געווען אַ געפּאַר צו טרעטן, דען די ערד איז געווען זומפּיק פייער און יעדער מינוט האָט זי זיך געקענט איינברעכן און מען האָט געקענט אַרונטערפאַלן אין אַ קאַלעך־אויוון אַריין. גייט זיך דאָס פּאָרל איבער דער גרינער אַלייע און עס איז פייכט די ערד — פייכט דאָס גראָז — נעפּל־פייכט און ווי זיי גייען אַזוי — זע איך ווי מיך באַרירן צוויי לאַנגע שאָטנס. איך בין געוואָרן אויפמערקזאַם. איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן פּאָרל. אָבער, עס איז געווען ווי אַלע פּאָרלעך. נישט ניי. נישט אָרי־גינעל. נאָר די לאַנגע שאָטנס זיינען געווען דין און ציטערנדיק און זיי האָבן זיך מיט אַ טרויער באַוועגט איבער דער ערד. ווו האָב איך געזען אַזעלכע לאַנגע, אַזעלכע אין הימל אַריין טורעמדיקע מענטשן? נישט ביי קיין אַנדערן ווי ביי על גרעקאָ וואָס האָט פון געלע פלאַמען אויסגעמאָלן מענטשן — מענטשן וואָס באַרירן קוים די ערד מיט זייערע פיס, אַזוי ווי עס באַרירן קוים די ערד מיט זייערע בלויע פיס די וואָס זיינען צוגעקלאַפּט צום פּשוטן האָלץ פון קרייצן. און וואָס שטעקן די קעפּ אַנגעצונדענע אַריין אין די פייער־וואָלקנס. דאָס פּאָרל איז נאָך געווען ווייט פון מיר — ווען מיך האָבן זייערע שאָטנס אָנגערירט. זייערע דינע, לאַנגע שאָטנס... עס איז געווען אַזוי פיל פּאָעזיע אין די שאָטנס... אַזוי פיל פאַרליבטקייט — אַזוי פיל ציטערדיקייט. און מיר האָט זיך געדאַכט אַז אין אַ מאָמענט וועלן די שאָטנס זיך אָפּרייסן פון דעם מענטשן־פּאָרל — און וועלן זיך אַוועקטראָגן איבער דעם איינזאַמען און טרויעריקן וועג — איבער פעלדער מיט בלומען און מיט גראָז — און זיי וועלן ערגעץ אויף אייביק אַרונטערגיין אין דר׳ערד...

ניו־יאָרק, יוני 14, 1946.

## ביי אַ גרויסן מיטינג

ביי אַ גרויסן מיטינג פון אידן, אונטער דעם אָפענעם הימל, האָב איך דערזען די פּנימער פון אידן. איך האָב זיי גוט געקענט. איך האָב זיי

געזען ביים באַרג סיני, אַנטפּאַנגען דאָס אומגעהייערע פייער־קינד — די תורה. זייערע פּנימער האָבן געציטערט אין עקסטאַז ביים דונערן און ביים בליצן. איך האָב זיי געזען ביים ברענען פון דעם עגל, ווען פרויען האָבן זייערע גאָלדוואַרגן געוואָרפן אין די פלאַמען. זייערע פּנימער זיינען צעבויגן געוואָרן פון שמערץ, ווי דאָס גאָלד אינ׳ם פייער.

איך קען זיי גוט, די דאָזיקע פאַרפלאַמטע אידישע פּנימער, ביי היסטאָ־רישע סצענעס אין ירושלים, ווען נביאים האָבן געשליידערט זייערע איי־זערנע רייד. איך האָב זיי געזען פאַרוואַנדלט ווערן אין זיילן פון שוועבל, אין וואָלקנס פון אַש. אין די פּוילישע קרעמאַטאָריומס.

און ווידער גייען זיי אויף אין פייער, ווי גאָלד. די דאָזיקע אוראַלטע, אידישע פּנימער, געהאַמערטע ווי בראָנדזע, אין דער קוזשניע פון וועלט־ליידן. און ווילד איז זייער טרויער, און זייער שמערץ, דער שמערץ פון דעם אייביקן איד, אומפאַרגענגלעך דורך די צייטן — דאָס פּנים פון דעם איד אויף אייביק פאַרשמידט צום פּנים פון דער ערד...

ניו־יאָרק, יולי 4, 1946.

## דער שלייער פון שפּינגעוועבס

די דאַמע איז שוין לאַנג נישטאָ. זי איז געווען אַ פּוילישע אַריסטאָ־קראַטקע. אַ הויכע, אַ שלאַנקע, אַזוי ווי אַ יונגפרוי־פיגור אין על גרעקאָ׳ס אַ מאָלעריי, פלעגט זי רייטן אַזוי ווי אַן אַמאַזאָנקע, אויפן גרויען, סיווון, אויפן געשפּענסטיקן פערד. איר הויט איז געווען ווייס ווי אַלבאַסטער און אָפט פלעגט זי זיך אַריבערבויגן איבער מיר, מיך קושן הייס, אַריינ־קושן אין מיר איר טרויער, איר וויסט לעבן...

די גרעפין איז געווען אַן איינזאַמע. זי האָט געוואוינט אין אַן אַלטן שלאָס, איינזאַם און טראַגיש, דער לעצטער איבערבלייב פון אַ פירשט־לעכער פאַמיליע, וואָס איז פאַראָרעמט געוואָרן.

די גרעפין האָט געטראָגן געלבלעכע קליידער, אַזוי ווי דער האַרבסט. זי האָט געטראָגן אַ שוואַרצן הוט, וואָס האָט געהאַט אַן אומגעוויינלעכן שלייער, אַ מין טונקעלן שפּינגעוועבס, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צו די קנעכלעך פון אירע פיס. דער שלייער פלעגט פאַרהילן איר קאָפּ, ווי אַ שפּינגעוועבס. דער שלייער פלעגט ווי אַ שלאַנג זיך אַרומהילן אַרום איר. דער שלייער האָט אַרום איר געוויייעט ווי דער דעמער, ווי אַ פאַרנאַכט. דער שלייער איז געווען איר שטימונג און דאָס וועטער. און, ווען זי פלעגט מיך, ווען איך בין געווען אַ קליין אינגעל, אַרויפנעמען הויך און מיך זעצן אויף אירע קניעס, און מיך קושן און מיך צערטלען, האָט זיך בין־השמשות׳־

דיק אַרום מיר געצויגן דער שלייער. דער שפּינגעוועבס האָט זיך ווי אַ פּעטליע אַרום מיר געצויגן. דער דינער, דער שאַרפער, דער צאַרטער, דער לירישער שפּינגעוועבס. עס איז געווען אַזוי ווי איר פּירשטלעכע נשמה, די שאָטנס פון איר פאַמיליע, די פליגל פון איר אַריסטאָקראַטישן הערב, האָבן זיך געצויגן אַרום מיר. מיר פלעגט טונקעל ווערן פאַר די אויגן... די וועלט, די לאַנדשאַפטן, דער זוניקסטער טאָג, פלעגט ווערן גרוי פאַר מיר... די וועלט איז איבערגעפאַרבט געוואָרן אין די פאַרבן פון דעמערונג...

שוין לאַנג איז יענע צייט אַוועק. די דאַמע איז שוין לאַנג טויט. נאָר דער שלייער וויקלט זיך אומאויפהערלעך אַרום מיר, דרייט זיך אַזוי ווי די וואָלקנס דרייען זיך אַרום דער זון... און אַלע לאַנדשאַפטן ווערן טונקעל און טרויעריק... עס צירט מיך, עס דרייט זיך אַרום מיר דאָס שפּינגעוועבס, דער שלייער, דער וואָלקן פון טרויער, דער אַריסטאָקראַטישער אומעט פון דער איינזאַמער דאַמע... און אַזוי וועט ער זיך ביז צו מיין לעצטן טאָג דרייען און מיך הילן אין טרויער... איך וועל זיך פונם שלייער שוין קיינמאָל נישט באַפרייען... איך בין אויף אייביק געבונדן אין זיינע אייזערנע פּעדים... אין די פּעדים פון שיקזאַל...

ניו־יאָרק, יולי 18, 1946.

# אין נאָוועמבערדיקן פּאַרק

אין נאָוועמבערדיקן, טרויעריקן, שטאַרבנדיקן פּאַרק. די זון וואַרעמט מיט די לעצטע, וואַרעמע, גאָלדענע שטראַלן. עס איז פאַראַן אַזאַ איידעלע סאָלידאַריטעט צווישן דער ערד און די שטראַלן. צווישן מענטש און דער זון. צווישן די שאָטנס פון דער ערד, די איינזאַמע, די לירישע געשטאַלטן, און דאָס שטראָמען פון ליכט אויף דער ערד. דאָס שנייען פון זון־ליכט אויף דער טרויעריקער ערד...

איבער די פעלזן שטייט אַ פרוי און זי טיילט צו די טויבן, צו די וורובּ־לעס, צו די וועווערקעס, שטיקלעך ברויט. עס איז ווי אַ ביבליש בילד. ווי אַלע לעבן דאָ צווישן זיך בשלום: די וועווערקעס לויפן פאַרביי די פּיקנ־דיקע טויבן, זיי זוכן ניס. די קליינע פייגעלעך שטייען צווישן די „גיגאַנ־טישע" טויבן. אַלץ פּיקט און ציטערט און באַוועגט זיך מיט דעם ריטם, מיט דעם טאַנץ, מיט דעם ציטערן פון לעבן. די פרוי ווערט נישט מיד צו שטיין איבער די פעלזן. זי אַליין זעט אויס ווי אַ פעלדזיקער מאָנומענט. עס איז ווי אַ דענקמאָל וואָלט זיך איינגעבויגן אין פּאַרק, צערטלעך פּיטערנדיק זיינע פּיצלעך קינדער. זיינע פּיצלעך לעבן אַרום. דער גאַנצער פּאַרק איז פול מיט לעבן. —

אַ צווייטע פרוי פירט אַ הונט. דער הונט קומט צו צו מיינע פיס, ער נישטערט מיט זיין מאָרדע צווישן די בלעטער, די זון גאָלדיקט אים; איך זע ווי שיין, ווי מענטשלעך, ווי גאָלדנגעפאַרבט דער הונט איז. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ ווונדערלעכן הונט. אַ הונט פון לויטער גאָלד. און פרעכטיק איז די האַרמאָניע מיט די מעשענע בלעטער און דעם מעשענעם הונט. בלעטער, ווי צעבראָכענע קרוינען פון אַמאָליקע קעניג־רייכן. בלעטער, ווי צעשמעטערטע געשיר פון פּאַלאַצן נאָך אַן ערד־ציטער־ניש. בלעטער, פאַרטרוקענטע מענטשלעכע פּנימער. בלעטער, דאָס צירונג וואָס איז צעבראָכן געוואָרן נאָך אַ גרויסע ערד־ציטערניש, און די דאַמען זיינען אַלע אַוועק אין דער ערד, די פרעכטיקע דאַמען וואָס האָבן געטראָגן דאָס צירונג. און דער הונט מיט זיין ציטערנדיק לעבן פּאַראייניקט זיך מיט דעם גאָלד פון די גילדערנע בלעטער, ער ווערט נישט...

אַ דריטע פרוי, וואָס איז אַליין שוין היפּש אַלט, פירט אויף אַ וועגעלע איר נאָך עלטערע מוטער. די אַלטע פרוי זעט אויס אָרעם און פאַרשעמט פון אירע ליידן און איר אומבאַהאָלפנקייט. דער טאָג גייט איר פאַרביי מיט זיין טומל און מיט זיין ציטערניש. נאָר זי זיצט שטום און אומבאַוועג־לעך אויפן וועגעלע. ווען אַ פרוי איז יונג, קען קומען אַ הילף אויף איר. אָבער ווען אַ פרוי איז אַלט, וועלכע הילף קען קומען אויף איר? די זון רעפלעקטירט אירע צאַרטע שטראַלן אויף איר, כדי נאָך מער צו אַקצענטירן איר עלטער און איר טרויער. זי זעט אויס ווי אַ שטיק ערד. אַלטע לייט קריגן דעם קאָליר פון דער ערד. זי איז געווען איינגעהילט אין שווערע, אינדיאַנישע דעקעס. און איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם פילם וואָס איך האָב נעכטן ביינאַכט געזען. עס איז געווען אַן אַלטע, אינדיאַנישע פרוי, וואָס באָפּאַלאָ ביללן האָט געזען אין די רויט־פלאַמענדיקע בערג פון דער וועסט. די פרוי האָט אין ווינט און אין קעלט זיך געוואַרעמט ביים פייער פון פייכטע צווייגן. עס איז געווען אַ קאַרג פייער וואָס האָט געוואַרעמט די געלב־גיפּסענע הענט פון דער פרוי. און די צאַרטע, די ראָמאַנטישע דאַמע פון באָפּאַלאָ בילל, זי פרעגט איר געליבטן אויף דער אַלטער פרוי. באָפּאַלאָ בילל ענטפערט איר:

— די אינדיאַנער לאָזן איבער זייערע עלטערע מענטשן אין די בערג, די נאַטור זאָל פאַר זיי זאָרגן... די אַלטע לייט ווערן ברוטאַל איבערגעלאָזן צו זייער גורל, אין געבירג... איינזאַמע אויסצוגיין אין געבירג... און דאָס פייער וואַרעמט די אַלטע, די קאַלטע גלידער פון דער פרוי...

אויף אַ באַנק איז געזעסן אַן אַלטער מאַן און ער האָט געצויגן דעם טעם פון זיין ליולקע. פון זיין ווונדערלעכער ליולקע. יעדער רויך־קאַראַוואַן אין דער זוניקער לופט האָט באַדייטעט דעריבערונגען פון שטעט און

פון מענטשן. דער מאַן איז געווען סענסיטיוו צו יעדען זון־טראָפּן, צו דער מינדעסטער ציטערניש פון דער גרויסער נאַטור. אָ, אַלטע לייט ווייסן ווי אַזוי צו צערטלען זייערע טעג און נעכט... זיי ווייסן ווי גאָלדענע צייט גיסט זיך פון אַ גילדערנעם פלאַקאָן, אַזוי ווי טייערער פּאַרפיום, אויפן צאַרטן אַקסל פון אַ געליבטער... זיי פילן אַזוי שמערצפול דאָס אויסגיסן זיך פון צייט...

איך האָב געטראַכט: ווי טייער איז דאָס לעבן. ווי הייליק און ווי פּיל־באַדייטנדיק איז דאָס לעבן. און איך האָב נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי פּעל־קער קענען אויסוויילן פאַר זיך די שרעקלעכע פּראָפּעסיע פון טויטן דאָס לעבן פון מענטשן. פון פאַרוויסטן לענדער מיט זייערע קינדער און מיט זייערע בוימער. ווי אַזוי אַ מלחמה טויטעט פרויען און מענער און לאַנד־שאַפטן און וועלדער. ווי אַזוי אַ מלחמה טויטעט אַלע שיינע באַשעפענישן אויף דער ערד און רופט אַרויס צום לעבן אינסעקטן און באַצילן, וואָס לעבן פון די מענטשלעכע פּגרים אויף דער ערד.

איך בין געזעסן אונטערן גרויסן בוים און געזען ווי וווּנדערלעך דער בוים איז. איך קען נאָך אַלץ נישט פאַרבייגיין גלייכגילטיק פאַר'ן ווּקס פון אַ גרויסן בוים. דו קוקסט צו זיין שטאַם, ווי אַזוי די רויע צווייגן צעשפּרייטן זיך איבער דער גאַנצער ערד. זיי נעמען איר דורך און פאַר־קניפּן זיך מיט גאָר דער עקזיסטענץ פון דער ערד. און די צווייגן וואָס ציען זיך הויך אין דער לופט, פאַרשפּרייטן זיך ווי אין אַ תפלה, באַרירן דעם ציין פון די צינענע וואָלקנס, עפענען זיך אויף צו גאָט און טרינקען און זשלאָקען דאָס ליכט פון דער זון, דעם אָקסידזשען פון דער לופט, דעם גלויבן אין גאָט.

און איך טראַכט: איך וואָלט וועלן אַז מיין קבר זאָל זיין אונטער דעם דאָזיקן בוים, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר. און ווען דער בוים וועט בליען אין זומער, זאָל ער ציען פון מיין פליש און בלוט און געבּיין זיין יניקה. זאָל ער אויפגיין הויך איבער דער וועלט מיט מיין בלוט און מאַרך און געהירן און געדאַנקען. זיינע צווייגן זאָלן ווי שופרות פון שאַלנדע קריגער זיך אויסשטרעקן און זיי זאָלן גרינען מיט מיין פרישקייט, מיט מיין פּאָעזיע, מיט מיין ליבע צום לעבן, צו שיינקייט און צו דער נאַטור. ער זאָל ברענגען טרייסט צו די ליידנדיקע פון דער וועלט, פּונקט ווי איך וויל ברענגען טרייסט מיט מיין שאַפן צו די ליידנדיקע, צו די פאַרטונקעלטע, צו די פאַרשעמטע פון דער ערד. דער בוים זאָל ווירקן און לעבן מיט מיינע אידעען און עמאָציעס און מיט דעם ליכט פון מיין גאַנץ לעבן.

דער נאָוועמבערדיק־איידעלער ווינט האָט לייכט באַוועגט די גרויע,

די בלייערנע צווייגן פון דעם גרויסן בוים און זיי האָבן אַזוי ווי איינגעשטימט צו מיין תפלה. —

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 17, 1946.

# דער פּאַרק אין נאָוועמבער־נאַכט

עס איז דערזעלבער קליינער פּאַרק וווּ איך האָב די זומערדיקע נעכט פאַרבראַכט מיטן מיידל וואָס האָט גערעדט וואָנזיניקע רייד. די לבנה זעט זיך קוים אָן צווישן די וואָלקנס — אַ שטיקל געלבע, גאָלדיקע זייף. מיט זייערע אייזערנע הענט, מיט זייערע ריזיקע אַרבל, רייבן זיך די וואָלקנס זייערע פינצטערע, זייערע ערדישע פּנימער. זיי וואַשן זיך אָפּ פון דעם שטויב פון דער ערד. פון דעם באַריר מיט ווינט. פון דעם גרויסן אומעט וואָס שטייגט אויס ווי סאַזשע־וואָלקנס פון די טאָלן פון דער יסורים־רייכער ערד.

זי דאַרף באַלד אָנקומען, די כלה, אין דעם בלאָנדן פוטער, אין דעם פוטער פון דער חיה וואָס האָט ביטער געוויינט אַ פאַרוואונדעטע פון דעם יעגער׳ס קויל. די לבנה נעצט — מידלענעס פון איר זייפיקן לייב איבער די בערישע וואָלקנס; איבער די טיגערישע וואָלקנפעלן. זי דאַרף באַלד אָנקומען מיטן גרויסן פוטער, וואָס איז נאָך פאַרבלוטיקט פון דער חיה׳ס פינצטערן און אימה׳דיקן טויט, פון דער חיה׳ס שווידערלעכן שטאַרבן.

אַ גרויסער טרויער נעמט דיך אַרום אין פּאַרק. דו פילסט אַזוי אומעטיק אַפילו ווען דו וואַרטסט אויף אַ דאַמע. די בוימער דערקענען דיך נישט, פרעמדע בוימער, ווי אין פרעמדער קאָרע אַרומגעגנייט. ס׳האָט דער האַרבסט צעריסן זייערע בלעטער, זייער דעקאָר, זייער שיינקייט. אַ פייכטקייט ווייעט פון די בוימער. עפּעס אַ דינער רעגענדל פאַלט, עס באַרירט דיך קוים, אָבער ווייקט אויס דיין נשמה. די ביימער קענען פון רעגן נישט באַשיצן. אַזוי ווי אָרעמע מענטשן האָבן נישט קיין געלט, אַזוי האָבן זיי נישט קיין בלעטער דיך צו באַשיצן. —

צווישן די בוימער באַוועגן זיך אַלערליי געשטאַלטן. ווער באַוועגט זיך אין אַן איינזאַמער, נאָוועמבערדיקער נאַכט צווישן די בוימער? אַ הויקער מיט זיין הויקער. אַ קרומער מאַן מיטן פּנים פון אַ וואָראָנע, אַזוי ווי אַן עגיפּטישער גאָט. אַ פרוי מיט אַן אויסגעשטרעקטן גאָרגל ווי אַ גאַרגאָילע פון גראַניט, אַראָפּגעלאָפן פון וועלכן מיטלאַלטערלעכן קלויסטער־דאַך. אַ שיכורער וואָס האַלדזט אַ לאַנטערנע. אַ ציטערנדיקער מאַן וואָס האָט זיך איינמאָל דערשראָקן פאַרן לעבן און ער הערט זינט דעמאָלט נישט אויף צו ציטערן. אַ פרוי וואָס פירט צוויי מאָדנע, גרויע, גרויסע

הינט. די הינט זיינען שטאַרקער פון דער פרוי און זיי פירן דער פרוי וואָהין זיי ציט דער אוראינסטינקט. און צווישן זיך שטימען די צוויי הינט אויך נישט. אָט דאַכט זיך אַז דאָס זיינען דריי בערגלעך שניי פון פאַראַיאָריקן ווינטער, אויפגעשטאָנען תחית המתים, און שוין ווערן זיי מיט נאַכט און מיט וואָלקן צעשמאָלצן. און די כלה אין דעם גרויסן פּוטער קומט נישט. עפּעס אַ וואָלקן באַוועגט זיך אויפן האָריזאָנט, אָבער עס איז נישט די כלה.

אַ מאַן שטייט אין אַ ווינקל פון פּאַרק אין אַ געבראָכענער פּאָזע. ווער איז דער איינזאַמער מאַן שטייענדיק אַליין צווישן די נאָוועמבער־פייכטע בוימער? עס איז אַ מאָנומענט פון גאַריבאַלדי. אין שטיין, געפאַרבט ווי אין גרינעם שימל, שטייט אַ היפּש־געעלטערטער מאַן. עפּעס ציט ער פון אַ צעבויגענער, פאַרזשאַווערטער שייד די שווערט. נאָר מען דערקענט אַז עס איז אַן אַלטער מאַן. די גריכישע קינסטלער וואָלטן קיין העלד נישט געשטעלט אין קיין געבויגענער פּאָזע. און אפשר האָט דער ווינט און דער רעגן אים געהויקערט און געבויגן? אפשר ציט דעם מאַן צו דער ערד, ווי יעדן מענטש ציט צו דער ערד, ווען ער ווערט אַלט? אפשר האָט די פייכטקייט אים שוואַך געמאַכט די ביינער און ער בייגט זיך איין אין טיפן, אין מענטשלעכן שמערץ?!...

די כלה איז נישט געקומען. ערגעץ אויף אַ מענטשלעך־וויינענדן ציי־פערבלאָט פון אַ זייגער קרומען זיך די ווייזערס שפּעט אין דער נאַכט אַריין. זי איז נישט געקומען. די לבנה איז צעגאַנגען אין זייף־מידלע־נעס. קוים אַ שוואַכער פּונקט זעט זיך נאָך אָן. און מיט זייערע איי־זערנע הענט רייבן זיך די וואָלקנס זייערע אַלטע פּנימער. ביז בלוט רייבן די אייזערנע הענט דאָס לייב און די פינצטערע אויגן פון די פינצטערע וואָלקנס.

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 29, 1946.

## רויטע ערד

איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען אַ קופּע רויטע ערד ביים הויז. אַרבעטער האָבן פאַריכט דעם טראָטואַר און האָבן אויפ־געגראָבן די רויטע ערד. איך האָב זיך דערשראָקן: איך האָב זיך דער־מאָנט אין אַ לויה... אַ יונגע פרוי האָט געדאַרפט אויספילן אַ פּלאַץ אין דר׳ערד... זי איז געווען אַזוי שיין און אַזוי פאַרליבט אין די קאָלירן פון הימל און ערד... ווען די באַגרעבערס האָבן געגראָבן די ערד, די רויטע, די בראָנדזענע ערד, האָט זיך מיר געדאַכט אַז די יונגע פרוי עפנט אירע

בלויע אויגן און זי פרייט זיך מיטן גאָלד פון דער ערד... זי האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט קאָלירן. און איצט, ווען איך קוק אַרויס דורכן פענצ־טער, זע איך דאָס בערגל מיט רויטע ערד. די זון איז דורשטיק צוגעפאַלן דערצו. די זון האָט ליב ערד... און די זון האָט ליב אַרויסצוציבערן פון דער ערד רעגנבויגנס מיט בלומען, מיט טונקעל־גרינע פלאַנצן... און איך צויבער אַרויס פון דער ערד אַ יונגע דאַמע, וואָס האָט ליב געהאַט פאַרבן... האָט ליב געהאַט מוזיק... האָט פיל געמאָלן און זי וואָלט אַלע הימלען־לייוונטן פאַרשמירט מיט פאַרבן... זי גייט אויף פאַר מיר — פון דער רויטער ערד — אַ פלאַמענדע. איר לייב איז ווי פון זאַמד. אירע פליגל — דאָס ליכט פון טאָג...

## איך וויל . . .

איך וויל אַז דיין שיינקייט זאָל קיינמאָל נישט פאַרגיין, געליבטע שעכערעזאַדע. אייביק ווי די פינצטערע, מיסטעריעזע נאַכט זאָלן דיינע שוואַרצע לאָקן שוימען איבער דיינע מירמלשטיינערנע אַקסלען. קיין טרער זאָל קיינמאָל פון דיין אויג נישט רינען און נישט צעשניידן ווי שטאָל דיינע רונדע באַקן. אָ, מיין ליבע־מעטרעסע! און דיין הויט, זי זאָל שטענ־דיק בלייבן בלייך ווי דער פרישער שניי. און ווען איך וועל אַמאָל פון קבר זיך נאָך דיר פאַרגלוסטן, צינד דעמאָלט אָן די געלע ליכט און היל זיך איין אין אַ טונקעלן וואַל און וואַרט אויף מיר, ליגנדיק אַזאַ רייצענד־אויסגעשטרעקטע אויף דער גרינער זאַפאַ. אָ, ווי זשעדנע איך וועל מיט ביינער־הענט גלעטן דיינע בריסט... און ווי פרייען וועל איך זיך וואָס דו ביסט נאָך אַלץ אַזוי גריכיש־שיין...

## אין קינסטלער׳ס סטודיאָ

(אַ באַזוך ביים סקולפּטאָר חיים גראָס)

ביי אַ פייערדיקן בוים שטייט דער סקולפּטאָר און האַקט אַרויס עקשנות׳־דיק די פאָרמען פון זיין אימאַזש. ער שלאָגט אַרויס זיין אידעאַל — מוטער און זון. מוטער און זון, וואָס אַ טויזנט קינסטלערס האָבן די דאָזיקע טעמע אויסגענוצט פאַר זייערע ווערק. ער שלאָגט אַרויס דעם אימאַזש פון מו־טער און זון. מוטער וואָס גיט געבורט צו די דורות; וואָס שטייט נאָענט צו גאָט; וואָס איז די פּריסטערין פון ליבע; וואָס איז פרוכטבאַר ווי די ערד; וואָס די וועלט, די גאַנצע מענטשהייט, גייט אַרויס פון איר טראַכט. מוטער וואָס טראָגט פאָרויס דעם ברענענדיקן שטאַם פון לעבן, וואָס וואַרפט אין דער צוקונפט אַריין די גאָלדענע קייט פון לעבן, מוטער וואָס

זעט אירע זין אומקומען אין שלאַכט, גראָבן אין דער טיפעניש פון די שאַכטן, בויען טונעלן, אויסהאַקן אורוועלדער, שנײַדן וועגן דורכן שטיי־ניקן געבירג, זיך דורכשלאָגן זײַן וועג אַלס מאַן אין דעם דזשאַנגל. אָדם, וואָס טראָגט פאָרויס זײַן ווילן און זײַן כאַראַקטער; מאַן, וואָס טראָגט פאָרויס זײַן קאַמף דורך די דורות — מאַן, דער אַטלעט, דער ריז, דער ליידענדער גיגאַנט, דער פאַרוואונדעטער גלאַדיאַטאָר, דער מאַרטירער.

עס שמעקט פון דעם בוים מיט וואַלד, מיט נאַטור, מיט אורוואַלד און מיט אורפייער. עס שמעקט פון דעם בוים מיט ערד, מיט האָניק, מיט קראַפט פון דער ערד. דער בוים איז רויט. און פון דעם קינסטלער׳ס געראַנגל מיטן בוים, פון דעם קינסטלערס געשלעג מיטן וואַלד, פון זײַן אָרעמען זיך מיט דער סטיכיע פון דער נאַטור, גייט אויף אַ רעגן פון פלאַמען, אַ ווילדער פייערפלייץ. איך בויג זיך איין נידעריק צום שטאַם. איך קוש די פאָרמען וואָס אַנטפּלעקן זיך אין אים, איך נעם אין דער האַנט די פראַגמענטן־האָלץ, ווי שטיקער לאַווע פון פייער און אַש און הייסע געדערים פון די בײַכער פון ווולקאַנען. עס איז ווי אַ רויטער שניי פון שרפות. עס איז ווי אַ שטורעם־רעגן פון רויטע שטערן. יעדער פראַגמענט פון רויטן האָלץ איז ווי אַ בלוט־רויטע רויז. ווער ווייסט וויפיל טויזנטער יאָרן עס איז געלעגן און געוואַרט אויף זײַן פייער. אויף זײַן פלאַם. אויף זײַן אידעע און אויף זײַן מאַכטיק געשטאַלט. עס איז געווען שטום און קאַלט. דער קינסטלער האָט עס געשענקט לעבן און כוח. דער קינסטלער האָט דעם חומר מיט קאַמף, מיט גרויס אָנשטרענגונג, באַלעבט. ער גליט אין אים אַרײַן זײַן פייערדיקן, זײַן מענטשלעכן אָטעם. ער גיט דעם שטומען חומר פּלאַן, סטיכיע, געשטאַלט, זין, צוועק און ענערגיע. ער פאַרוואַנדלט די רויע מאַטעריע אין קונסט און אין לעבן. ווי גאָט וואָס איז געשטאַנען איבערן שטומען בערגל ערד — אָדם — אַזוי שטייט דער סקולפּטאָר בײַ זײַן שטומען חומר. בײַ דער פּינצטערער מאַטעריע און ער שאַפט אַרויס אַ געשטאַלט, אַן אימאַזש, אַ לעבעדיקע זעאונג. ווי גאָט, שאַפט ער, דער קינסטלער, זײַן לעבעדיק ווערק. דאָס טוט דער מענטש מיטן כאַאָס. ער פאָרמירט אים לויט זײַן צוועק. ער גיט אים זײַן געשטאַלט. ער שלייף־דערט אין אים אַרײַן זײַן אייגן פּנים. ער ברענט אין אים אַרײַן זײַן מענטש־לעך געזיכט, זײַן פאָרשטעלונג. ער דערלאַנגט אים זײַן מאָדעל און זײַן אימאַזש. ער שענקט אים זײַן וויזיע און זײַן פּלאַן. שעפערישער מענטש מאָדעלירט קינסטלעריש, עטיש, עסטעטיש, גאָט׳ס וווּנדערווערק — דעם וועלטאַל.

די מאַטעריע איז פּרימיטיוו. זי שלאָגט זיך פאַר איר אייגענער, רויער עקזיסטענץ. זי וויל נישט אומקומען אַלס שטומע מאַטעריע. אָבער ביס־

לעכווייז עפּנט דער קינסטלער אירע אייגענע שיינקייטן פון דער טיפע־ניש אַרויס. די מאַטעריע ווערט זיך, קעמפּט, אָבער גיט נאָך און זי פרייט זיך מיטן רעזולטאַט. ווי אַ דאָקטאָר וואָס האָט געמאַכט אַ פּלאַסטישע אָפּעראַציע, שטייען איצט ביידע, געררירט און פול מיט פרייד פון דעם דערגרייכטן רעזולטאַט. שטומער חומר איז געוואָרן צו קינסטלערישע פאָרם. איז געוואָרן צו אייביקייט. — — —

שפּעט ביינאַכט קום איך אַהיים. מיד פון אַלע ליידן און טרויעריק פון אַלע פריידן. און אויפן טיש לייכט דאָס האָלץ, לויכט און פלאַמט ווי אַ פייער מיר אַנטקעגן, אַ רעגן פון פלאַמען. אַ וואַלד — טויזנטער יאָרן זון. די פראַגמענטן האָלץ גליען אין מיין קליינעם טרויעריקן צימער. די געטלעכע נאַטור, די מענטשלעכע שאַפונג, קינסטלערישער טריאומף איז אין מיין הויז. אויף אַ גינגאָלדענעם טראָן זיצט גאָט אין מיין הויז. און ער באַלויכט מיט זיין ליכט גאָר די ספערן פון רוים. ער צינדט אָן אַלע ווינקלען פון קאָסמאָס מיט דעם ליכט וואָס שטראָמט פון זיין האַרצן. —
ניו־יאָרק, יאַנואַר 12, 1947.

## דער אַלבום

שפּעט ביינאַכט מיש איך דעם אַלבום, אין אַ וואַרעמען הויז. וועלכע גרויסע פלאַמען דאָ שטייגן אַרויס פון די בלעטער, מיט גילדערנע קעפּ און מיט גילדערנע פיס. איך קוק אויף דעם האָלענדישן מיידל פון ווער־מעער. איך וואָלט זיך דאָ אין דעם בילד באַהאַלטן. איך וואָלט אַריין אין דער וווּנדערלעכער שטוב און געקושט דאָס פּרעכטיק־רויטע טישטוך, וואָס לויכט ווי אַ פעלד מיט ערשט־אויפגעבליטע קוויאַטן. און דאָס מיידל, מיר דאַכט, זי איז פריש געבליבן דורך די יאָרהונדערטער, דאָס וואַרעמע מיידל וועמענס פּנים איז באַלויכטן פון דעם פייער פון קאַמין.

איך קוק אויף די שטראַלנדיקע פרויען פון טיציאַן. דאָס זיינען נישט קיין פרויען, נאָר שטיקער אָפּגעבראָכענע זונען. קאָמעטן וואָס לייכטן מיט זייער אָנגעצונדענעם פלייש. טיציאַנס פרויען — וועלכע גרויסע וויזיעס דאָס זיינען! וועלכע גרויסע פלאַמען! און, ווי לאַנג ער האָט געלעבט, נאָענט צו הונדערט יאָר, כדי צו געניסן די דאָזיקע ריזינס פון שיינקייט, די דאָזיקע פלאַמענדיקע לאַוויניאַס און פלאָראַס און ווענוסעס. ווי גאָט, האָט ער זיי אַליין באַשאַפן און אַליין הנאה געהאַט פון זיי. —

איך קוק אויף די טאַהיטיער פרויען פון פּאָל גאָוגען. נאָך פון קיין קינסטלערס פּאַרצערנדיקן אויג נישט באַרירט, זיינען זיי ווי לאַנדשאַפטן וואָס די נאַכט האָט נאָך נישט אָפּגעצערט. וועלכער איידעלער זייד אין די אויגן! וועלכע פּרעכטיקע פּראָפילן! און ווי אַ גאָלדענער שפּינ־

וועבס דרייען זיך די דינע קליידער אַרום זייערע קעפּ. און ווי עס הענגט איבער זיי אַזאַ פאַרביקער טרויער. און ווי זיי זיינען אַ טייל פון דער לאַנדשאַפט — פייכטע פון טוי — פייכט פון דער פייכטקייט פון מעשה בראשית. און ווי טונקעל־בלוי איז דער הימל אַזוי ווי ער וואָלט געווען פון בלויע טינט. גאָוגען איז דאָ געשטאָרבן, כדי די לאַנדשאַפט, די פרויען, די קאָלירן פון די פאַסיפישע אינדזלען אויף אייביק אַריינצומאָלן אין דער וועלט־מאלעריי. —

און אָט איז וואַן גאָג. עס איז אַ פעלד מיט בוימער. נאָר עס דרייען זיך עמבריאָנען ריזיקע אין די פלאַמען, אויפן האָריזאָנט. עס דרייט זיך אַ פייערדיקער שטורם. נישט מיט פאַרבן, נאָר מיט בלוט און זון איז אויסגעשמירט דער קאַנווע. וואַן גאָג פלעגט זיצן אויפן פעלד און זיך לאָזן דורכנעמען פון דער ברענענדיקער זון און מיט שטיקער זון האָט ער געמאָלן און צו דער וועלט געשליידערט זיין לאַנדשאַפט, זיין פייערדיקע וויזיע, זיין ווילדן שמערץ. ער האָט מיט זון און מיט בלוט געמאָלן זיין אומשטאַרבלעכע זעאונג. —

און אָט קוק איך אויף דער דאַמע פון וויסטלער. שוואַרץ און שלאַנק און הויך אַזש ביזן סופיט. דאָס איז די דאַמע וואָס גייט דורך אַלע זיינע פאָרטרעטן. די דאַמע וואָס האָט פאַרכאַפּט זיין ראָמאַנטיש האַרץ. עס מאָלט יעדער מאָלער אין טויזנטער פאָרטרעטן בלויז איין און איינציקע דאַמע — די פרוי וואָס איז נישט געוואָרן זיין ווייב. די דאַמע פון דעם סאַמע ערשטן ראָמאַנס זיינעם. די פרוי וואָס ער וועט זי זוכן זיין גאַנץ לעבן, דורך אַלע שפּעטערדיקע ראָמאַנסן.

און אָט איז על גרעקאָ'ס אַ בילד. די געשטאַלטן — אַפּאָקאַליפּטיש אויסגעצויגן פון דער ערד ביז צום הימל — אין זייערע ספּיריטועלע די־מענסיעס. די אַטמאָספערע איז פייער. דער רוים — גאָט'ס שטורמישע הימל־ספערע. און אין דעם אומגעהויערן, אומרואיקן און נערוועזן רוים באַוועגן זיך די געשטאַלטן ווי סטאַטועס, ווי לעבעדיקע מאָנומענטן. ווי זונען. דאָס איז די קריסטלעכע וועלט פון זעכצנטן יאָרהונדערט. דאָס איז די פלאַמענדיקע וועלט פון שפּאַניען — גרויס־אימפּעריאַל, קאַטויליש און מיסטיש. אַ זיגרייכע שפּאַניען איז מיט דער צייט אונטערגעגאַנגען. האָט פאַרלוירן אירע קאָלאָניעס אויף דער ערד און אירע אימפּעריעס אין הימל. אָבער איר זיגרייכער קינסטלער טריאומפירט איבער די צייטן. —

שפּעט ביינאַכט. דאָס קינד וויינט ווי אַ קליינער מלאך וואָס ווייסט נישט אַז מלאכים אין דעם הימלישן כאָר מוזן זיין פייערלעך און עקזאַל־טירט. ווי אַ קליינער מלאך פון לוקא דע לאַ ראָביאַס אַ באַרעליעף. איך

מיש די בלעטער פון דעם אָנגעצונדענעם אַלבום. מיינע הענט זיינען פאַרשמירט אין זון־אונטערגאַנג. מיין נשמה טאַנצט אויף אַ ים פון פאַר־ביקע כוואַליעס. יעדער מאָלער — אַ גאַנצע וועלט. יעדער קינסטלער — זיין אייגענע וויזיע. זיין אָריגינעלע זעאונג. זיינע אייגענע רוים־ און מענטש־דימענסיעס. יעדער קינסטלער — זיינע געזעצן. זיין אייגענער דאָס. זיין אייגענער וועלט־סיסטעם.

און, אין דער שפּעטער נאַכט, דורך רעגן, ווינט און נעפּל, גייען מיר נאָך דאַמען און מלאכים און זון־פאַרגענג און אָנגעצונדענע זונען. עס דרייען זיך פאַר מיר פאַרביקע ווירבל־ווינטן. עס דרייען זיך פאַר מיר אָנגעצונדענע אינדזל־אוניווערסן.

ניו־יאָרק, יאַנואַר 17, 1947.

## אַנאַקסימאַנדער

ער האָט אַ געשניצטן פּנים, וואָס איז פאַרווילדעוועט פון דעם ווילדן לעבן זיינעם. עס איז פאַרשטויבט פון דעם אייזערנעם שטויב פון לעבן. עס איז געשלאָגן פון די ווינטן פון אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. ער זיצט אין אָמניבוס און איך זע ווי ער איז ענלעך צו אַ דענקער. צו אַ מין דיאָגענעס אָדער אַנאַקסימאַנדער. זיין פּנים טראָגט אַ דינעם שמייכע־לע. אַ זיידענע שמייכעלע. עס דייטעט אָן אויף זיין סקעפּטישע פילאָסאָפיע.

— די וועלט איז נישטיק און פאַרגענגלעך. אַן אומגעהייערער מאַסנ־טויט גייט אָן יעדער רגע. און איר זאַמלט אַלץ גאָלדענע ריכטימער. איר ווינט און ווילט זיך אין מירמעלנע פּאַלאַצן. איר טרינקט גליענדיקן ווייַן פון גילדערנע בעכערס. עס וועט קומען אַ טאָג און דאָס אַלץ וועט קראַכן. איר זענט דאָך אַלע שאָטנס. איך זע קלאָר ווי איר פאַרגייט. איך ווייס אייער ווערט. טאָג און נאַכט זע איך ווי איר שטאַרבט. איר מיינט אַז איר וועט אָפּנאַרן דעם טויט. און דעם טייוול. אָבער עמעץ פירט אַ חשבון. אַן אויג זעט אַלע אייערע מעשים. עס ווערן אייערע חדשים געציילט, אייערע וואָכן, טעג און שטונדן ווערן געציילט...

איך קוק אָן מר. אַנאַקסימאַנדער. ער באַמערקט מיין בליק און ער דרייט אויס זיין קאָפּ צו דער שויב. צו דער בלאָטיקער גאַס. ער שעמט זיך. ער האָט נאָך אַלזאָ זיין חרפּה נישט פאַרלוירן. אין האַרצן, פאַר גאָט, שעמט ער זיך נישט. ער שעמט זיך פאַר׳ן מענטש.

איך זעץ זיך איבער ווייטער פון אים, כדי אים בעסער צו באַטראַכטן. איך זע אַז ער איז כמעט נישט אָנגעטאָן אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן ווע־טער. ער טראָגט בלויז אַ רויטן קאַפּטאַן, ווי אַן אַקטיאָר. און דער שמייכל

גייט נישט אַראָפּ פון זיין אידל־געשניצטן, זיין סקעפּטיש־שמייכלענדיקן פּנים. דער שמייכל וועט בלייבן אויף זיין פּנים, אַפילו אין דער טרומנע.

ניו־יאָרק, יאַנואַר 24, 1947.

## איד אין שניי

אין שניי און אין רעגן באַקעגן איך אַ איד. אַן אַלטן איד. אַ שניי־ווייסן, ביבלישן איד. זיין פּנים — אַ שטיק ערד. אַלט ווי די ערד. זיין הילוך — פון ערד. אַנגעטאָן אין ערד. מיר דאַכט אַז ער האָט זיך ערשט אויפגעהויבן פון די טיפענישן פון דער ערד, פון די וועגן און טאָלן פון דער ערד — און געקומען שפּאַנען אין זיין עליפּטישן גאַנג אַרום דער ערד, אַרום דער לבנה, אַרום דער זון. עס איז אַ איד וואָס איז אָפּגעריסן געוואָרן פון גאָט, כדי דורכצוגיין אַלע ערדישע טאָלן פון יסורים. ער גייט שטאָלץ און מעכטיק, און איבער אים גייען די וועלט־שנייען, די וועלט־רעגנס. די בליצן זעצן זיך אויף זיין קאָפּ ווי אַ קרוין... ס׳האָט גאָט אָנגעטאָן דעם אַלטן איד די גאָלדענע קרוין. ער איז קעניג פון דער וועלט־געשיכטע...

ניו־יאָרק, 7 פעברואַר, 1947.

## רויך

די וועלט איז איצט אַנדערש ווי מיט טויזנט יאָר צוריק. נאָר דער רויך פון קוימען ציט אַלץ ווי מיט טויזנט, ווי מיט צען טויזנט יאָר צוריק, ווען מענטש האָט פאַרלעגט דאָס ערשטע פייער אין וואַלד און די ווילדע חיות זיינען געלאָפן פאַרן שוידער פון פייער... די ווילדע חיות האָבן גע־אַנט דאָס געפאַר פון פייער...

דער רויך ציט אַלץ פאַרטראַכט און פאַרקלערט אין דער הויך, איבער אַן אַלטן דאַך, פון אַ פאַרסאַזשעוועטן קוימען, ציט אין דער לופט, בויגט זיך און בוקט זיך שקלאַפיש צום ווינט ווי אַ קנעכט צו זיין האַר, ווי אַן אַקטיאָר בוקט זיך צו דער קעניגין... און עס איז גוט צו זען די זאַכן די אַלטע, די וואָס בלייבן אומגעענדערט. אין די עלטערע יאָרן ווערסטו וויניקער רעוואָלוציאָנער. דו האָסט ליב די זאַכן פון אַמאָל, די זאַכן וואָס בלייבן איבער פון אַלטע צייטן און וואָס דערמאָנען אין די אַמאָליקע דורות, וועלכע דו וואָלסט וועלן אינטים באַרירן. וואָלסט וועלן איצט שטייגן אין דער הויך און קושן די קרויזן פון דעם טונקעלן רויך, וואָס ווערט צעריסן אין דער לופט אַזוי ווי אַ טונקעלער זייד...

ניו־יאָרק 7 פעברואַר, 1947.

# רוזוועלט פּאָרטרעט

פון אַן אַלטן אפיש אויף אַ הילצערנעם פּלויט אין דער בויערי רייסט דער ווינט שטיקער. דו יאָגסט דורך דער בייסיקער קעלט. נאָר אַט דער־זעסטו פּרעזידענט רוזוועלט׳ס פּנים; דו דערקענסט דאָס פּנים פון אַ מענטש. דו בלייבסט שטיין אין רעספּעקט, אין עהרפורכט פאַרן דאָזיקן מענטשלעכן פּנים. פאַר דער ערלעכקייט פון זיינע אויגן, בלייבסט שטיין אין ליבשאַפט פאַר אַ מענטש וואָס האָט דורך זיין קראַנקהייט ליב געקרוגן די קראַנקע פון דער וועלט. האָט דורך זיינע פיזישעליידן דערגרייכט די ליידענדע פון דער וועלט. און דער ווינט, זע איך איצט איך, רייסט נישט דעם פּאָרטרעט, נאָר גלעט אים מיט אומזעבאַר־זילבערנע הענט און רופט אַלעמען שטיין צו בלייבן אין הייליקן־געפיל פאַר׳ן דאָזיקן גרויסן מענטשן, וואָס איז געווען אַ פּאָרטזעצונג פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, אַ ברו־דער פון לינקאָלן און אַ ברודער פון די העלדן פון תנ״ך, פון די פלאַמענדע נביאים...

ניו־יאָרק, 7 פעברואַר, 1947.

# אַן אַלטע וואַנט

אַ האַלב הויז איז אַרונטערגעריסן געוואָרן. איז געבליבן שטיין נאַ־קעט און ליידיק אַ וואַנט. די וואַנט, ווי אַ מאָלעריי, האָט צייכנס פון טרעפּ און פון באַלקאָנען, פון פּאָרטרעטן וואָס זיינען דאָ אַמאָל געהאַנגען...

אַלץ איז ווי גייסטערהאַפט געזען. די טרעפּ און די באַלקאָנען און דער טומל פון לעבן און די מענטשן זיינען אַלע אַוועק. דער ווינט און דער שניי און דער רעגן שלאָגן די אַלטע וואַנט. נאָר איך שטיי דאָ און איך לייען די צייכנס ווי עפּיטאַפן אויף אַ בית עולם פון מענטשן וואָס זיינען דאָ אַמאָל געוועזן. געבורט און פרייד און לעבן איז דאָ אָנגעגאַנגען... איך שטיי אין שטוינונג פאַר דער דאָזיקער וואַנט — אַ שטיק פאַרזשאַ־ווערטע מיוראַל (פרעסקאָ) פון לעבן... מיט זיינע גאָלדענע הענט האָט דער לעבנס־מייסטער דאָ געצייכנט אין שאָטנס דאָס פאַרגאַנגענע לעבן...

ניו־יאָרק, 7 פעברואַר, 1947.

# פרילינג

עס איז פרילינג. ווי עלעקטרישע כוחות דרינגען דורך די שטראַלן דורך די גאַנצע ערד. מענטשן גייען אין דער זון און זיי שמעלצן פונם פייער. אויף קאָלומבוס עוועניו, אין האַרץ פון דער איטאַליענישער קעגנט, שטייט די סטאַטוע פון דאַנטע. מיר דאַכט אַז די זון שמעלצט דעם גראַניט

און דעם בראַנדז. באַלד וועט דאַנטע אַליגיערי אַרונטערגיין פון פיעדע־סטאַל און צוזאַמען מיט דער מאַסע יום־טוב׳דיקע מענטשן זיך טראָגן אינ׳ם שטראָם ווי אַ פייערדיקע פּראָצעסיע. עס וועלן גיין אינ׳ם שטראָם מענטשן פון גראַניט און מענטשן פון שטערבלעכן פלייש.

ניו־יאָרק, 6 אַפּריל, 1947.

## אין אַ זילבערנע גירליאַנדע

איך בין געגאַנגען ענדלאָז אין דעם נעפּל פון שפּינגעוועבס. איך בין געווען איינגעהילט אין אַ גירליאַנדע פון זילבער — פון צעבראָכענעם בליי. אַרום מיר האָבן זיך געוויקלט נעבולאַרישע מאַטעריע און ענערגיעס פון צוקונפטיקע וועלטן. מיך האָט געשטיקט. דער הימל איז געווען ווי אַן אומענדלעכער בלויער טעמפּל. ס׳האָבן אין דער לופט געטאַנצט לופטי־קע פרויען אין לופטיקע גירליאַנדעס. איך האָב געפילט אַזוי אומעטיק, און גלייכצייטיק אַזוי ראָמאַנטיש. אַזוי שטאַרק באַהערשט פון אַ פרוי וואָס איז פאַרברענט געוואָרן און וואָס האָט געלעבט אין וואָלקן, אין נעפּל, אין דער בלויער הימלישער אַבאַזשורע. איך האָב געפילט ווי איך גיי אויף אַ בריק וואָס איז צווישן הימל און ערד און וואָס דעקט פאַר מיר אָפּביידע וועלטן. און דער הימלישער האָריזאָנט ווערט מיר אַלץ נענטער און נענטער ווי אַ פלאַם וואָס נעמט מיך אַרום און פאַרצערט מיך...

## דער הימל

דער הימל אָטעמט אייביק. ווען דו טוסט אַ קוק אויפן הימל, אָטעמט ער מיט זיין אומגעהויערער ברוסט. די וואָלקנס — שטיקער וואַטע, שטי־קער צעפלאָסענער בליי, שטיקער זילבער־קוויאַטן — מאַרשירן איבער די אומענדלעכע טעריטאָריעס. שטענדיק, ווען דו טוסט אַ קוק אויפן הימל, איז ער פול מיט שטימונג, מיט הייליקייט, מיט פּאָעזיע. הלוואי וואָלטן די מענטשן געוווסט זיך צו טרייסטן מיט די שיינקייטן, מיט דעם ספּי־ריטועלן כוח, מיט דעם גאָט־גלויבן, וואָס דער הימל שטראַלט אַראָפּ אויף די מענטשן. דער הימל איז שטענדיק אַ פייערלעכער טישטוך, ביי וועמענס ברעגן עס זיצן אָנגעצונדענע מלאכים און זיי טרינקען וויין פון ריזיקע פלעשער און באָקאַלן. דער הימל איז גאָט׳ס אינטימער גאָרטן. דאָרטן גייט גאָט אַרום אין איינזאַמקייט שפּאַצירן. דער הימל — דאָס איז מיין פאַרביקער אַבראַז, מיין אומגעהויערע מאַלעריי, אין וועלכן אַלע דורות מאָלן אַריין זייער טרויער און זייער שטימונג. ווען איך בין טרויעריק, קוק איך אויפן הימל. מיר ווערט דעמאָלט ליכטיק און וווּנ־דערלעך. איך באָד זיך אין גאָט. —

# אין פּאַרק

איך בין געזעסן מיט דער דאַמע אין פּאַרק. די וואָלקנס זײַנען געווען ווי ריזיקע פלושענע דעקטיכער, אין וועלכע זינגענדע מלאכים זײַ־נען געווען אײַנגעוויקלט, זיך באַשיצנדיק פאַר דער קעלט פון דעם אומענדלעכן רוים. איך האָב די מלאכים דערקענט פון די מאָלערייען פון רענעסאַנס־פּעריאָד, פון די מיט גאָלדענע פאַרב טריפנדיקע הענט פון וואַזיניק־פאַרליבטע קינסטלער. איך האָב געקענט גענוי זאָגן וועלכער מלאך איז פון פראַ אַנדזשעליקאָ און וועלכער איז פון קאַרדוטשי אָדער פון קאַראַוואַדזשיאָ.

ווי זאַמעט שבת׳דיק־פאַרנאַכטיקער איז צוגעפאַלן די נאַכט. אָ, די גרויסע זאַמעטענע שלעפּע פון דער נאַכט, וואָס ציט זיך איבער דער גאַנצער ערד און נאָך וועלכע עס גייען נאָך אַלע טרוימער, אַלע פיבערנדיקע ראָ־מאַנטיקער. געטריי גיי איך נאָך פון יוגענט אָן דער דאָזיקער זאַמעטענער שלעפּע באַזעצט מיט פרומע שטערן און איך שנייד אויס מיט טויזנט שערן שטיקער זאַמעט פאַר דער דאַמע.

די פעלדער זײַנען געווען גרין, מיט יונגען, ערשט־אויפגעשפּראָצטן גראָז, וואָס ציט זיך פאַרטראַכט איבער דער ערד — אַ טעפּיך אין גרין. שטיקער ווייכע פליוש־לאַטעס אויפן קלייד פון דער גרויסער מאַמע־ערד. גראָז — אינטים און וואַרם, פון קינדהייט אָן, ווען די פיסלעך זײַנען נאָך געווען קרום און ווייך און האָבן באַרירט די בערגלעך און די טאָלן מיט די הוילע קניעס און זיי האָבן נאָך נישט געוווּסט די שטײַפקייט פון זעל־נערישן טראָט. אַ ערד גרינע, איך געדענק דיך נאָך פון יענע צײַטן ווען דו געדענקסט מיך אַלס אַ קליין אינגעל, ווי אין אַ טייך זיך באָדנדיק אין דײַנע ווייכע און גרינגע טאָלן, ווען דאָס קעפּל פאַרוואָרפן זיך צום הימל און דאָס אינגעל דערשרעקט זיך פלוצלינג פאַר׳ן אומגעהויערן גאַנג פון די וואָלקנס — פאַר דעם שטורעמדיקן הימלישן אָקעאַן — וואָס ברויזט מיט כוואַליעס פון שטיקער אומענדלעכקייט. פאַר די באַנדאַזשן, צויטן און לאַטעס פון די וואָלקנס. — איך זיץ אין פּאַרק מיט דער אויסגעווייל־טער דאַמע. פון יעדער צווייג רינט מיט טינט פון נאַכט, טריפט מיט האָניק פון אַ זון וואָס האָט איר קאָפּ געבויגן צום שולטער פון אָן אַנדער וועלט־טייל; וואָס האָט מיט אירע גאָלדענע האָר באַרירט דעם נאַקן פון אַ צווייטן קאָנטינענט. אַ זילבער־גרויער נעפּל גייט אויף זאַכט און שפּילעוודיק — אַזוי ווי אַ וואָלקן פון זילבער־וואַטע וואָלט געבוירן געוואָרן אויף דער ערד. איך האָב ליב דעם קוש פון וואָלקן — דעם באַריר פון זײַנע פּייכטע הענט אַזוי ווי פון דער הייסער צונג פון׳ם געטרייען הונט. איך האָב ליב דעם וואָלקנדיקן אומהאַלדז אַזוי ווי דער אומהאַלדז פון אַ גע־

ליבטער נאָך לאַנגע טעג פון וואַרטן. פון די צווייגן הערן זיך די פשוטע, אָבער פליושיק־גלעטנדיקע טרעלן פון אַ פויגל. עס איז דער קליינער, באַקאַנטער פויגל וואָס גייט דיר נאָך אין רוים און צייט פון פוילישן וואַלד אָן, ווען דו האָסט געקליבן שוואָמען אינ׳ם נאָכן־רעגן־באַנעצטן וואַלד, אין דעם גרויסן צעפּלאָשעטן וואַלד. עס איז דערזעלבער קלוגער פויגל — אַנטלאָפן פון אַ קיסר׳ס פּאַלאַסט, כדי יעדן צווייג פון וואַלד צו קושן און צו באַרירן היימיש און דיר צו זינגען נאָענט דאָס פשוט־פרישע ליד. ער גייט דיר נאָך, אַזש ביז צו דער וועלט־שטאָטניו־יאָרק — כדי דער געליבטער וואָס זיצט נעבן דיר דעם סאָנעט צו זינגען.

און לינדע כוואַליעס ווינט — ווי וואַרעמע געליבטערס פליושיק־ווייכע הענט, די הענט וואָס ווערן קיינמאָל נישט קאַלט, זינט שולמית אָן, נאָך וועלכע דער קעניג אַנטלויפט אַזש פון זיין גאָלדענעם פּאַלאַסט — כדי אין דער געליבטער׳ס וואַרעם־הענט שקלאַפיש זיך צו בינדן — אַ, די לינדע כוואַליעס ווינט, ווי קליינע מלאכים, טאַנצן דיר אַנטקעגן מיט אַ נאַקטורנער לירישקייט — מיט אַ היילנדיקער פרישקייט.

עס צינדן זיך די לאַמטערנעס אין דער בלויער, אין דער גרויער, אין דער באַדויערלעכער נאַכט. ווי בלאָנדע בלומען ציטערן זיי אין דער לופט, אַזוי ווי די הענט וואָס האַלטן אַסטראַליש די ערדישע בלומען זשעדנע וואַלטן ציטערן פון איבערפולטער, איבערגעשוימטער עמאָציע.

איך האָב זיך איבערגעגעבן מיטן גאַנצן ווילן צו דער פליושענער שטימונג — צו דער ערדיש־הימלישער אַטמאָספערע וואָס האָט מיך אַרומגענומען ווי שפינגעוועבס דינער און זילבערנער. מיך האָט, ווי גרויס איך בין, אַ פרוי געהאַלטן אויף אירע מוטערלעכע הענט. זי האָט מיך אין דער לופט געוויגט צום ריטם פונ׳ם קאָסמישן האַרץ־שלאָג. די אויגן האָט דער געליבטער׳ס האַנט מיר פאַרמאַכט ווי אין היפּנאָז — מיד. אַזוי שלעפעריק און מיד — אין די אָרעמס פון דער ליבער, מיסטעריעזער פרוי, אויף איר זאַמעטענעם בלוילעכן קלייד — ווי אויף אַ פּאַוועס מולטיקאָלירטן עק — וואָלט איך וועלן שטאַרבן ווען איך וועל שטאַרבן...

ניו־יאָרק, אַפּריל 24, 1947.

## האַנרי פראַנק

מיט אַ שטורעמדיקן אימפּעט, אינמיטן דער גאַנצער ערד, גייט די מאַסע, גייט דאָס פעבל, שטורעמט די מענטשלעכע געזעלשאַפט, ברעכט זיך אַדורך די וואַנזיניקע און אימפּעטיקע מענטשהייט — אין איר גאַנג צום טויט, צו פאַרניכטונג. נאָר ביי דער זייט גייט שטענדיק, מיט דעם איינ־

זאַמסטן וועג, מיט דער גרינסטער אַלייע, דער דיכטער. אין טומל פון לעבן, אין אימפעט פון אירע אומגעהייערע ענערגיעס, גייט איינזאַם מיט דער דיכטער. און מיט אים צוזאַמען גייט דאָס אינדיווידועלע ליד, דאָס סאָלאָ־געזאַנג, די רעפלעקציע, די באַטראַכטונג, דער מוסר, דער שטילער, צער־פולער באַדויערן, דאָס נאָקטורנע ליד, די עלעגיע. ער ווערט געבוירן מיטן שטראָם און ער פאַרגייט מיטן שטראָם. ער פאַרגייט נאָך פריער ווי די אַנדערע. אָפט קען מען נישט פאַרשטיין ווי אַזוי אַזאַ אומגעהייערער שטראָם פון כוח און לאַווע קען גיין צו גרונט יינגערהייט.

זשאַן רישאַרד בלאָך, אין אַ נעקראָלאָג איבער דעם יינגען האַנרי פראַנק, וואָס איז אין פיר און צוואַנציק יאָריקן עלטער געשטאָרבן פון שווינדזוכט, זאָגט וועגן אים:

. . . „אַז אַזאַ קראַפט און ענטוזיאַזם זאָלן אויסגעלאָשן ווערן איידער נאָך זיי באַוויזן צו געבן די פרוכטן, וואָס אויף זיי האָבן מיר געוואַרט, דאָס איז אַ ביטערע לערע פאַר אונדז אַלע, וואָס דער וועג אין דער צו־קונפט שיינט נאָך צו זיין פאַר זיי אָפן. וואָס עס זאָל אויך מיט אונדז אַלע נישט פאַסירן, זאָלן מיר עס אַלע גוט פאַרגעדענקען, אַז איינער פון די בעסטע צווישן אונדז איז געפאַלן אויפן ערשטן עטאַפּ. אים איז אויס־געפאַלן צו קענען בלויז די ספיקות און די אַנגסטן פון דער האָפנונג. קיין שום נצחון וועט מיט אים מער נישט קענען געטיילט ווערן".

דער דיכטער גייט נאָך דעם לעבן טריט ביי טריט, און ער ווידמעט אים זיין גאַנץ לעבן און זיין ווערק. סענסיטיוו און פיזיש שוואַך, ברעכט ער זיך אָפּ פון לעבן ווי אַ כוואַליע פון גרויסן ים, כדי באַלד צוריקצוקומען און ווידער אָנצוקניפּן די קאַנווע פון זיין ווערק, ווייל דאָס לעבן איז אומ־ענדלעך, און דער קינסטלערישער לעבנס־קאָמענטאַר איז אומענדלעך. עס איז אַן אומגעהויערער גאַנג אין די הימלען פון אייביקייט. עס איז דער טראַ־גישער גאַנג פון אַ ריזיקן ספינקס — דאָס בונטע לעבן. און די דיכטער, וואָס גייען ביי דער זייט, אָבער ווערן מער פון אַלע באַרירט פון אַ גהינום׳־דיקן פייער. פון אַ גרויסע קאָסמישע שרפה וואָס פאַרצערט אַלעמען...

ניו־יאָרק, אַפּריל 25, 1947.

## אין פּאַרק

די דאַמע איז ערשט אַוועק. נאָר זי האָט דאָ געלאָזן אירע קאָלירן, איר שטימונג, איר איידעלע פּערזענלעכקייט. יענער קוסט מיט ערשט־אויפגעשפּראָצטע בלומען, זי האָט אויף אים געקוקט. זי האָט זיך איבער אים אַריבערגעבויגן און אים וווּנדערלעך באַזעעלט. דאָס גראָז, דאָס איי־

ביקע גראָז, וואָס ציט זיך איבער דער ערד, פאַרביי צייטן און דורות, דאָס גראָז לעבט איצט אויף אין מיין נשמה. עס ציט זיך און צירט זיך קעציש אַרום מיינע פיס. עס צירט מיין נשמה, דאָס הייליקע, דאָס שטילע גראָז, וואָס וועט זיך אַמאָל ציען אַרום מיר, אַרום מיינע בלייכע ביינער. דאָס גרינע און דאָס גאָלדענע גראָז. עס איז באַהערשט פון איר ווען. דער גאַנצער פאַרק איז פול מיט אַ גאָלדענער נשמה. די נשמה וואָס מיין געליבטע האָט דאָ אָנגעצונדן. וואָס מיין פריינדין האָט דאָ פאַרפלאַנצט. אַ פרוי איז דורכגעגאַנגען דעם פאַרק און זי האָט אים גרויס און הייליק געמאַכט, דעם גרויסן פאַרק, די גרויסע געטלעכע מאַלעריי.

ניו־יאָרק, מאַי 20, 1947.

## דיכטונג

בלויז אין די מאָמענטן ווען איך שרייב, ווען איך שאַף, ווען איך בין דיכטער, ווען איך גיב זיך איבער צום געהיימנישפולן כישוף פון וואָרט, ווען איך בין אין דער שליטא פון אַ פאַנטאַסטישן גאָט וואָס שלינגט מיך איינגאַנצן איין אין זיין שרעקלעכן עגאָאיזם — בלויז דעמאָלט בין איך גליקלעך. איך לייד איינזאַמקייט און באַליידיקונג צוליב די דאָזיקע הייליקע מאָמענטן, וואָס איך רייס אָפּ פון דעם גרויסן שטראָם פון צייט, פאַר זיך — אינטים און הייליק.

די גאַנצע וועלט, שיינט מיר, וויל מיר שטערן די דאָזיקע דיכטונג צו רעאַליזירן. אַזוי ווי דו גייסט נאָר אַוועק פון דיין צעבויגענעם, צע־קרומטן און צעפּרעסענעם שרייבטישל, ביי וועלכן דיין אַלטער, דיין גרייז־גרויער פאָטער איז געזעסן און געשריבן זיינע פינצטערע בריוו — באַ־געגנט דיך אַ רעגן פון חוזק און פון ציניזם. יעדער אידיאָט וויל דיר באַ־ווייזן זיין קלוגשאַפט. יעדער אומגליקלעכער איז דיך מכבד מיט אַ וויץ וואָס גיסט אָפּ דיין הייליקן־וועלט מיט צעבערס קאַלטע וואַסער. יע־דער שוואַכלינג וויל זיך שטאַרקן איבער דיר און דיך פאַרוואַנדלען אין זיין קרבן. יעדער קריפּל וויל דיר באַווייזן אַז נישט ער, נאָר דו ביסט פאַר־קריפּלט. מען שפּרייט פאַר דיינע טריט אייזערנע רויזן, דו זאָלסט דיך צעשטעכן די פיס. מען וויל דיך וועגן און מעסטן און משפט׳ן.

עס לויערט די גאַנצע וועלט אויף דעם גרינעם הייליקן־אינדזל, וואָס דו האָסט דיר אויסגעבויט אין פאַרלויף פון דיין לעבן. מען צעפּיצלט און מען צעשטיקלט דיין ריזן־וועלט. אַלערליי אַרמייען יאָגן זיך אויף דיין אימפּעריע, אויף דיין דיכטונגס־קעניגרייך. און אַפילו די פרויען, וואָס דו זעצסט פון יוגענט אָן אויף גאָלדענע טראָנען, אַפילו זיי קאַרגן נישט קיין חוזק אויף דיין אַדרעס.

נאָר וואָס איז דען דער דיקטער? דער נביא! און ווי דער נביא מוז ער אויסהאַלטן אַלע קלעפּ פון ווינט און רעגן און פון בייזע צינגער. ער מוז אַלץ באַטראַכטן ווי שאָטנס, ווי שונאים וואָס זיינען פאַרגענגלעך. אין דער היים וואַרט אויף אים דאָס צעבויגענע טישל. דאָס ליכט וואָס טריפט גאָלדן מיט וואַקס. עס וואַרט אויף אים די אמת'ע וועלט פון דיכטונג, וו עס הערשט גאָט און גייסט און וו עס שוועבן אַרום די פאַנטאָמען פון גרויסע און הייליקע דיכטער. דאָס דאָזיקע רייכטום — דיין דיכטונגס־בית־המקדש, איז אויפגעבויט מיט קופּערנע ווענט. זיי זאָלן זיך די ציין צעשלאָגן, די ציין, די נעזער און די קינבאַקן. אַלע דיינע ציניקער און שונאים. אין דעם דאָזיקן בית המקדש ביסטו גלייך מיט גאָט. דאָרטן ציילסטו טאָג און נאַכט די שטאָבעס גאָלד פון דיין ריינער, הייליקער דיכטונג, וואָס קיין שום פייער קען נישט פאַרצערן, קען נישט צעשטערן. און געשטאַרקט פון זייער אייביקן, זוניקן גלאַנץ, געמוטיקט פון די לידער וועמענס ליכט באַלויכט און באַפאַנצערט דיין נשמה, גייסטו אַנטקעגן דעם אייביקן פעבל, וואָס איז גרייט דיך אינמיטן נאַכט, ביים פלאַקער פון שטור־קאַצן, אויפצוציען אויף אַ בוים, דיך צו קרייציקן אין דיין נאַיוויטעט און הייליקייט. מען איז גרייט דיך צו פאַרטיליקן פאַר דיין ערלעכקייט, פאַר דיין צעקלאַפּטן נביא־פּנים! ניו־יאָרק, מאַי 20, 1947.

# מיר לעבן

מיר לעבן אויף דער ערד מיט דעם טרייסט פון גרויסע מענטשן וואָס האָבן דאָ געלעבט און געליטן און געקעמפט. עס איז דאָס לעבן פון די דאָזיקע הייליקע און גרויסע מענטשן, וועמענס פיס האָבן באַטראָטן די דאָזיקע ערד, וואָס מאַכט אונדז הייליק און גרויס. עס איז זייער עק־זיסטענץ, זייער פאַרצווייפלונג, זייערע יסורים, זייער טריאומף און זייערע מעשים וועלכע גיבן אונדז קוראַזש און צווינגען אונדז דורכצוגיין דאָס זעלבע לעבן מיט מוט און מיט קאַמף און מיט טיפער ליכטיקייט אין די נשמות. — ניו־יאָרק, 5 יוני, 1947.

# די מאָנאַ ליזאַ

פלוצלינג האָב איך דערזען אין אַ שוי־פענצטער פון אַ פאַרוואָרפענער, ברודיקער גאַס, די מאָנאַ ליזאַ. פון הינטערגרונט פון פאַרטרעט האָבן אַ ווייע געטאָן די גרינע און זוניקע פרישקייטן פון די טאָסקאַנער לאַנדשאַפטן. אַזוי ווי צייט וואָלט אויף זיי נישט געהאַט קיין שליטא. די נאַטור בלייבט ווירקלעך אייביק פריש און זוניק. און די מאָנאַ ליזאַ אויף קיין האָר נישט

געעלטערט. ווי אַ לאַנדשאַפט. ווי זי וואָלט זיין דער געניוס פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי. איך האָב זיך מיט איר געפרייט. איינע פון מיינע יוגענט־געליבטע האָט אויסגעזען ווי די מאָנאַ ליזאַ. און עס איז געווען ווי איך וואָלט איצט באַקעגענען די דאָזיקע געליבטע. מיסטעריעז איז איר שמייכל, מיסטעריעז איר גאַנץ געשטאַלט. מיסטעריעז דער געניוס פון דאַ ווינטשי. מיסטעריעז דער ציטער, דאָס פייער, די קאָלירן און די דראַמאַ פון קונסט. מיסטעריעז און מיסטיש. און מאָדנע שמייכלט צו מיר די מאָנאַ ליזאַ פון דער גילדערנער ראַם אַרויס. די קונסט האָט איר נישט געלאָזט שטאַרבן. איר כישוף איז אויף אייביק לעבן געבליבן. און קיינער ווייסט נישט וואָס עס איז געווען די באַציאונג פון דער דזשיאָקאָנדאָ צו לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי. קיינער ווייסט נישט פון די געראַנגלען. פון דער דראַמאַ דאַ ווינטשי און דער דזשיאָקאָנדאָ פון פלאָרענץ.

פון דער געהיימניש פונם בילד ווערט מען בלויז געוווירפון אַ געוואָלטיקער ראַנגלעניש צווישן קינסטלער און מאָדעל. אין דעם פּאָרטרעט זיינען געבליבן שפּורן פון אַ גרויסער דראַמע. עס איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן דאַ ווינטשי און דער פלאָרענטינער פרוי... אַ קאַמף וואָס איז געבליבן באַהאַלטן אין איר ביטערן, געהיימנישפולן שמייכל; אין אירע פיל־באַדייטנדיקע אויגן; אין דעם סאַרקאַזם אַרום אירע ליפּן...

## דער חכם

מיט זיין גרויסער, גאָלדנגרויער באָרד קוקט אַרויס פון דער גילדערנער ראַם דער גרויסער חכם. מיט וויפיל הונדערט יאָר איז דאָס בילד געמאָלן געוואָרן? קיין אונטערשייד נישט. דאָס איז דער חכם, מיט דער גרויסער גילדערנער באָרד וואָס הייבט אָן גרוי צו ווערן. דאָס איז דער חכם וואָס האָט פיל געפּרעגט וועגן גאָט און האָט זיך שטענדיק געפרייט מיטן גילדערנעם בעכער וויין, ווערנדיק דערפרישט פונ׳ם גאָלדענעם טראָפּן. דאָס איז דער וויזער מאַן וואָס האָט אין פיין געטראַכט פון דעם גורל פונ׳ם מענטש און פון זיין גאַנג צום טויט, צו די ווערם, צום קבר — דאָך האָט ער אין וועלכן לבנה׳דיקן אָוונט געקושט די ברוסט, די מילך־בלייכע ברוסט פון דער געליבטער און האָט צו איר שיינקייט ווי ביי אַן אַלטאַר געקניט. דאָס איז דער חכם וואָס איז האַמלעטיש, אין צווייפל, ביים שאַרבן פון אַ קעניג געזעסן, און האָט ביטער געליטן. דאָך האָט ער געקושט דאָס רויזנרויטע מויל פון דער געליבטער און האָט געגלעט די בלייכקייט פון אירע ליליענהענט. דאָס איז דער חכם, וואָס האָט ביינאַכט געקוקט צום אומגעהייערן פירמאַמענט, צום קאָסמישן שמייכל פון די שטערן, וועלכע שניידן ווי שאַרפע דימענטן דאָס גלאָז פון רוים און האָט זיך

איינגעהערט אין אַ נאָגנדיקער מעלאָדיע וואָס אַ ציטערנדיק־צאַרטע האַנט האָט געכישופט פון אַן אינסטרומענט מיט רויטע סטרונעס. דאָס איז דער חכם וואָס האָט אין די הייסע טעג ליב געהאַט דעם קילן שאָטן פון אַ בוים — דעם פרישן טרונק וואַסער פון אַ שלאָגנדיקן קוואַל; די גרינ־קייט פון שטילע, קילע גראָז וואָס קילט די נערוון. אַזוי האָט אָט דער מאַן געלעבט און איז געשטאָרבן זאַט אין יאָרן. דאָס איז דער חכם וואָס האָט געקענט הייסן האַפיז און שלמה המלך און טיציאַן...

ניו־יאָרק, יוני 12, 1947.

## דער שפּיגל

אין סאָבוויי־קאָרידאָר. אַ קליין מיידל, אין „סלעקס", גייט אַרונטער, הייבט זיך אויף אויף די שפּיץ־פינגער, כדי צו שפּיגלען זיך אינ'ם שפּיגל. עס איז אַן אַלטער, שמוציקער שפּיגל. נאָר עס זאַפּט איין אין זיך דאָס פיין־געשניצטע פּנימל פון דעם מיידל. די גרינקייט פון אירע יונגע, שטראַלנ־דע אויגן. איר גאַנצן זיסן כישוף און רייץ. דאָס מיידל שפּיגלט זיך אין געהיים. איר דאַכט זיך אַז קיינער זעט נישט. זי איז נאָך נישט פרוי. זי איז נאָך קינד. איר דאַכט זיך אַז מענטשן וועלן לאַכן ווען מען וועט זי באַמערקן זיך אָנשפּיגלען. נאָר דער שפּיגל, דער שמוציקער שפּיגל, וואָס רעפלעקטירט שטומערהייט דאָס באַוועגן זיך פון מיליאָנען פּאַסאַזשירן פון ניו־יאָרק — דער שפּיגל איז איר געטריי. דאָס מיידל פאַרריכט זיך די האָר. אַ גרויסע גאָלדענע בלום לייכט אין אירע שטראַלנדע האָר. איר פּנימ'ל, וואָס איז עס דען עפּעס אַנדערש ווי אַ בלום וואָס גאָט האָט אַליין אַרויסגעקוקט פון דער ערד?!...

שפּעט ביינאַכט. אין סאָבוויי. עס איז גרוי די שטאָט און קאַלט און פרעמד. נאָר דאָס מיידל זיצט אין וואַגאָן. זי איז נאָך קינד. נאָך אומ־שולד. נאָך הייליקייט. נאָך בלום. אין איר זכות שטייט די וועלט. אין דעם זכות פון דעם פּיצל לעבן וואָס איז אַזוי שיין, אַזוי זוניק, און וואָס עס ווילט זיך אומהאַלדזן און קושן ווי אַן אינדזל פון שיינקייט אויף דער דאָזיקער ברוטאַלער ערד. —

## נאַכגייענדיק אַ מיידל

שפּעט ביינאַכט. עס איז קאַלט און פינצטער און ברודיק די גאַס. דו גייסט דיין איינזאַמען, דיין טראַגישן וועג דורך דער גאַס, דורך דיין לעבן, דורך דער וועלט. פּלוצלינג טויכט אויף אַ שלאַנקע מיידל וואָס באַ־וועגט זיך פאָרויס פון דיר אויף דער גאַס. וועלכער איידעלער ריטם פון

אירע דינע גלידער. עס איז אַ גאַנג — אַזוי ווי אַ טאַנץ. דאָס מיידל גייט נישט, נאָר טאַנצט. זי טראָגט אַ ווייסע בלוזקע און אַ שוואַרץ קליידל. עס איז ווי זי וואָלט אַרויסגעגאַנגען פון אַ ראָמאַן. פון אַ שיינעם בוך, וואָס דו האָסט אין דער יוגענט געלייענט. עס איז ווי אַ נס וואָס זי האָט זיך באַוויזן אויף אָט דער טרויעריקער וועלט. אויף אָט דער מיזעראַבעלער וועלט. אין דער שפּעטער נאַכט גייסטו איר אין געהיים נאָך, ווי דו וואָלסט נאָכגעגאַנגען אַ טרויעריקן מלאך. ווי דו וואָלסט נאָכגעגאַנגען אַ ווונדערלעך ליכט. דו ביסט איר שקלאַף, איר דינער, איר קעניג, איר פּאָעט. און ווען זי פאַרשווינדט אין אַ הויז, ביסטו גרייט אַרומצוגיין דאָס הויז, ברענגען בלומען צום הויז, עס צו בענטשן, עס אָנצוצינדן מיט דיין ליבשאַפט. ווי לאַנג די דאָזיקע שיינע פרויען לעבן, לעבט גאָט, לעבט די האָפנונג, בליט דאָס לעבן און די ליבשאַפט אויף דער ערד. —

ניו־יאָרק, יוני 12, 1947.

## „מיין גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן?"

נישט בלויז דער פרינץ פון נאַזאַרעט האָט די דאָזיקע ווערטער געמורמלט מיט בלויע, מיט פאַרבלוטיקטע ליפּן אויפן הילצערנעם קרייץ. עס מורמלען דעם דאָזיקן אינטים־תפילה׳דיקן פּערז אַלע ליידענדע און געפייניקטע פון דער ערד. אַלע צוגענאָגלטע און צוגעקרייציקטע צו דער ערד. עס מורמלען אים אַלע צעבראָכענע און שלאַפע זעעלן. אַלע געשלאָגענע און פון גאָט־באַליידיקטע.

די דאָזיקע רייד גייען נישט אַראָפּ פון די ליפּן פון פרינצן און פון בעטלערס. פון די יעניקע וואָס שטאַרבן פרי און שטאַרבן אַלט. אין טאָל פון יסורים, אויפן ברוטאַלן שלאַכטפעלד פון לעבן — הערסטו די דאָזיקע רייד אַזוי ווי אַ ווינט פון שמערץ און פון קרעכצן. מענטשן מיט אַלערליי צעקרומטע פּנימער, מיט אַלערליי צעבראָכענע הערצער, שעפּטשען אים אויף זייערע געלעגערס פון יסורים און פון ווייטיק. אויף זייערע בעטן פון גסיסה.

זינט דער פרינץ האָט די פּערזן געשעפּטשעט, זיינען מיליאָנען געשלאָגענע זעעלן מיט די ווערטער אויסגעגאַנגען אויף זייערע בלויע ליפּן: „מיין גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן?" ווערטער וואָס אין מענטשלעכער געפאַלנקייט האָט זיי דוד המלך טויזנט מאָל פון מענטשלעכן טאָל פון יסורים צו גאָט דערהויבן...

ניו־יאָרק, יוני 13, 1947.

# פרוי אין ברוינעם וואַל

די שלאַנקע פרוי אין ברוינעם, האַניקדיק־גאָלדענעם וואַל גייט אַרום אין פּאַרק. די שלאַנקע פרוי שפּאַצירט אַרום צווישן די האַרבסטיקע בוימער אין איר טרויעריקן וואַל. ווער איז די איינזאַמע, די געהיימניש־פולע פרוי? איז זי די מלכה שבאָ וואָס דערמאָנט זיך דעם קעניג שלמה און זיינע רייכע פעסטלעכקייטן, זיין גילדענעם טראָן, זיינע קלוגע אויגן, זיין גרויס חכמה...

אָדער איז זי מאַריאַ אַנטואַנעט וואָס האָלט פעסט פאַרבונדן איר קאָפּ אַז ער זאָל נישט אַרונטערפאַלן ווי אַן אָפּגעהאַקטער ביוסט פון אַ סטאַטוע, פון אירע מילך־בלייכע, טרויעריקע אַקסלען? ! מאַריאַ אַנטואַנעט, וואָס קוקט זיך בערוועז אַרום אין פּאַרק, צי עס זיצן נישט צווישן די ביימער, די רעוואָלוציאָנערן, די יאַקאָבינער, די פאַרהאַסטע מאָנטאַניאַרן, די לייט פון דאַנטאָן, ראָבעספּיער און מאַראַט. דער ברוינער וואָל פאַרשטעלט דעם בלוטיקן שניט אין איר האַלדז — דער שניט, וואָס לאָזט איר נישט אָטע־מען די אָוונט־קילע לופט, די לופט פון אָקטאָבער. און יעדעס מאָל טוט די שלאַנקע קעניגין אַ קרעכץ און אַ כריפּ, ווי זי וואָלט זיך שטיקן. יאָ, זי קוקט זיך אַרום פאַרזיכטיק. זי וואָלט זיך קיינמאָל מער נישט וועלן באַ־קעגענען מיט דעם תליון, מיט זיינע מערדערישע אויגן.

פלוצלינג הערט זי אַ געלעכטער פון קינדערלעך אין דער לופט, צווישן די האַרבסטיקע בוימער. זי ציטערט איידל אויף — איז עס איר זון, דער פרינץ, וואָס איז אויף אַ ווילע אַרויס פון גן־עדן, כדי צו כאַפּן אַ ביסל לופט אויף דער פרייער, קילער ערד, אין דעם קילן, אָקטאָבערדיקן פּאַרק...

געהיימנישפול שפּאַצירט אַרום די שלאַנקע דאַמע אין פּאַרק, אַזוי ווי די געהיימנישפולע דאַמע אין אַלעקסאַנדער בלאָק׳ס פּאָעמען.. פון איר וואָל דעם האָניק־דיק־זוניקן און בראָנדזענעם ציען זיך פעדים, זייד־פעדים, וועל־כע נעמען אַרום די ברוינע צווייגן פון די בוימער, ברוינע ווי באָקסער, ברוינע ווי טייטלען, ברוינע ווי פייגן. אירע גאָלדענע האָר און איר ברוינער וואָל ציטערן אין דער לופט — בינדן בוימער און גראָזן, פוילנדע פלאַנצן און קרעכצנדע בלומען; בינדן אין זיידענע, עטערישע פעדים דעם פּאַרק, זיין גרויסע זעעלע, אַלע זיינע קרעאַטורן און גייסטער, צו איידעלע כדי צו דערקענען מיט׳ן אויג...

די דאַמע שפּאַצירט אין דעם האַרבסטיקן פּאַרק, און זי שפּרייט נעצן און קאָלירן פון האַרבסט... זי איז די האַרבסט־קעניגין... זי שפּרייט אויס איר גרויסע זעעלע איבער די בוימער, איבער די גראָזן, זי טוט אָן דעם פייזאַזש אין איר שטימונג, אין אירע קאָלירן, אין איר ווייבלעך־טראַגישן געניוס... זי טוט מיך אויך אָן אין איר טרויער... איך גיי איר נאָך דורך

געהיימע וועגן און אַלייען; שקלאַפיש צי איך זיך נאָך נאָך איר, נאָך דער שלאַנקער דאַמע, ביז אין דער אומענדלעכקייט אַריין...

ניו־יאָרק, יוני 17, 1947.

## דער וואַזאָן

אַ פרוי האָט אַרויסגעשטעלט אויפן ראַנד פון פענצטער אַ וואַזאָן מיט פלאַמענדע בלומען. ליבע פרוי! איך דאַנק אייך אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון אַלע איינוווינער פון דער גאַס פאַר'ן גילדערנעם וואַזאָן. איר האָט אים אַרויסגעהאַנגען פאַר מיר און פאַר אַלע שטערן און פאַר אַלע פאַרבייגייער פון אונדזער געמיינזאַמער גאַס. אויף יעדן וועטער זיינען אייערע צאַרטע בלומען רעספּאָנסיוו. זיי ווערן גאָלדיק פאַרפלעקט פון דעם בראַנדז פון טאַנצענדע שמעטערלינגען. זיי טראָגן נאָך אויף זיך דעם באַריר פון אייערע בלייכע, מאַדאָנישע הענט. ווען די וואָלקנס גייען אויפן הימל, ציטערן זיי אַזוי ווי פון שמערץ באַרירטע. גענעדיקע פרוי! איך בין אייך זייער דאַנקבאַר, איר זענט ווי די דינע קעניגין וואָס האָט אַמאָל אַרויסגעהאַנגען דעם לבנה־לאָמטערן אין דער הויך, צו באַלייכטן די שטעגן פאַר די פאַרליבטע פּאָרלעך אויף דער ערד...

## בלינדנשפּיל

ס'האָט ביי מיין געבורט מיך אַ בלייכע פּרינצעסין פאַרבונדן אויף קאָ־טאָוועס די אויגן, אַזוי ווי מען פאַרבינדט אין בלינדנשפּיל די אויגן פון קינדער. אַזוי ווי מען פאַרבינדט די וווּנדערשיינע אויגן פון דעם מאַרטי־רער, ווען מען גייט אים הענגען אויף דעם ביטערן גאַלגן. די בלייכע פּרינצעסין איז פאַרשוווּנדן. נאָר איך בלאָנדזשע זינט דעמאָלט אַרום מיט פאַרבונדענע אויגן. איך זע אַלץ ווי דורך אַ זילבערנעם שפּינגעוועבס; ווי דורך אַ מאָדנעם, פאַנטאַסטישן וואָלקן; ווי דורך אַן אומגעהייערער נע־בולאַ. איך זוך די פּרינצעסין וואָס האָט מיר פאַרבונדן די אויגן. איך זוך אירע בלייכע הענט. וויפיל פון מיין לעבנסגאָלד וואָלט איך פאַרשענקט כדי זי זאָל מיר אויפבינדן דאָס דינע טיכל; אַז איך זאָל קענען דערזען גאָט. אַז איך זאָל קענען זיך באַפרייען פון מיין בלינדקייט און איך זאָל דער־זען דעם אומגעהייערן וועלטאַל פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן עק וועלט...

## נאָך אַ רעגן

נאָך אַ רעגן, ווי טונקעל־בלוי און רירענד ביז טרערן איז דער בלוי־געפאַרבטער, שטילער הימל. דו קענסט שטיין אונטער אים און ווי אַ היי־ליקער און זיך לאָזן איינהילן אין אים ווי אין אַ בלויען, אומענדלעכן,

זיידענעם שאָל. דער הימל נעמט דיך אַרום און טראָגט דיך אַוועק צו זיינע טיפע און בלויע טיפענישן. און די גאַנצע רונדע ערד נעמט אַרום זיין בלויקייט. די ערד איז ווי אַ בלויער אינדזל אין דער אומענדלעכקייט...

## פּאָעטן

בייראָן, שעקספּיר און שעלי, זיי האָבן געוואָלט איבערלעבן אַלע געפילן פון דער מענטשהייט. זיי האָבן געוואָלט אַרומנעמען גאָר די דראַמאַ פון דעם וועלטאַל. זיי האָבן געברענט מיט אומגעהייערע אַמביציעס, ווי די האַלב־געטער, זיך צו באָדן אין אייביקן פאַרגעניגן. זיך אָנצוטאָן אין פלאַמענדע זונען. אָסקאַר ווײַלד איז דער לעצטער פּאָוסט אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור, וואָס שאָפט זיך פון רום, פון גאָלד און פון רייכקייט זיין טייוול און לאָזט זיך פון אים פירן דורך דער גאָלדענער מאָפּע פון פאַרגעניגנס. אָבער די נאַטור האָט פאַר'ן שטערבלעכן מענטש נישט באַשטימט איבערצושטייגן די גרענעצן פון די געטער. מיט זעלבסטפאַרניכטונג צאָלט דער מענטש פאַר'ן פּרווו איבערצושטייגן זיינע גרענעצן און מעגלעכקייטן. דער מענטש קען נישט איבערלעבן זיינע אַמביציעס, זיינע דראַנגען, זיינע זינד. עס איז פאַראַן אין דער נאַטור אַ גרייטע שטראָף פאַר אַלע רעבעלירנדיקע. פאַר די קרבנות פונם טייוול. פאַר די תלמידים פון שאָטן. זינד פאַרניכטעט איינצעלנע מענטשן און גאַנצע פעלקער. קאָלעקטיוון גייען צו גרונד דורך זינד. עס ווערן אָפּגעמעקט ברוטאַל פון דער ערד גאַנצע נאַציאָנען און ראַסן פאַר זייערע פאַרברעכנס. —

די בייראָנס און די שעליס, זיי ווילן דורכלעבן גאָר די געפילן פון דער מענטשהייט. זיי ווילן גאָר די דראַמאַ אויסדריקן אין איין וואָרט, וואָס זאָל אויסברעכן אַזוי ווי אַ דונער. אָבער צו לעבן דאָס לאַנגע לעבן פון אַ זקן איז אונמעגלעך אין דער דאָזיקער אינטענסיוויטעט פון פרייד און פון שמערץ. דער שטערבלעכער געניוס קען נישט אויסהאַלטן די אַמביציעס וואָס געהערן צו די געטער. צו גרונדע גייען די גיגאַנטן פאַר זייער געוואַגטקייט דורכצודרינגען דאָס אומענדלעכע.

ניו־יאָרק, יוני 21, 1947.

## דער פּאַרק ביינאַכט

דאָס גראָז איז בייטאָג געשניטן געוואָרן. איצט טראָגן זיך װוּנדערלעכע פאַרפיומען פון די פעלדער. די ריחות דערמאָנען דיך אין דער קינדהייט, אין דער פרייער יוגענט אין פּוילן, אין די ערשטע קינדישע טעג, ווען דו ביסט געוועזן קליין, ווען דו ביסט געזעסן מיט דער מאַמען אין דעם שטילן

פעלד, ווען די פלעדערמויז איז איבער דיר אין געהיים געפלויגן, אַזוי ווי אַ שוואַרצער גייסט. —

עס איז געווען נאָכן רעגן. און די פרישקייט פון די וואָלקנס, די פייכט־קייט פון דער ערד, די נאַסקייט פון די צווייגן, אַלץ האָט געקילט די נערוון. און איך האָב געוואָלט אַזוי זיצן בלייבן פאַר טויזנט יאָר לאַנג. זיצן אַן איינזאַמער אין דער נאַטור, אינמיטן דער נאַטור, אַרומגענומען פון גאָט. אַרומגענומען פון דער פייכטקייט פון דער ערד.

מיט דער טונקעלקייט פון דער נאַכט האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוקומען אַלערליי באַשעפענישן פון די הייזער. פון די קעלערן. פון די דאַך־שטיב־לעך. אַ פרוי, אַ קליינע, טרויעריקע פרוי, האָט איינזאַם שפּאַצירט אין דעם פּאַרק מיט איר גרויסן הונט. די פרוי איז געווען קליין און פאַרקריפּלט. און באַשיצט פון דער פינצטערניש פון דער נאַכט איז זי געגאַנגען מיט אירע גרויסע ליידן אויף דער פייכטער ערד. מען קען אויפן אָפענעם מאַרק נישט קויפן קיין מאַן. אָבער מען קען קויפן אַן אָרעמען הונט. מען קען צום אייגענעם בידנעם לעבן צובינדן אַ טרויעריקן הונט און אים צווינגען צו טיילן דעם ביטערן גורל. גאָט אַלמעכטיקער, דו האָסט אַזוי פיל עלענטע און קראַנקע מענטשן אויף דער ערד. עס איז פאַראַן אַזוי פיל יאָמער, וואָס ווערט דערשטיקט אין דער פינצטערער נאַכט.

אין דער טונקעלקייט האָב איך געזען ווי אַ יונגע פרוי האָט געפירט אויף אַ וועגעלע אַ יונגען מאַן. איך האָב געזוכט זיינע פיס — זיי זיינען נישט געווען מיט אים. זי האָט אים געפירט ווי אַ קליין קינד. און ווען זי איז צוגעקומען צו אַ באַנק, אונטער אַ גרויסן בוים, האָט זי אים געהאָלפן זיך אַרויסדראַפּען פון דעם וועגעלע און זיך צו זעצן אויפן באַנק. זיי האָבן זיך האַרציק אַרומגענומען, ווי צוויי געליבטע. זיי האָבן זיך געקושט. דאָס איז די ליבע, דאָס זיינען די שאָטנס פון דער פינצטערניש וואָס די נאַכט דעקט צו. וואָס די פינצטערניש הילט איין, ווי אַ גרויסע איבערבעט. —

און איך, רעפּאָרטער, זיץ צווישן אַלע כדי צו זען גאָט׳ס שיינע ווערק. מיין בלוט־דרוק שטייגט און גיט נייע דימענסיעס צו אַלץ וואָס איך זע. איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס על גרעקאָ׳ס פיגורן ציען זיך אויס ביזן הימל: ער האָט געמוזט האָבן אַ הויכן בלוט־דרוק. בשעת איך זיץ אַזוי, ציען זיך דיביימער אויס ביזן גיהנום און זיי קומען צוריק מיט פאַרברענטע צווייגן. ס׳האָט זיי דאָס פייער אָנגערירט. אָ, דאָס גרויסע פייער וואָס שטראָמט און ריזלט דורך אַלע מיינע אָדערן און מיט וועלכן איך האָב די גאַנצע נאַטור אָנ־געצונדן. מיט וועלכן איך האָב דעם גאַנצן וועלטאַל, ווי אַ גאָט, אָנגעצונדן און מיט פלאַמען געפאַרבט. —

ניו־יאָרק, יולי 7, 1947.

# דער מאַן פון אייז

דער מאַן פון אייז רויכערט מיט גרויס געדולד זיין ליולקע. ער זיצט איבער די געבויגענע און אָפּגעריבענע טרעפּ פון אַ הויז. מיט דער אַלטער, וואַקסענער האַנט ציט ער איבער זיין אַלטן, צעקנייטשן שטערן. נעבן אים שטייט דאָס גרינע וועגעלע. עפּעס איז דאָרט איינגעהילט אין געלע שמאַטעס. עפּעס איז דאָרט באַשיצט פון דער זון.

עמעץ רופט אים. פון אַ פענצטער שטעקט אַרויס אַ קאָפּ. אַן אויסגעקראָכענער קאָפּ פון אַ אידענע, מיט שיטערע און דינע זילבער־האָר. די קענסט זען איר ווייסן סקאַלפּ. אַ בייזע רופט זי דעם אייזמאַן.

איצט גייט דער אייזמאַן אַ געדולדיקער צו צום וועגעלע. ער דעקט אָפּ פון די שמאַטעס דעם נאַקעטן, ליכטיקן אייז, אַזוי ווי שטיקער גיגאַנטישע ברילִיאַנטן. ער צעהאַקט דאָס קוואַדראַטנע שטיקל אייז אויף דער העלפט. ער שלאָגט עס מיט אַ קליינער פּיקע. ער דעפאָרמירט עס ברוטאַל. און די זון פאַלט צו צום אייז מיט אַזאַ פייערדיקן דורשט, די זון לעקט עס הינטיש מיט איר פלאַמענדיקער צונג, און פון אונטער דעם וועגעלע רינט עס שטענדיק אַזוי ווי אַ פערד וואָלט לאָזן די גרינע השתנה איבערן שטיינערנעם ברוק. און אַ זילבערנע פּאַרע גייט פונם אייז. אין דער פּאַרע שטאַרבט די פאַרגליווערטע פאָרם פונם אייז.

שוין אַ סך יאָרן דערינען. דער אייזמאַן רויכערט זיין ליולקע דורך אַלע וועטערן פון די סעזאָנען. איך קען אים שוין פון דעם טאָג אָן וואָס איך האָב זיך אַריינגעצויגן אויף ברוק עווענױ, און ער איז מיר עפּעס טייער געוואָרן. די וועלט אַרום מיר האַלט איינגעשלאָסן צוזאַמען מיט אַלע בוימער, הייזער, מענטשן און גאַסן אויך דעם ערלעכן אייזמאַן.

נאָר אין די טעג פון ווינטער איז דער אייזמאַן אַ קנאַפּער יחסן. עס איז קאַלט און ווינטיק. און די גאַסן זיינען אין אייז געפלאַסטערט. די וועלט איז פאַרפרוירן. די וועלט איז איין שטיק גיגאַנטישע אייז. ווו איז ערגעץ דער אייזמאַן מיט זיין האַלענדיש־רויטער ליולקע? און ווו זיינען זיינע קוואַדראַטנע שטיקער אייז, וואָס שמעלצן זיך אין דער זון?...

אַן אַריסטאָקראַט איז ער אין זומערצייט, ווען דאָס ביסל אייז ווערט אַזוי זשעדנע פון דער מאַדאַם אַרומגעקלעפּט מיט געלע, אויסגעלייענטע צייטונגען, דאָס אייז זאָל וואָס לענגער לעבן אין׳ם אַלטמאָדישן אייזקאַסטן. דאָך, אויך זומערצייט, ווען ער איז אַזוי וויכטיק אין די אָרעמע הייזער, האַלט זיך דער אייזמאַן באַשיידן. אַפילו ווען זיינע אייז־שטיקער זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין גיגאַנטישע ברילִיאַנטן, וועט ער נישט ענדערן זיין קליידונג, זיין צעריבן פּנים, זיין שטילע האַלטונג. אַזוי ווי ער וואָלט

זיין איינער פון די פאַרבאָרגענע לאַמעד־וואָוו־צדיקים. מייק דער אייז־מאַן איז פון גאָט אַליין באַשטימט געוואָרן צו טראָגן אייז־אוצרות אין אָרעמע הייזער, אין שטיבער פון די אָרעמעלייט. ער איז אַ גלגול פונם אידישן קליינשטעטלדיקן וואַסער־טרעגער, וואָס דינט ערלעך די מענטשן דורך זיין שווערער מיה.

און ווען נאָך יאָרן שפּעטער פאַרבלאָנדזשע איך אויף ברוק עוועניו, גייט מיר אַנטקעגן מייק דער אייזמאַן מיט זיין אייזערנער פּיקע. זיין פּנים איז אַלט און גרוי געוואָרן. עס איז קלענער זיין געשטאַלט אויפן פּאָן פון די קרומע, קליין־געוואָרענע הייזער. מיר דאַכט אַז פון אַ פענצטער זע איך זיך אַליין אַרויסקוקן צו דער גאַס, צום איינציקן בוים, וואָס איז אַזוי פריינטלעך צו בליען אין פרילינג. מיר דאַכט אַז איך זע זיך אַרויס־קוקן אויף ברוק עוועניו. און איך וואָלט גערן צוגעפאַלן צו מייקן, אים האַלדזן און קושן. איך וואָלט ביי אים אָפּגעקויפט דעם גאַנצן וואָגן מיט אייז — — —

ניו־יאָרק, יולי 8, 1947.

## וועגן דער נאַטור

מיין טייערער דיכטער־פריינט, דיינע לירישע לידער זיינען גוט. אָבער זיי באַפרידיקן מיך נישט. דו פאַרקלענערסט די נאַטור. דיינע בוימער, דיינע פעלדער, דיינע טייכן קומען אַרויס ליליפּוטיש־קליין, נישטיק און צוגעפּאַסט צו דיין ליליפּוטיש האַרץ.

גרויסע דיכטער זעען די נאַטור דורך זייערע גרויסע נשמות. דורך זייערע אָנגעצונדענע זעעלן. טראַגישע מענטשן, פון פאָרויס באַשטימט צו פאַלן, פון דער נאַטור זעלבסט אָנגעצייכנט צו קעמפן דראַמאַטיש אַנטקעגן דעם שיקזאַל, האָבן געטראָטן אויף דער ערד ווי די מאַסטאָדאָנען און זיי האָבן זייערע מעכטיקע טריט אויף איר געלאָזן. זיי האָבן די נאַטור דורך זייערע הערצער דורכגעטראָגן.

אין שעלליס און בייראָנ׳ס דיכטונגען איז די נאַטור שטורמיש, סטיכיש, עלעמענטאַר, בראשית׳דיק. און זי איז איינגעהילט אין דעם טרויער פון דער וועלט, אין די שמערצן פון די מייסטער.

דורכגענומען מיט פיין און מיט בענקשאַפט און מיט אידלקייט איז די נאַטור ביי ר׳ שלמה בן־גבירול. איינגעהילט אין נעפּל — אין טויט־וואַלן, אין טרויער און אין דעמערונג איז די נאַטור ביי עדגאַר עללען פּאָ. אין פאַנטעאיזם און אין געטלעכער מיסטעריע איז די נאַטור דורכ־גענומען ביי וואָרדסוואָרטה. יעדער גרויסער שעפער הילט איין די נאַטור

לויט זיין שטימונג, זיין געפיל און זיין לעבנס־שיקזאַל. די גרויסע קינסט־לער מאָלן די נאַטור אין זייערע פּייזאַזשן — יעדער מיט זיין קאָליר און זיין קאָמפּאָזיציע. אין מעכטיקן בעטאָווענ׳ס און אין וואַגנער׳ס מוזיק איז די נאַטור גרויס, דונערנדיק, מעכטיק און פּראָטעסטירנדיק. ביי באַך און העגדל איז די נאַטור פול מיט געבעט, ווי אין אַ גאָלדענעם בית המקדש.

מיין ליבער דיקטער־פריינט, די נאַטור איז נישט זיס צום באַזינגען. זי איז כדי צו ווערן דורכן קינסטלער איבערגעמאַכט. פּונקט ווי זי איז פאַר די שעפערישע פיזיקער און אַסטראָנאָמען אַ שטענדיק־נייע סיסטעם, אַן אויסגעבויטער וועלט־מאָדעל. —

ניו־יאָרק, יולי 13, 1947.

## וואָלט וויטמאַנ׳ס דרוקעריי

אַ קופּערנער טאָפּעל הענגט אויף אַ רויטער, ציגעלדיקער וואַנט פון אַ ברוקלינער הויז:

„דאָ איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן וואָלט וויטמאַנ׳ס „ליווס אָף גרעסס״ (בלעטער פון גראָז), אין יאָר 1855״.

איך שטיי ביים רויטן הויז. מיר דאַכט אַז עס איז איצט אַ וועשעריי דאָ ווו עס איז געווען די דרוקעריי מיט די בליירענע בוכשטאַבן. די פּשוטע בליירנע אותיות וועלכע האָבן געטריי צוזאַמענגעשטעלט דאָס גרויסע בוך וואָס איז אַזוי גרויס ווי דער קאָנטינענט פון אַמעריקע. וואָס איז ווי אַ גרויסער וואַלד, געדיכט מיט מענטשלעכע עמאָציעס, געדאַנקען, זע־אונגען, פילאָסאָפיעס, שטימונגען און גרויסע מענטשלעכע ליבשאַפט. דאָס איז דער תנ״ך פון אַמעריקע. און מאַסטאָדאָניש געוועלטיקט דאָרט איין גרויסע געשטאַלט: וואָלט וויטמאַן דער מעכטיקער באַרד.

איך שטיי ביים רויטן הויז. מיר דאַכט אַז עס וועט באַלד אָנקומען פון אַ זייטיקער גאַס דער הויכער, קרעפטיקער וואָלט וויטמאַן, מיט דער ברייטער באָרד, מיטן ברייט־פאַנאַנדערגענומענעם העמד, מיט פאַרשאַרצ־טע אָרעמס, און ער וועט אַ שמייכל טאָן צו מיר מיט זיין ברייטן, הומאַ־ניסטישן שמייכל... און מיר וועלן נעמען גיין איבער דער ערד מיט מאַס־טאָדאָנישע טריט.

דאַנעבן ליגט אַ שטיק גראָזיקער פּלאַץ, מיט בענק, ווו עס זיצן אַלערליי מענטשן. אַוודאי איז אויף איינער פון די בענק געזעסן וואָלט וויטמאַן און נאָכגעקוקט די פאַרביישוועבנדיקע וואָלקנס. געקוקט אויפן גרויסן הימל מיט זיינע אומענדלעכע שטחים, און זיצנדיק און באַטראַכטנדיק די גרויסע ערד און דעם גרויסן הימל, האָט ער קאָמפּאָנירט די לידער פון זיין מעכטיקן בוך, פון זיין שטורמישער, וואָלקנדיקער, מעכטיקער וועלט.

זינט דעמאָלט האָט דאָס בוך געמאַכט געשיכטע. עס איז איבער אַמעריקע, איבער גאָר דער וועלט געגאַנגען. עס איז געגאַנגען איבער דער וועלט ווי אַ נאַטור־עלעמענט. עס האָט באַהערשט אַ סך מוחות און זעלן. די נשמות פון פּאָעטן זיינען פון דעם פייער פון דעם ספר אָנגעצונדן געוואָרן. דאָס בוך איז געוואָרן צו אַ פייער, צו אַ זון פון גייסט און ליבשאַפט צו די מענטשן. צום גאָרן לעבן אויף דער גאָרער ערד. —

אין פאַרנאַכט שטיי איך ביי דער רויטער וואַנט. וואָלט וויטמאַנ׳ס קופּערנער פּנים שמייכלט אַראָפּ פונ׳ם טאָפּעל. דער ווינט, מיר דאַכט, ברענגט מיר גריסן און פּראַזן פון די „בלעטער פון גראָז". איך וואָלט צופאַלן צו דער שוועל און קושן די פּאַדלאָגע, וווּ עס איז געזעצט געוואָרן וואָלט וויטמאַנ׳ס בוך, וווּ ער האָט דורכגעקוקט די קאָרעקטורן. איך פיל אין דער לופט שוועבן זיין פייערדיקן גייסט, זיין שעפערישע עקזיסטענץ. זיין נשמה נעמט מיך אַרום מיט אירע גאָלדענע פליגל. מיר צעקושן זיך הייס — — —

ניו־יאָרק, 16 יולי, 1947.

* * *

מיטן הונט זיצט די אַלטע פרוי אין פּאַרק. ביידע קוקן זיך צערטלעך אָן. זי נעמט זיין קאָפּ אין אירע געלע, צעבויגענע הענט. זי קוקט אים אַריין טיף אין די אויגן. דער הונט הייבט אויף זיין פּאַדערשטע פיסל פון דאַנקבאַרקייט. עס איז דאָס לעבן וואָס איז פּאַטעטיש אין ביידע: אין פרוי און הונט. די אַלטע פרוי און דער הונט — ביידע ווילן נישט זיין איינזאַם אויף דער דאָזיקער ערד. ביידע ווילן נישט אומקומען. ביידע טוליען זיך איינער צום אַנדערן אין דער דאָזיקער ברוטאַלער וועלט.

קיין שום אַנדער זאַך איז אַזוי נישט פּאַטעטיש ווי דאָס לעבן. דאָס לעבן, וואָס וויל נישט אויפהערן. וויל נישט אונטערגיין. דאָס לעבן, וואָס וויל זיך נישט אויסטוישן פּריוויליק פאַרן אומבאַוווּסטן טויט.

ביידע קוקן זיך צערטלעך און אינטים אָן: די אַלטע פרוי און דער הונט. ביידע פאַרשטייען זיך קעגנזייטיק... די צוויי עלנטע באַשעפענישן אויף אונדזער קאַלטער ערד...

## עס איז נאַכט

עס איז נאַכט. דער פּאַרק איז פול מיט מיסטעריעזע שאָטנס. אויפן באַנק זיצן דאָס אַלטע פּאָרפּאָלק. פרוי, ווי שטענדיק רעדט פיל, דערציילט פיל, רעדט די באַרימטע ניין מאָס רייד. נאָר מאַן שווייגט. וואָס שווערער עס דריקט אויף זיין שאַרבן די איבערלעבונג, אַלץ פאַרשטיינערטער

ווערט ער. מאַן שוויגט, ווי אדם, צוגעווּוינט צו דער גרויסער איינזאַמ־קייט. פרוי דריקט זיך אויס אין רייד. אָבער דער מאַן איז איינזאַם אין אוניווערס. ער איז ווי אַ שטיק פינצטערניש — אָפּגעבראָכן פון דעם גרויסן, שטורמישן כאאָס. מיט זיינע פייערדיקע טריט איז ער אַרויסגעגאַנגען פון פינצטערן תוהו ובוהו. ער גייט מיט דער פרוי צוזאַמען דעם גרויסן שפּאַן פון לעבן. אָבער ער איז די גאַנצע צייט איינזאַם, ווי בייראָנס אַ העלד. די שווערע איינזאַמקייט פּרעסט זיין געמיט.

די לבנה גייט אויף — די אוראַלטע מענטשנמאַסקע. מאַן לעגט זיין קאָפּ אויף דער פרוי׳ס שולטער. מאַן — מיד פון זיין לאַנגן לעבן. מיד פון די קאַמפן. מיד פון די איבערלעבענישן. —

## דאָרטן . . .

דאָרטן זיינען פאַראַן אַלע דורות. אַלע וואָס האָבן די דאָזיקע ערד באַטראָטן. דאָרטן — אַלע מענטשן פון די פאַרגאַנגענע צייטן. מיליאַרדן פיגורן. מיליאָסן שאָטנס. מיליאָנען פּנימער. פּנימער טרערנבאַגאָסענע. מאַסקעס זון־פאַרברענטע. דאָרטן — אַלץ וואָס האָט באַרירט מיט די טריט די קאַלטע ערד. דאָרטן — די שיינקייטן וואָס האָבן דאָ געבליט און, די מיאוסקייטן וואָס האָבן דאָ געוויאַנעט. דאָרטן — די רייכע און די אָרעמע, די שקלאַפן און די הערשער. דאָרטן — די מיליאָנען יונג־גע־שטאָרבענע קינדער און די קעניגן. דאָרטן — די טרוימער, פּיאָנערן און שטירצער און שטורמער. דאָרטן — אַלע פּאַרטייען. ריזיקע פּראָצעסיעס פון מענטשן. פעלקער וואָס עקזיסטירן נישט מער דאָ. דאָרטן — וועלכע ריזיקע פאַרגאַנגענהייט! וועלכע אומגעהייערע וועלטן! און דאָ — בלויז די דריי לעבעדיקע דורות. די עלטערע, וואָס דאַרן איין פון שרעק פאַרן טויט. וועלכע שטעלן שוין וואַקלענדיקע טריט אויף דער ערד. די רייפע לייט, וואָס דערנענטערן זיך שוין צו דער עלטער. און די קינדער ,די יוגענט, וועלכע ווייסן נאָך נישט וואָס עס איז צייט, דעם פאַנטאַסטישן כישוף פון צייט, ווייל זיי זיינען אין גאָלדענעם אָנפאַנג פון פרילינג...

## גאָלדענע אותיות

דער צעפּעלין פליט איבערן האָריזאָנט און עס פלאַמען גאָלדענע אותיות אין דער לופט. אותיות פון רעקלאַמע.

אָבער אין דער נאַכט וואָלסטו וועלן אַז אַ הימלישע האַנט זאָל שרייבן אותיות איבער די הימלען, אַזעלכע ווי איבער דער וואַנט פון בלשאַצר׳ס פּאַלאַץ. דו ווילסט זען די אויסגעקרומטע האַנט פון אַ פאַרברענטן נביא

שרייבן אויף די ווענט פון קאָסמאָס אַ נייעם אורטייל איבער די וועלט־שעכטער און אידן־פייניקער. אין דער נאַכט זיצסטו אויפן באַנק, אַן איינזאַמער, און דיך פאַרדריסט וואָס מענטשן באַשרייבן די שיינע הימלען מיט אַזעלכע מאָדנע עלעקטרישע בוכשטאַבן. דיך שאָקירן די ביליקע רעקלאַמעס. זאָל בעסער בלייבן דער האָריזאָנט ליידיק, כדי אַ בליץ זאָל באַוויזן זיין צירקוס׳אַרטיקן רייטן אויפן רוקן פון קאָסמאָס און זיין פייערדיקער ברעכן רוק־און־לענד; זאָל דער האָריזאָנט בלייבן ליידיק פאַר׳ן שוועבן און ציטערן פון די וואָלקנס, וואָס שטעלן פאַר הימלישע קרעאַטורן. זאָל דער האָריזאָנט בלייבן ליידיק פאַר דעם שפּיל פון אַלערליי שאָטנס און שטראַלן, פאַרן גליווערן און ציטערן פון שטערן און נעבולאָס; זאָל די הימלישע האַנט דאָרטן שרייבן אותיות, גרויסע ווי דיביימער, און אומבאַשטימטע. זאָל מענטש קוקן צום הימל און דערוואַרטן פון דאָרט אַ נס. זאָל אַ געהיים ספר זיך באַווייזן און דער ווינט זאָל מישן די בלעטער און וואַרפן די אותיות צו דער ערד אַזוי ווי די פעלזן. מענטש דאַרף לאָזן פריי דעם הימל פאַרן אָטעמען פון די גייסטיקע לונגען. פאַרן שפּאַציר פונם מידן אויג איבער די קאָסמישע האָריזאָנטן.

ניו־יאָרק, אויגוסט 4, 1947.

# די בלומען

די בלומען וואָס וויקלען זיך אַרום די ווענט פון דעם איידעלן הויז; די פלאַנצן וואָס ציען זיך זשעדנע און מיט פאַרליבטקייט אַרום די פיס פון די שיינע ביימער; אין דער ראָם פון פענצטער דער קאָפּ פון דער פרוי וואָס שטעקט אַרויס אַן ערשט־געוואַשענער אין רעגן; דאָס קינד וואָס שמייכלט אַרויס ווי אַ רענעסאַנס־מלאך פון וויגל אויס; דער פאָרטרעט וואָס לויכט אַראָפּ פון דער וואַנט אין דער ליבער שטוב; אָ, דאָס אַלץ איז אַזוי שיין אַז עס פאַרקלעמט מיר ביים האַרצן. אַ גאַנץ לעבן האָב איך געבענקט נאָך דער דאָזיקער אידיליע. —

# פאַרצייכנונגען

(געשריבן ביים „סילוואַן לייק“, אין אויגוסט, 1947)

אַזוי פיל קלאַנגען אין דער לופט. די וויסטעניש איז דורכגענומען מיט גרויסע לידער. מיט אַלערליי רירענדע תפילות, וואָס רייסן זיך אָפּ פון האַרצן פון יעדן באַשעפעניש. אַזוי פיל פאָרמען פון לעבנס. אָ גאָט, דו וואָס קנעטסט אויס יעדן איינעמס פּנים — ווען טוסט דו דאָס, אָ, ברודער־גאָט. צי באַשאַפסטו די אַלע זיידענע, די אַלע בלומענאַרטיקע וועזנס אין יענע

דעמערענדע שעה׳ן, ווען עס טריפט פון דער נאַטורס גרויסע אויגן מיט טייכן טרערן. אָ גאָט, וואוהין טוסטו אַהין די אַלע וועזנס — די וואָס לעבן איין סעקונדע און די וואָס לעבן הונדערט יאָר. וואוהין גייען זיי — די גאָרע אומשטערבלעכע, די מיליאָנען און מיליאַסן לעבנס, פון דער לופט, ערד, און וואַסער? אין וועלכן גן־עדן באַהאַלטסט דו זייערע נשמות? ווען דריקסטו זיי צום האַרצן פאַר אַזוי פיל פּיין און איינזאַמקייט.

* * *

גאָט, דו לאָזט דיינע מיליאָנען בראַנדזענע מלאכים זינגען טאָג און נאַכט שירה און לויב צו דיין געאַכפּערטן נאָמען. טויזנט פּסאַלמען בלאָזן אויס אויף גילדערנע טראָמפּעטן די מלאכים — דיינע קינדער־שקלאַפן. די דאָזיקע וואָס שטאַרבן קיינמאָל נישט.

גאָט, צו דיר זינגען די פּאָעטן פון דער ערד זייער תהלים — זייערע געוואַלטיקע געזאַנגען.

אָבער קענסטו פאַרטראָגן דאָס יאָמערן פון צעבראָכענע נשמות אין זומפּ פון בלוט און טרערן? קענסטו צוזען צעשמעטערטע מאַסקעס וואָס שליידערן צו דיר בייזע קללות? קענסטו פאַרנעמען דאָס ביטערע קרעכצן פון פּאַראַליזירטע און שטומע? קענסטו צוזען — אָנשטאָט אויפגעבלאָזענע, געפּאַרבטע מלאכים, דאָס שילטן פון שיכורים וואָס ליגן אין לבנה,דיקע זומפּן מיט קרומע פּנימער? קענסטו פאַרנעמען דעם טרויעריקן תהלים פון קראַנקע וואָס ווייגען אַראָפּ פון די קאַנוועזעס פון ווייסע בעטן? איז דיר אָנגענעם דאָס ציטערן פון טויזנטער שטאַרבנדע קינדער־זעעלן? איז דיר ניחא ווען די שאָטנס פון צעקרימטע, צעהאָנגענע קערפּערס פאַרשטעלן דיינס אָ פּרעכטיקן האַריזאָנט — אָ געטלעכע פּרעסקאָ. —

* * *

בלומען — קאָנצענטרירטע שטיקער זון. פּנימער פון בלומען צו קושן מיט טרערן ווי געליבטע. בלומען — ווי ערשט־געבוירענע קינדער. וואָלסט וועלן זיי מיטראָגן אין דיין לעבן — אין די טונקעלע, אין די שווערע שטונדן, ווען דער טרויער נעמט דיך אַרום מיט נאַסע הענט — זיי זאָלן לייכטן ווי היימישע לאָמפּן — ווי אויגן פון די נאָענטסטע. —

## לענאָראַ

בלויז אַכט יאָר אַלט איז די קליינע לענאָראַ. און ווען זי שטעלט זיך אַוועק אין אַ טאַנצענדע פּאָזע, איז זי ווי אַ פּולקאָמענער ראַפּאַעל אָדער רובענס. די זון פאַרשעמט זיך ווען דאָס גאָלד טריפט אַראָפּ ווי האָניק פון

אירע גאָלדענע האָר. זי שטייט צווישן בלומען און ביימער, צווישן גרינצייג פון דער נאַטור — אַוועקגעשטעלט ווי אַ קליינע סטאַטוע פון גאָלד. דו קוקסט אויף איר שמייכל, אויף דעם פּולקאַמענעם, רונדן, גאָלדיקן געזיכט — דאָס האָט די נאַטור קאָפּירט רענואַר, רובענס, ראַפאַעל, קריוועללי. דאָס האָט די נאַטור קאָפּירט דער פאַנטאַזיע, דער אימאַזשעריע פונם קינסטלער.

לענאָראַ רעדט צו דיר ווי אַ קינד. זי דערציילט דיר וועגן דער טאַנץ־שולע. זי איז נאָך גייסטיק — קינד, צאַרטע מענטשלעכע פּלאַנץ, וואונדער־לעכע איידלקייט, צויבערהאַפטע שיינקייט. נאָר מיטן קליינעם ליבן גוף איז זי שוין פרוי, איז זי שוין רייף ווי אַ פרוי. און דער קינסטלער זעט זי אין די גאָלדיקע קאָלירן, אַזוי ווי זי איז געמאָלן געוואָרן פון טויזנטער קינסטלער, וועלכע האָבן געמאָלן די פרוי — ד געליבטע — די געטין — די כישופדיקע פּריסטערין פון ליבע...

## די נאַטור

מעכטיק איז די געוואַלטיקע וויזיע פון דער נאַטור, מיט איר געטלע־כער מאַנאַטאָניע. דו שטייסט אין דעם אומגעהויערן טעמפּל פון דער נאַטור אַ דערשראָקענער און אַן איינזאַמער, פול מיט קאָסמישן פּחד. מיט דעם מאָמענט וואָס דו פאַרלאָזט דיין ענגען צימער, און דו גייסט אַריין אינם וואַלד פון לעבנס און פאַרמען, וועמענס זין און צוועק דו פאַרשטייסט נישט — שטייסטו אַ פאַרווירטער, ווי אין אַ שטורם. עס איז אַ שטורם פון געטלעכער שעפערישקייט. דו פאַרליִרסט דעם קאָמפּאַס. דיין זעלבסט־חשיבות בלייבט געפאַלן. דו ווערסט אויס וואונדערקינד. אויס איינצל־מענטש. דו זעסט, אַז דו ביסט אַ נישטיקייט אין אַן אומגעהויערער ראָטאַציע פון לעבנס, וואָס קומען און פאַרגייען לויטן באַפעל פון דער נאַטור. דו, דיין אייגענע שייכות צו דער נאַטור איז נישט גרעסער און נישט חשובער פון דעם מינדעסטן ווערעמל אויף דער ערד. —

אין פאַרצווייפלונג פאַרשטייסטו די מענער ווי טאָלסטאָי, רוסאָ, טאָראָ, וויטמאַן. מענער וואָס האָבן געזוכט אַ רעליגיע, אַ פילאָסאָפיע, אַ סאָציאַליזם, אַ פּאָעזיע. ווייל אַן דעם מענטשלעכן קריטעריום אויף דער נאַטור ביסטו אין דעם דאָזיקן כאַאָס פאַרלוירן. דער מענטש מוז אָרגאַניזירן זיין לעבן אין דער וועלט — פילאָסאָפיש. דער מענטש מוז האָבן אַ מענטאַלן קאָמפּאַס אין אוניווערס. דער מענטש מוז זיין וועלט אָרגאַניזירן. און ערשט דורך די גרויסע ווערק, דורך די פּריזמעס פון רעליגיעזע נאַטורן, פון אינטעלעקט־טועלע און מיסטישע זעעלען — ערשט דורך זיי קענסטו דערקענען דעם וועלטאַל. דורך דער קונסט בויעסט דו איבער די נאַטור. דער מענטש טראַנס־

פאָרמירט די נאַטור אין זיין היים, אין זיין טראָן, אין זיין ווערקצייג, אין זיין צוועק.

דורך דעם מענטשנ׳ס וויזיע ווערט די נאַטור ווידערגעבוירן. דורכן נביא ברענט זי און פלאַמט אויף און צינדט אים אָן. דורכן סאָציאַלן טרוימער ווערט זי אַ גן־עדן. דורך בעעטאָוון ווערט זי אַ גראַנדיעזע אידיליע, אַ פּאַס־טאָראַלע. דער מענטש טראָגט אַריין אין די וועלדער זיין מוזיק, זיין אָר־קעסטער. מענטשלעכע שטימען דרינגען דורך די טיפסטע טאָלן און די העכסטע בערג און זיי באַקומען באַדייטונג און זין. דער וועלטאַל ווערט אַ מענטשלעכער. אַן אידעאַל־הומאַניסטישער. דאָס גרויסע מענטשלעכע גע־פיל גייט דורך דורך די אָדערן, דורך די וואַלדיקע אָדערן פון דער ערד. דורך די אַרטעריעס פונם פּלאַנעט. די מענטשלעכע וויזיע פאַרבט אָפּ דעם אומגעהויערן פירמאַמענט אויף זיין אייגענעם, זיין מענטשלעכן קאָליר. —

## געטלעכע מאָנאָטאָניע

די נאַטור באַזיצט אַ געטלעכע מאָנאָטאָניע. אַן אייביקע איבערחזרונג. אַן אומגעהויערע פּרוכטבאַרקייט. ריזיקע כוחות ווערן פאַרניכטעט. אין יעדן פּיצל נאַטור שלומערן געוואַלטיקע ענערגיעס. אַ זעמדל באַזיצט דעם כוח פון אַ באַרג. אַ באַרג באַזיצט די קראַפט פון אַ קאָנטינענט. אַ קאָנטינענט האָט דעם כוח פון אַ פּלאַנעט. אַ פּלאַנעט האָט די אַטאָמישע ענערגיע פון אַ זון. אַ זון קען אויפרייסן אַ קאָסמאָס.

גיי ווייס וועלכע האַנט ס׳האָט געקנאָטן די קאָסמישע ראָשצינע. גיי ווייס וועלכער שמשון הגבור ס׳האָט אין איר אַריינגעכוואַליעט אַ וועלט מיט כוח. גיי ווייס וועלכער סקולפּטאָר ס׳האָט אין די פעלזן אַריינגעטורמט גע־וואַלטיקע סקולפּטורן פון אומגעהייערער טראַגעדיע און שיינקייט. גיי ווייס וועלכער מאָלער ס׳האָט אָפּגעמאָלן דעם וועלטאַל מיט שטורמס פון גאָלדענע פאַרבן — ס׳האָט אָפּגעגאָסן די ערד מיט ימים פאַרביקע טינט — ס׳האָט אָפּגעקושט מיט בראָנדז־ליפּן אַלע טעג פון צייט. גיי ווייס וועלכער פּאָעט ס׳האָט אַריינגעשריבן אַזוי פיל פּאָעמען מיט לבנה׳דיקע פינגער אויף די גרונטן פון די טייכן — אויף די הויטן פון שטיינער — אויף די פעלן פון בערגער — אויף די שופּן פון פיש — אויף די פּוטערנע מאַנטלען פון חיות — אויף די פאַרביקע קליידער פון פרויען — אויף די פּנימער פון קינדער.

גיי ווייס וועלכער טענצער ס׳האָט אַריינגעטאָן אַזוי פיל ריטם אין די כוואַליעס — אַזוי פיל באַוועגונג אין אַלע זאַכן — אַזוי פיל גראַציע אין די לעבעדיקע ברואים — אַזוי פיל בענקשאַפט אין די גלידער — אַזוי פיל געפיל אין די קרעאַטורן — אַזוי פיל כישוף אין די בוימער. אַזוי פיל איי־

דעלע מוזיק אין די ספערן. אָ, גיי ווייס וועלכער רעזשיסאָר האָט אָפּגעפּאַרבט די קאָסטיומען — האָט פאַרוואַנדלט גאָר די וועלט אין אַ געוואַלטיקן טעאַטער — האָט אָנגעצונדן אַלע שטערן־קאַנדעלאַבּרעס — האָט אויסגע־שטעלט גאָר די דעקאָראַציעס פון הימל און ערד — האָט אַראַנזשירט אַלץ צום גרויסן ספּעקטאַקל פון ליבע, ליידן און טויט.

אָ, גיי ווייס וואָסאַראַ אומגעהייערער גאָט האָט אָפּגעטאָן די דאָזיקע שטיקער אַרבעט. האָט אַריינגעוואָרפן אַזאַ שטיק קאָלאָסאַלן כוח אין דער נאַטור — האָט אָנגעצונדן דאָס אומגעהייערע ליכט פון לעבן — אָ, די גע־וואַלטיקע מנורה פון לעבן, וואָס לייכט פון די טיפסטע גרונטן פון די וואַסערן ביז צו די העכסטע רוימען פון די הימלען. גיי ווייס די גרויסע מיסטעריע פון דער נאַטור, פון גאָט, אַרום וועמענס קאָפּ — ווי אַן אָרעאָל, עס דרייען זיך אין אַן אייביקער ראָטאַציע די אָנגעצונדענע שטערן־וועלטן. —

* * *

טיילמאָל ווילט זיך איינשלאָפן זיצנדיק אינמיטן פון אַ פעלד, ביים ברעג פון אַ טייך. עס ווילט זיך אויפהערן צו עקזיסטירן אַלס מענטש, אַלס שריפטשטעלער. מען וויל מיטגיין מיט די כוואַליעס אין די טיפענישן. מען וויל זיך אויסלעשן פערזענלעך, כדי זיך אָנצוצונדן אין די טיפענישן פון דער ערד. מען וויל אַריינדרינגען אין די כוחות פון דער נאַטור. מען וויל ווערן אַ טייל פון דעם געהיימען כוח וואָס באַוועגט מיט דער דינאַמאָ פון דער גאַנצער וועלט־באַשאַפונג. —

* * *

דער גרויסער קינסטלער איז אומבאַוואוסטזיניק פון די כוחות וואָס שטראָמען צו אים פון די פאַרבאָרגענישן. וואָס גרעסער ער איז, אַלץ שטאַר־קער גיט ער זיך איבער צו דעם דאָזיקן שטראָם פון כוחות, סענסאַציעס, אינסטינקטן און אונטערבאַוווסטזיניקייטן. ער עפנט זיינע פאָרן, אַרטער־יעס און אָדערן צו די שטראָמען פון אימפּולסן און טריבן, וואָס שטראָ־מען צו אים פון געהיימע קוואַלן; פון די טיפענישן פון דער ערד; פון די איידעלע מאַטעריעס פון דער לופט; פון וועזנס וואָס לייכטן ווי ראַדיום; פון מלאכים וואָס פליען אויף פליגל וואָס ברענען ווען זיי שוועבן; פון הויכקייטן און טיפענישן פון די הימלען. דער גרויסער קינסטלער גיט זיך איבער אין שלאָף צו די ווירקונגען פון די שטערן — צו די אסטראָלאָגישע צייכנס, ראַיות, אָנדייטונגען און וויסנס־קוואַלן וואָס מעכטיקע כוחות און פערזענלעכקייטן ליפערן אים איבער. ער איז דער דינער צו גאָט — דער פּריסטער פון דער נאַטור. די נאַטור שרייבט פאַר אים אויף געהיימע פּלע־צער ריזיקע ווערק און סודות, וועלכע ער דאַרף קאָפּירן און איבערגעבן

צו די דורות. דער גרויסער קינסטלער איז אַראָפּגעקומען אויף דער ערד — אַ פאַרשטעלטער פּרינץ — צו שליידערן צו די מענטשן די לוחות פון אַ תורה — פון אַ וויזיע — דאָס אומגעהויערע וואָרט פון אַ גאָט וואָס גייט אַראָפּ ווי אַ בליץ פון די שטאָפּלען פון די וואָלקנס — פון די טרעפּ פון זונען. —

*　*　*

די וואָלקנס קומען צו נידעריק צו בעעטאָוונס קאָפּ און זיי קושן זיין שטערן. עס שטייען צו זיינע פיס די פויגעלעך און זיי פישטשען מיט זילבער־טרעלן צום מייסטער. דעם מייסטערס קאָפּ — דער דאָזיקער געשמידטער פעלדזיקער קאָפּ, געהאַמערט פון די קלעפּ פון ליידן — איז געבויגן אויף זיין אייזערנער ברוסט. די אינסעקטן קריכן אַרום אים אַרום און זינגען זייער דין געזאַנג. אָ, מייסטער בעעטאָוון, עס גיבן דיר טויזנט שטילע קרע־אַטורן זייער אידיליש געזאַנג און טרייסטן דיך און אומהאַלדזן דיך מיט טרערן. עס באָרגן דיר די שטערן זייער מעכטיקע מוזיק. אָ, געטלעכער מייסטער, דו ביסט טויב, נאָר עס קומט דער מאָמענט און דו ברעכסט אויס אין אַ געוואַלטיקער סימפאָניע — דו שטורמסט אויס אין אַ קאָלאָסאַלער דעמאָנסטראַציע פון מוזיק — דו שליידערסט צום שיקזאַל דיין ווערק, פון דיר זעלבסט, פון דיינע טיפענישן, ווי אַ שטורם אַרויסגעשליידערט — פון דיר זעלבסט אַרויסגעדונערט ווי אַ שטורמישער זון־אונטערגאַנג צו די בלייערנע פיס פון גאָט!

סילוואַן לייק, אויגוסט, 16, 1947.

*　*　*

אַז עס הייבט דאָ אָן צו בליצן, ווערט פייערדיק און ליכטיק אויף דער גאַנצער וועלט. נאָר אין מיין צימער ווערט פינצטער ווי ערב מעשה בראשית. די בליצן קריצן אויפן הימלישן פּאַרמעט ווי שאַרפע פייערדיקע פעדערס. ווי פען־שפּיצן שרייבן זיי גזרות און אורטיילן. זיי גיסן אויס קריצנדיק גאַנצע פעסער פייער־טינט. זיי טריפן אויס מיט קאָכעדיקע אָקעאַנען בלוט.

אָ, איך ווער אַ פאַרציטערטער ווען די קאָסמישע בליץ־פענעס באַפאַלן די טעריטאָריעס פון רוים — און שרייבן און באַדעקן מיט צייכנס די הימ־לען און די ערדן. דאָס שרייבט דער גאָט פון הימל און ערד זיין אומגעהויערע באַשרייבונג. —

*　*　*

עס איז גוט צו זיין אויף די קניעס פון דער גרויסער מוטער נאַטור, צו גראַבלען מיט די קליינע קינדישע פינגער אין דער מאַמעס גאָלדענע האָר, געקעמט פון די איידעלע ווינטן. נאָר דער קאָפּ איז פול מיט זאָרגן און מיט פּלענער. און דאָס האַרץ איז פול מיט אומעט, אַזוי ווי אַ בעטלערס באַנדורע. —

## בלויע פעלד־בלומען

ביים וועג, צווישן די גראָזן, טוען אַ לויכט אויף מיט אַלע איידלקייטן די בלויע פעלד־בלומען. עס איז ווי אַ הימל — איינער פון די זיבן הייליקע הימלען — וואָלט זיך געבראָכן און וואָלט דאָ געפאַלן צו דער ערד. עס איז גוט צו די אויגן צו קוקן צום דאָזיקן בילד פון די בלויע פעלד־בלומען. דו ביסט גרייט צו קניען פאַר זיי ווי פאַר דער פרינצעסין פון דער וואונדערלע־כער מעשה. דו ביסט גרייט צו קניען פאַר זייער איידלקייט און פשטות. דו וואונדערסט זיך וואָס די מענטשן זייען נישט בעסער ווען זיי קוקן אויף אַזעלכע שיינע בלומען. און פון דיין זכרון, פון דיין אונטערבאַוווסטזיין, לויכטן אויף די בלומען פון דיין קינדהייט, צו וועמען דו פלעגסט פאַלן אין פעלד און קושן און זיך קינדיש בויגן צו זייער איידעלע שיינקייט. —

## שטיינער

דו גייסט איבער דער ערד אין דיין טרערנפולער שטימונג און שטיי־נער לויכטן אויף מיט זייערע האַרטע געזיכטער. אין יעדער שטיין — דאָס פּנים פון אַ מענטש וואָס איז געווען. אין יעדער שטיין — די מאַסקע פון אַן אַקטאָר. יעדער שטיין — פאַרגליווערט פּנים פון אַ נביא. יעדעס שטיינדל — אַ קינדיש פּנימ׳ל. און פּלוצלינג ווערן דיר אַלע שטיינער איידל און האַרציק. דו פילסט אַזוי ווי די גאַנצע מענטשהייט, אַזוי ווי די פּנימער פון אַלע דורות, וואָלטן דאָ געלעגן צו דיינע פיס. אַזוי ווי די לוחות וואָלטן געווען פאַרשריבן אין יעדער שטיין. אַזוי ווי פּאָעמען און געזעצן וואָלטן געווען אַריינגעקריצט אין די פעלזן. דיר דאַכט, אַז יעדער שטיין איז געלעגן אונטער יעקב׳ס פּלאַמענדיקן קאָפּ. אַז יעדער שטיין איז געוואָרפן געוואָרן צום נביא׳ס פּנים און, אויף אים איז דעם נביא׳ס בלוט פאַרגליווערט געוואָרן. אָ גאָט, אין די דאָזיקע שטיינער איז די מאַרטירער־געשיכטע פון גאָרן לעבן פאַרצייכנט. —

## פאַרצייכנט

ווו אַהין דו גייסט מיט דיין צעשלאָגענעם און פאַרטערטן גוף — פאַרצייכנסט דו דיין עקזיסטענץ אויף אייביק. אינם טייך אין וועלכן דו האָסט זיך היינט געבאָדן, האָסטו פאַרזעצט די פאָרם פון דיינע גלידער. עס וועט דיך מיט דאַנקבאַרקייט דער אָפּגרונט טיף געדענקען. עס וועלן די כוואַליעס זיין שיכור מיט דיין פאָרם און זיי וועלן טאַנצן מיט דיר אין צייט.

אין וואַלד ווו דו האָסט שפּאַצירט, דאָרט האָבן דיביימער דיך דער־פילט און געשעצט. זיי האָבן דיך אין די צווייגן־אָרעמס געטראָגן און גע־

האַלזט. עס פאַרצייכנט די ליימיקע ערד די טריט פון דיינע פאַרווונדיקטע נביא־פיס.. אָ, די ערד באַהאַלט אַלע צייכנס פון דיין לייב, וואָס איז אויף איר געלעגן — אַזוי ביזן לעצטן טאָג, ווען דיין קבר ווערט דורך שווערע הענט פון גרעבער אויסגעגראָבן. אין וועלכער צייט פון טאָג און יאָר דו באַווייזט זיך, וועט דיך די וועלט געדענקען. דיך וועלן הויך די וואָלקנס טראָגן און פאַרטראָגן דיין ליימיק פּנים, ווי אַ פאַרוועלקטע בלאַט, ווי אַ נביא׳ס פלאַמיק פּנים — צו די פיס פון גאָט, פאַר וועמען דו וועסט אָנפאַנגען צו יאָמערן מיט אַ שרעקלעכן יאָמער. און מענטשן וועלן דיך געדענקען.

עס וועט אַ פרוי ביז איר גרויע עלטער דיך געדענקען און שפּינענדיק ביים שפּינראָד אין דער שפּעטער נאַכט, ביים איינזאַמען פייער, וועט זי דיין פּנים אַרויסצויבערן פון דער פאַרגאַנגענהייט און דיך קושן. עס וועט דיך די גאַנצע נאַטור געדענקען. אָ, זיי נישט טרויעריק. אין די קנייטשן פון די שטערן האָסטו פאַרקריצט דיין עקזיסטענץ. עס וועט יעדער לופט־כוואַליע טראָגן ביזן הימל דיין שטימע, דיינע רייד. ווי אַ שטיק תהלים, וועט דיין קאָנפּעסיע הענגען אין דער לופט — און וועט קלינגען פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן עק וועלט. אָ, דו וועסט נישט גיין פאַרלוירן. דו קומסט נישט אום מיט אַ טויט פון אַש און שטויב. ווי אַ ספּיראַל פון פייער שניידסטו זיך אַריין אין דעם אומגעהויערן רוים און אין דער אייביקייט. —

# ג ע נ י ו ם

עס איז אַ וואָרט פאַר יענע גהינום׳דיקע גייסטער וואָס ווערן געשלייידערט אין דעם ווירבל־ווינט פון שיקזאַל. יענער, וואָס אַ שטיק מוח איז אים אָפּגעברענט געוואָרן פון אַ בליץ, אַזוי ווי אַ מלאך וואָלט אים אָפּגעגריזשעט דעם שאַרבן. געניוס — אַ וואָרט צום קינד וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט אַ קאָפּ ווי אַ גלאָבוס; וואָס האָט איינמאָל אין אַ נאַכט געזען אַ וואַנזיניקע וויזיע און ער קען זיך פון איר נישט באַפרייען. געניוס — אַ וואָרט פאַר די וואָס דרייען זיך אין ביטערן שמערץ אויף די פייערדיקע טרעפּ פון גהינום. פון די וואָס קומען אום, ווייל ס׳האָט זיי דאָס לעבן ווי אַ שלאַנג אַ ביס געטאָן אין האַרצן. געניוס — אַ געפערלעכער אָפּגרונט, וואָס אָט קומסטו צו צו אים נאָענט, גאַנץ נאָענט, און דו בלייבסט שטיין ווי אַ באַלזאַק אָדער דאַנטע — צו אַן עפּאָכע. און אַנדערע וואָס זיינען אַרונטער צום אָפּגרונט און זיי זיינען דערגאַנגען צו וואַנזין. געניוס — אַ וואַלד פון פייערדיקע ביימער, אין וועלכן דו בלאָנדזשעסט אַרום ביז דו ווערסט אַלט — אָדער דו דערגרייכסט די זון אין דעם אַכצעניאָריקן עלטער. געניוס — אַ וואָרט פון יענע וואָס בלוטיקן און זיינען פאַרגאָסן פון טרערן

זייער לעבן לאַנג. געניוס — קינדער פון אַ גאָט וואָס צעגריזשעט זיינע אייגענע קינדער. —

## גאָט'ס וואַרעמע האַנט

דו גייסט אַרויס אין גילדערנעם מאָרגנרויט איבער דעם פעלד. דו פילסט אַז גאָט'ס וואַרעמע הענט האָבן געדריקט צום האַרצן די לאַנד־שאַפט. דו זעסט ווי גאָט'ס הענט האָבן געקעמט מיט אַן אייזערנער קאַם די לאַנקעס. דו זעסט ווי די בערג זיינען אויסגעקעמט געוואָרן ווי קינדער. גאָטיס האַנט וואָס האָט געקנאָטן די ערד אין מעשה בראשית, צוואָגט און וואַשט אין וואָלקן־מידלענעס די קאָסמישע לאַנדשאַפט. —

## די נוד

די דאָזיקע נוד וואָס שטייט אויפן ברעג פון וואַסער, באַלויכטן פון דער זון, מיט אירע גאָלדענע לאָקן פאַנאַנדערגעלאָזט — וועלכע עוואָלוציע שטעלט זי מיט זיך פאָר אין דער אַנטוויקלונגס־קייט פון דער מענטשלע־כער פרוי. טויזנטער און מיליאָנען יאָרן זיינען דורכגעשוומען איבער איר רוקן, רייבנדיק מיט טויזנט נעפּלען און וואָלקנס און ערדן איר נאַקעטע פּלייצע. ס'האָט דער געניוס פון עוואָלוציע די פרוי דורכגעטראָגן דורך טויזנט וואַסערן און דורך טויזנט פייערן, פאַלירנדיק און שניצנדיק און ברענענדיק אירע גלידער, זיי פון דער ברוטאַלער פעלדזיקער האַרטקייט און ווילדקייט פאַרוואַנדלענדיק אין דער איידעלער דאַמע פון דער רענע־סאַנס־מאַלעריי, אַנגעטאָן אין גאָלד; פון דער נאָוועלע, אין וועלכער זי לויכט אויף אין איר גאַנצער דראַמאַטישער שיינקייט און דינאַמיק. זינט יאָרטויזנטער האָבן מענער, קריגער, קאַניבאַלן, אורמענטשן און פּרימיטיווע ראָמאַנטיקער זי געראַובט און געשענדעט, זי געשלאָגן און געפּייניקט, ביז זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער דאָזיקער בראָנדזענער געטין, וואָס שטייט איצט אויפן ברעג, געגילדעט אין זון־אונטערגאַנג. דאָס איז די פרוי וואָס האָט איינזאַם פאַרבלוטיקט אין דער אורצייט, וואָס האָט געוויינט, וואָס האָט ווילד געיאָמערט נאָך אירע פון דעם שונא געטויטעטע קינדער. די פרוי וואָס טויזנט צייטן זיינען איבער איר אַריבערגעריטן, זי ברעכנדיק און קושנדיק, זי האַלדזנדיק און שלאָגנדיק ברוטאַל —

און איר נאָך נישט פאַרענדיקטער רעזולטאַט שטייט דאָ אַ לויכטנדי־קער — גרייט אָנצוטאָן אַלע קאָסטיומען פון אַלע עפּאָכן אין דער מאָלעריי, טעאַטער און מאָדע און צו לויכטן אין אַלע קליידער. .דאָס איז די פרוי — די זיגערין — וואָס שניידט זיך ספּיראַליש אַריין אין דער אייביקייט, ווי אַ פלאַם. —

# כוח

דער גרויסער קינסטלער באַזיצט אַן אורמענטשלעכן כוח. ער ברעכט איבער, ער דרינגט דורך, ער אַטאַקירט מאַטעריע. ער ברענגט אַרויס אַלע אַספּעקטן פון אַ לאַנדשאַפט אָדער פון אַ מענטש. ער האָט אַ ריזיקן פיזישן און גייסטיקן כוח. ער נעמט אַרום אַלע פאָרמען און דערשיינונגען פון דער נאַטור. ער באַהערשט און אַטאַקירט דעם מאַטעריאַל. ער צעברעכט די ביינער און דאָס געשטאַלט. ער רעאָרגאַניזירט דאָס מעבל פון דער וועלט.

די גרויסע קינסטלער נעמען אַרום זייער צייט, גיבן די פרעסקאָ פון אַן עפּאָכע. קונסט איז כוח. פרימיטיווע אורקראַפט. קיין אַנעמישע מענטשן קענען קיין קינסטלער נישט זיין. ווייל דער קינסטלער גייט אַריין אין די אָדערן פון זיין העלד, אין זיין בלוט און אין מאַרך פון די ביינער. זיינס אַ ווערק קאָסט אים אַ שטיק לעבן. מיט זיינע ווערק ברעכט ער אָפּ שטיקער זון, שטיקער בראַנדזע פון זיין פלאַמענדן גוף. —

## דער קינסטלער און זיין ווערק

דער קינסטלער האָט נישט נאָר ליב זיין ווערק, נאָר ער ברעכט זיך אָפּ דורך זיין ווערק אין בראַנזענע שטיקער. מיט יעדן ווערק רייסט ער אַרויס אַ שטראָם פון בלוט און כוח פון זיין לעבן. שאַפן מיינט — לעבן אינטענסיוו, ווי ראַדיום. דער קינסטלער איז דער קרבן, דער שקלאַף פון זיין ווערק. דאָס ווערק פרעסט אים אויף ווי אַ פלאַם. דאָס ווערק איז זיין דעמאָן, זיין טייוול. ווי דער טייוול, וואָס גיט פאַרגעניגן אין גהינום׳דיקן לעבן פאַרן פּרייז פון זיין נשמה, אַזוי גיט דער דעמאָן פון קונסט זיין קרבן די פאַנטאַסטישע פאַרגעניגס פון קונסט. דער קינסטלער, ווען ער שאַפט, באָדט זיך אין זיינע אייגענע טרערן. ער איז פאַרליבט אין זיין ווערק, און פאַר אים איז וויכטיקער די עקזיסטענץ, די באַשאַפונג, דער אויפבוי פון זיין ווערק — פאַרן פּרייז פון זיין זעלבסט־צעשטערונג, פון זיין זעלבסט־רואין און פאַרניכטונג. מענער ווי אָטאָ וויינינגער, ווי בייראָן, ווי שעללי, האָבן זיך פאַרניכטעט כדי זייער ווערק זאָל לעבן און זאָל זיך פאַרויסטראָגן אין צייט מיט זיין אומשטערבלעכער עקזיסטענץ. —

* * *

דאָס דאָזיקע ווייסע זומער־פייגעלע — עס איז דאָס אונשולדיקסטע באַשעפעניש אויף דער ערד. איך געדענק עס פון די ערשטע טעג ווען איך האָב מיט ציטערניש אָנגעפאַנגען נאָכקוקן די ערשטע באַוועגונגען פון לעבן. די דאָזיקע ווייסע זומער־פייגעלעך, וואונדערלעך דערשיינענדיק אין די פרילינגס־טעג, ווען די זון גילדערט די פוילישע, די היימישע און

פשוטע לאַנדשאַפטן. עס שוועבט און עס טאַנצט, עס שטעלט זיך פלוצלינג אָפּ ביי אַ בלום, ביי אַ פלאַנץ, עס רוט זיך אָפּ אויף אַ קזשאַק. מיינע הענט ווילן עס פאַנגען, לויפסטו קינדיש און אומבאַהאָלפן נאָך דעם פייגעלע. און נאָך איצט טוט דיר ווי פאַר די פיינען וואָס דו האָסט אַנגעטאָן אַזאַ פייגעלע, וואָס האָט זיך געריסן צום לעבן מיט אַזאַ הערצאַישער ליבע צום לעבן. איצט, אויף די סאַמעטענע פעלדער פון סילוואַן לייק־טעריטאָריע, ביסטו וויליק צו קניען פאַרן פרעכטיקן פייגעלע, וואָס איז פון זייד געוועבט. צו קניען און עס בעטן מחילה פאַר יענעם קינדישן פאַרברעכן. נאָך איצט זיינען דיינע פינגער באַפלעקט מיט דער פאַרב, מיט דעם בראַנדזענעם קאָליר פון די איידעלסטע זומער־פייגעלעך. —

* * *

רויטע קו איבער דעם פייכטן, פאַרנאַכטיקן פעלד — ווי רויטע בערג־לעך ציגל. דיר דאַכט זיך ס'האָט דער רעזשיסאָר פון צייט צוריק אַ דריי געטאָן דיין קינדהייט. אַ פאַסטוך שפּילט אויף אַ פייפל אויס אַ ווונדערלעך ליד. פאַרטראַכט זינקט די זון אינ'ם וואַלקנדיקן וואַסער, אויף דער שוועל פון דער ערד. ביסט גרייט צוצופאַלן צו דער ערד, זי באַרירן מיט די ליפּן, קושן הייליק. —

* * *

דו פאַרסט דורך מיילן אויף מיילן פון אַמעריקאַנער טעריטאָריע און דו זעסט נישט קיין הייליקן־סטאַטוע, קיין מאַלעריי פונ'ם ברוינעם איד, דערמאָנסט דיך די קרומע, פוילישע וועגן. ביי יעדן קרייץ פונ'ם וועג — אַ צלם פון צעפוילטע, פאַספאַרישע האָלץ, וואָס ציינדט זיך אָן אונטער דעם בלייען שלייער פון דער נאַכט. דו דערזעסט אַ פּנים וואָס איז אַלט צוויי טויזנט יאָר — אַן אַלט פּנים פון אַ איד אין די דרייסיקער. די אויגן — פאַרגאָסן מיט טרערן און מיט בלוט. דער שטערן — צעווונדיקט. דאָס פּנים — געלב. מיט אַ רויטער באָרד, ווי איינער פון דיינע שווינדזוכטיקע פעטערס.

דו דערמאָנסט דיך די פוילישע וועלדער. צווישן די ביימער טויכט פלוצלונג אויף אַ בייזיל מיט אַ געפאַרבטער מאַדאָננאַ. אירע שיינע פיס — באָרפוס. די הענט — געשניצטע, ווי דיין קליינע שוועסטערס. ס'האָט עמעץ דער מאגדעלענען צוגעבראַכט אַ בוקעט מיט היימישע קוויאַטן. ביי אירע באָרפוסע פיס וויאַנען געלב די קוויאַטן. די זון ציינדט זיי ווידער אָן. ביסט גרייט צו גיין צו דער אָריענטאַלישער פרוי און איר קושן די דינע, גאָלדענע ליפּן. איר אויסקושן די ברוינע מאַנדל־אויגן.

דו געדענקסט גוט די הייליקע יונגפרוי מיט איר קינד. דאָס קינד — ווי אַן אַלטער איד. אַן אַלט־געוואָרענער, אַ גרייז־גרויער איד, זיצט אויף

איר קני. אַ ציטערנדער. די יונגפרוי איז נעבעך טרויעריק, ענלעך צו אַ אידישע מוטער — יינגערהייט אַלט געוואָרן... אומצופרידן וואָס איר מאַן איז נישט קיין היימישער איד — נאָר אַ גרויסער, אַן אַלטער גאָט. און אַרום די פיס פון דער הייליקער פאַלן בלעטער פון פוילישע בוימער — פאַלן גרויסע בלעטער, אויסדריקלעכע ווי הענט. וווּנדערלעך־געצייכנטע דורך דעם געניוס פון דער נאַטור. די ביימער רוישן מיט תפילות. דו ביסט קליין, שטוינענדיק אינגעל. דו פילסט אַזאַ מאָדנעם ציטער ביים באַריר מיט דעם הייליקן, דעם ווייבלעכן, דעם מאָלערישן. ווי אַזוי געשיכטע, מיס־טיק, אָריענט — וואַנדערט קיין פוילן, באַזעצט זיך אין אַ פוילישן וואַלד... רירט אָן דיינע ערשטע געפילן — רירט אָן דיין האַרץ מיט גילדערנע פינגער. —

* * *

פאָלקסקונסט איז נישט נאָר דאָס נאַאיווע, אָרעמע און האַרציקע פאָלקס־ליד. מען דאַרף נישט מיינען אַז דאָס פאָלק איז אַזוי נאַאיוו אַז עס קען נאָר פון זיך אַרויסברענגען די ווייגעדיקע קאָבזאַרן, די נאַאיווע בדחנים, די ווייך־קעלער־ראָמאַנסן, די קרעטשמעדיקע לידער וועגן גלעזער ווייַן און דאָס פאַרטרינקען דעם פינצטערן און דעם ביטערן שמערץ. דאָס פאָלק שאַפט אויך זיינע גרויסע ווערטן. גרויסע דיכטער זיינען פונקט אַזוי דעם פאָלק'ס קינדער ווי די נאַאיווע, טרויעריקע זינגער פון צעבראָכענע ליבעס, פון דער אָרעמקייט און פון דעם טויט. גרויסע דיכטער זיינען דעם פאָלק'ס קינדער. זיי יערן אינ'ם פאָלק זיבנט טויזנטער יאָרן. זיי שעפן זייערע כוחות פון די אונטערערדישע שטראָמען האָניק פון דעם פאָלק'ס אוצרות. מענער ווי סערוואַנטעס, שעקספיר, יהודה הלוי, היינריך היינע — זיי זיינען אויסגע־טראָגן געוואָרן פון דעם פאָלק דורך די יאָרטויזנטער. פון די טיפענישן פון דעם פאָלק'ס טראַכטן, בענקען, רעוואָלטירן און טרויערן קומען זיי. זייערע העלדן זיינען אין דער פאָלקס־לעגענדע געשאַפן געוואָרן. זיי זיינען אַרויס ווי בדחנים, שדחנים, ווי זינגער און טענצער, ווי קלאָונס און וויצ־לינגען, מאַרשאַלעקס און בעטלער פון דעם שויס פון פאָלק. דאָס זיינען די נביאים, וואָס דאָס לעבן האָט זיי פאַרשעמט און דערנידעריקט און אָפטמאָל פאַרשטיינערט. דער באַרג מיט שטיינער דעקט צו זייערע מאַרטי־רערישע גופים, בשעת זייערע נשמות דערהויבן זיך צו גרויסע סימבאָלן פון חכמה, פרייהייט און רעוואָלט. נאָך עטלעכע דורות קומט דער מייסטער, בלאָזט אַראָפּ דעם שטויב פון די שטומע, ליימיקע קאָלאָסן און דעקט אָפּ העלדן וואָס הייבן אויפסניי אָן צו לעבן און צו ווירקן, נאָכדעם ווי יעדער דור האָט צוגעלייגט אַ שיכט ערד, אַ שיכט ליים, אַ שיכט חכמה, אַ שיכט רעוואָלט צו זייערע טויטע גופים. מייסטער קומט ווי אַ דערלייזער און באַ־פרייט טייל אוילנשפּיגלען, האַמלעטן, דאָן קיכאָטן, פאַוסטן, מנחם מענ־

דלען, דעם משוגענעם בטלן פון זיין שטומער צונג. זע, ער הייבט אָן צו רעדן מיט אַ נייער שפּראַך, מיט אַ פלאַמענדיק לשון, ער ברעכט אַרויס מיט ווערטער אַנטקעגן די הערשער, אין שטורעמדיקע פּראַזן ווי אין דונערן. זיין פּנים בליצט. פון צענליקער דורות גייט אַרויס דער העלד — הויך ווי אַן אַלפּ. ברייט ווי אַ לאַנדשאַפט. טיף ווי אַ באַרג־שטראָם. ער גייט צווישן הימל און ערד מיט זיין געוואַלטיקן גאַנג. ער גייט ווירקן אויפסניי — אַ געוואַשענער אין די טרערן פון אַ סך דורות.

גרויסע דיכטער — ווי נאַאיווע פאָלקס־קינדער — ביידע זיינען די קינדער פון זייערע פעלקער. אין לאַנגע פינצטערע נעכט ווערן זיי געקנאַטן פון דעם ליים פון דער ערד. און געוויקט אין שטורם און אין רעגן, אין אַלע ווינטערן און ווינטן און בייזע וועטערן וואָס באַפאַלן דעם פאָלק אין זיין געשיכטע. דאָס לעבן פון דעם פאָלק שטעלט זיי אויף ווי מאָנומענטן און זיי הייבן ווידער אָן צו לעבן זייער שטורמיש, זייער טעאַטראַליש לעבן אונטער דער זון, אונטערן בלויען בויגן פון׳ם געפּאַרבטן הימל. —

* * *

די דאָזיקע קליינע, צאַרטע בלומען — קענסט אָפּציילן טויזנטער אין איין קליינעם שטענגל. קיינער באַמערקט זיי אַפילו נישט — אַזוי פיל אוצרות האָט די נאַטור. מיט וועלכער שפע, מיט וועלכער פאַנטאַסטישער עקסטראַוואַגאַנץ וואַרפט גאָט פאַנאַנדער זיינע בערג מיט אוצרות, זיינע אומגעהייערע לאַנדשאַפטן. מיט וואָסאַראַ ברייטקייט צעשטורעמט ער און פאַרשפּילט ביים קאָסמישן טיש דאָס גאַנצע גאָלדוואַרג, דאָס קאָלאָסאַלע גאָלד פון בערג מיט זונען. אין וועלכע גן־עדנ׳ס רוען די נשמות פון אַלע שעפּונגען — פון דער פלאָראַ און פאַונאַ; ווו און ווי אַזוי ווערן באַלוינט אַלע לעבנס פון דער ערד — פון די פלאַנעטן — פון די זונען און די שטערנס. — אין וועלכן קאָסמישן גן־עדן ווערן געהאַלטן די זונען און די שטערן!

ניו־יאָרק, 20 אויגוסט, 1947

* * *

נאַטור איז מאָנאָטאָן. עס איז דער מענטש, דער קינסטלער, וואָס גיט צו כאַראַקטער דער נאַטור. עס איז דער קינסטלער וואָס גיט דער נאַטור זיין פילאָסאָפיע, זיין אָנשויאונג, זיין קאָליר, זיין שטימונג. ווי אַ גאָט, פאַרבט דער מענטש זיין וועלט אין די קאָלירן וואָס זיין האַרץ האָט ליב. —

* * *

דער קינסטלער וואָס האָט נישט קיין מיסטיש געפיל; דער קינסטלער וואָס דערנענטערט זיך נישט צו נאַטור מיט דעם געפיל פון גאָט, וואָס לייכט און פלאַמט פון יעדער ביסל מאַטעריע, איז קיין קינסטלער נישט. דער אמת׳ער קינסטלער מוז זיין באַהויכט פון גאָט. ער מוז זיין אַרומגענומען,

ווי מיט אַ גאַרטל, פון דעם גרויסן פּאַרכטיקן געפיל פון גאָט. ער מוז מאָלן, שרייבן אָדער טאַנצן אַזוי ווי ער וואָלט געשטאַנען אינמיטן פון קאָסמאָס און ער וואָלט באַוווּנדערן גאָר די שעפונג פון דער נאַטור, וואָס איז איינגעהילט אין גאָט. —

* * *

קוקסט זיך אַרום אין טויאיקן פרימאָרגן. דער נעפּל שטייגט פון די בערג, ווי פּאַרטראַכטע וואָלקנס פון דיין קינדהייט. די וואָלקנס ציען צום הימל, געזעגענען זיך מיט דיר. דאָס גראָז איז פייכט. טויאיק, מיט גאָט'ס טרערן פייכט. דורך דער נאַכט איז די לאַנדשאַפט אויסגעצוואָגן געוואָרן. די האַנט פון גאָט האָט מיט וואָלקנס אַרומגעצוואָגן די לאַנדשאַפטן. און דו שטייסט אין דעם זילבערדיקן פרימאָרגן. ס'איז דיר הייליק די ערד פון דיינע אייגענע טריט. דו געזעגענסט זיך אין האַרצן מיט דעם פּייזאַזש. גאָט, העלף אונז אַז מיר זאָלן זיך ווידער זען — איבער אַ יאָר, מיט דער־זעלבער לאַנדשאַפט, מיט די זעלבעביימער. מיר זאָלן זיך באָדן אין זעלבן וואַסער, אָנרירן די זון מיט די הענט, טראָגן אין האַרצן דאָס שטיק טריפנדיקע תהלים...

געזעגענסט זיך ביים סוף פון דער וואַקאַציע מיט דעם שטיק הער־לעכע וועלט אין וועלכן דו האָסט געוווינט. מיט גאָר דער באַוועגונג פון לעבן וואָס האָט דאָ געפלאַמט. וואָס האָט דיך דורך דער נאַכט באַרירט מיט טויזנט מיילער, מיט טויזנט פליגל, מיט טויזנט ציטערנדיקע פּיסלעך. דו געזעגענסט זיך אינטים מיט אַלץ — און דו פילסט ווי דו וואָלסט איבער־גיין פון איין פאָרם פון לעבן און פון איין מין וועלט אין אַ צווייטער. דו שרעקסט דיך אַזוי שטאַרק פאַר'ן אַרויסגיין פון דער דאָזיקער וועלט און פאַר'ן אַריינגיין אין אַ צווייטער. עפּעס אַזוי ווי דו וואָלסט דאָ לאָזן דיין גוף — דיר אַזוי ליב, מיט אַלע זיינע יסורים. דו געזעגנסט זיך און דו קושט יעדער לאַנדשאַפט — יעדער בוים — יעדער קוסט און פלאַנץ און קרעאַטור. דו ביסט איינגאַנצן אַ שטיק גאָלד־טרערנטריפנדיקע תהלים. —

* * *

קענסט שווייגן אַ טאָג צי צוויי. נאָר באַלד ווי דער באַגינען צינדט זיך; אַזוי ווי די זון באַרירט נאָר מיט בלאַסע פינגער די בעלמעס פון דעם טאָג'ס אויגן — ווילסטו צוגיין שרייבן און שליידערן פון זיך אַרויס די שטיקער איינדרוקן און סענסאַציעס; די האַלבע נאַכט־האַלוצינאַציעס און אָנגעצונדענע וויזיעס. קינסטלער אין דיר וועקט זיך, מאָנט דיך שטענדיק אין גע־טרייען וואָרט צו שליידערן דיינע אימפּרעסיעס. קינסטלער איז כסדר אויפ־געמעריש. קינסטלער וויל איינשליסן אין זיך די אַלוועלט. ער לעבט, כדי די סענסאַציעס, די אימפּרעסיעס, גאָר דאָס לעבן צו לאָזן דורכגיין

דורך זיך ווי דורך אַ פּריזמע און די ספּעקטער־שטראַלן אָנצינדן אויפן גרויסן קאַנוועז פון קונסט. קינסטלער ווערט פאַרצערט פון דעם וואַמפּיר פון קונסט.

* * *

די פראַנצויזישע ליטעראַטור איז אפשר די גרעסטע וואָס די וועלט פאַרמאָגט. זי האָט גרויסע מייסטער, וואָס האָבן באַוויזן צו שילדערן די ליידן פון די מענטשן און וווּנדערלעכע פּייזאַזשען. זיי האָבן פאַרבונדן מייסטערשאַפט און גרינגלעכע קענטניש פונ׳ם לעבן מיט דער נטיה צו שיינקייט — צו פּאָעזיע — צו די קאָלירן פון לעבן. זיי האָבן באַהאַנדלט אַ וועלט — שפּילעוודיק. זיי קענען אַלע ווינקעלעך פון דער מענטשלעכער נשמה. זיי קענען דאָס לעבן געַנוי און אַנאַטאָמיש. און אַלץ קומט אַרויס אַזוי פּאָעטיש. אַזוי ליריש. אַזוי גראַציעז און אַזוי נישט פאַרפּוצט. זיי ווייסן דעם סוד ווי אַזוי פון לעבן זעלבסט אַרויסצוציען די פּאָעזיע. פון פּשוטע מאָמענטן שטראָמט מיט שיינקייט. זיי האָבן פון די געטער דעם סע־קרעט פון מאָס און טאַקט. זיי לאָדן קיינמאָל נישט איבער. זיי קענען שטענ־דיק זיין אינטערעסאַנט און אַמוזאַנט. דערביי לערנען זיי שטענדיק. זיי שאַפן גרויסע ליטעראַטור. —

## גאָט

גאָט האָט ליב לויב. ער לאָזט דורך די אייביקייטן טויזנטער מלאכים זיך זינגען שירה. אַלע הייליקע קניען פאַר אים. קיין ווען אין הימל און ערד וואָגט נישט צו באַדעקן זיין קאָפּ מיט אַ הוט. מען מוז יאָר־איין — יאָר־אויס דערמאָנען צו גאָט זיינע גרויסקייטן. אומענדלעך איז דאָס הללויה־זינגען צו גאָט — דער גאַנצער קאָסמאָס איז איין ריזיקער הלל־אָרקעסטער צו גאָט, דעם אַרכיטעקט פון הימל און ערד. —

## צעביסענע בלעטער

אין די לעצטע טעג פון גאָלדיקן אויגוסט זיץ איך אין פּאַרק. צו די פיס — מחנות בלעטער, צעביסענע בלעטער דורך אינסעקטן, צעפרעסענע בלעטער ווי זייד, ווי פון דינסטן, שפּינוועבסטיקן שטאָף געוועבט. איידעלע פאַרטרעטן פון זקנים — מעדאַליאָנען פון פּרעכטיקע פּרויען, דורך צייט צעביסענע.

איך קוק אויף די בלעטער און טראַכט ווי אַלץ ווערט צעביסן פון צייט. די אינסעקטן פון צייט צעבייסן ריזיקע, אומענדלעכע וועלדער. זיי צעפרעסן פּאַלאַצן, לעכערן דורך די פּרעכטיקסטע ווענט, באַהאָנגענע מיט קונסט־בילדער און לוסטרעס, מיט גאָבעלינען געצירטע און מיט טייערע אַנטיקן

און פרעסקאָס באַמאָלטע. זיי עסן אויף געוואַלטיקע געביידעס, צירקן, טעמפּ־לען, דענקמעלער און אַמפּיטעאַטערן. איך טראַכט פון די אַלע מענשן וואָס זייגען צעפּרעסן געוואָרן דורך צייט — אַלע קעניגן פון דער געשיכטע, אַלע שיינע דאַמען פון די ראָמאַנען, אַלע העלדן פון מלחמות, אַלע באַרימטע אויט־טאָרן פון גרויסע ווערק.

איך טראַכט פון די שטערן וואָס זייגען אומגעקומען אין די ספערן ; פון די זונען וואָס האָבן זיך די קעפּ צעקלאַפּט און אויסגעלאָשן ; פון די סאַטעליטן וואָס זייגען אַראָפּגעפאַלן צווישן די רעדער פון קאָסמאָס — צעמאָלענע אויף שטויב. און קיין טרויער נעמט מיך נישט אַרום. עס איז ווי איך וואָלט געפונען אַ טרייסט אין דעם דאָזיקן פרעסקאָ פון פאַרגענגלעכקייט. עס איז ווי איך וואָלט זיך טרייסטן מיטן פינאַל, מיטן סוף פון אַלץ וואָס לעבט און ליידט. אפשר איז דאָס דאָזיקע ענדיקן זיך פון אַלע זאַכן — גאָט׳ס גרעסטע מייס־טערווערק. אפשר איז די טיפסטע חכמה אין דעם ענדיקן זיך פון אַלץ. דאָס גאַנצע טרויעריקע שפּיל איז אַ מין טעאַטער. אַן אומזיכטבאַרער רעזשיסאָר טוט אונז אָן און טוט אונז אויס די מאַסקעס. מיר ווערן געבוירן ווי קינדער און מיר לעגן זיך ווי קינדער. דער ווילן און די אַמביציע ווערט אונז געגעבן ווי קורצע מאָמענטן אין דעם רייפן לעבן. דעמאָלט דאַרפן מיר אַלץ אָפּגעבן און זיך אונטערוואַרפן אַן טרויער דעם ווילן פונ׳ם אומגעהייערן רעזשיסאָר — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין די לעצטע זשעדנע טעג פון בראַנדזוענעם מאָנאַט אויגוסט זיץ איך אין פּאַרק און באַטראַכט מיט אַ געווויסער סאַטיספאַקציע די צעביסענע בלע־טער פון איגסעקטן. אין אַ טאָג וועט מיין גוף — מיינע ביינער — אויך אַזוי דורכגעזיפּט ווערן אין צייט... און דער זשעניע פון לעבן וועט אַרויס־ברענגען נייע ווענגס — נייע פאָרמען און עקספּערימענטן אין דעם אומ־שטערבלעכן טעאַטער פון וועלט־קרעאַציע. —

ניו־יאָרק, אויגוסט, 8, 1947

## דער מענטש וואָס ליידט

דער מענטש וואָס ליידט, ער איז צוגעבונדן צו דער נאַטור מיט אַלע זיינע חושים. ער לעבט מיט מיט דער נאַטורס רעגנס און שנייען. אַזוי ווי זיי וואָלטן זיין רעליגיעזע אויסדרוקן פון דער וועלט. אַזאַ ליידענדער מענטש זעט אין דער נאַטור, ווי וויליאַם בלייק, לויטער וווּנדער און געטלעכע גע־היימגיש. יעדער ווינקל איז פאַר אים אַ בית המקדש. ער זיצט אונטער אַ מענטשלעך, ציטערנדיק בוימל, וואָס טראָפּיעט אין רעגן, ער פילט ווי עס וואָלט געוויינט און פאַרגיסן טרערן. ער גרייט זיך צו יעדער ענדערונג פונ׳ם

ווען ער אַזוי ווי צו אַ נייער וועלט, פול מיט פּאַרכטיקייט, ווי ער וואָלט גע־גאַנגען זיך אָנקוקן מיט גאָט'ס אַ נייעם געזיכט און געשטאַלט.

* * *

די אָנערקענונג צום געניוס קומט דאָך, אויף וועלכער ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט און געקעמפט. נאָר דער געניוס איז קראַנק, און גרייז־גרוי, ער קען זיין רום קוים געניסן. פון אַלע קאַנטן קומען אָן באַגריסונגען פון גרויסע לייט צו אים. נאָר ער קען קוים מיט זיינע בלינד־געוואָרענע אויגן לייענען די בריוו — די אויסדריקן פון דאַנקבאַרקייט פאַר זיין לאַנגן לעבנס־קאַמף. יעדער גרויסער מענטש פילט די דאָזיקע טראַגעדיע ביים סוף פון זיינע טעג.

און ער פילט, אַז ער איז קוים רייף געוואָרן איצט, ווען ער האָלט ביים סוף. ער האָט אין דעם ביטערן קאַמף דערקענט דאָס לעבן און געזאַמלט חכמה. עס איז איצט, ביים סוף פון די טעג, ווען ער פילט זיך אין פולער קראַפט צו שליידערן זיין ווערק. אָבער איצט איז ער געבויגן צו דער ערד. אַלט און קראַנק. אַ חכם גייט שטאַרבן, ווען ער האָט אָנגעזאַמלט דעם העכסטן סכום וויסן און טאַלאַנט. גאָט רופט אים צו זיך, צו זיצן צווישן די חכמים, אַרום זיין גאָלדענעם טראָן. —

* * *

זינט מיין מוטער איז אַריינגעלעגט געוואָרן אין דר'ערד, איז מיר טייער די גאַנצע ערד. איך נעם אין ליבשאַפט אַרום די גאַנצע ערד. די ערד איז מיר הייליק. זי איז דאָס לייב, די קנאָכן פון מיין מוטער. —

* * *

נאָך אַ רעגן איז די ערד פריש און פייכט, פון אירע פאָרן גייען אַרויס גייסטער. געהיימע שטימען ציטערן אין דער לופט. די ערד איז שוואַנגער מיט לעבן. זי איז אויפגעבראָכן געוואָרן ווי אַ מוטער אין געבורט. —

נאָך אַ רעגן ביסטו אויך גייסטיק אָפן. עס איז ווי בליצן וואָלטן געקושט דיין מוח. עס איז ווי דיין האַרץ וואָלט באַרירט געוואָרן פון דעם מויל פון אַ בליץ. דאָס פאַרבלוטיקטע פלאַמען־מויל פונ'ם בליץ. דו האָסט אין זיך אַ קוואַל פון ליבשאַפט. דו גייסט איבערן וועג אַזוי ווי דיין טאַטע איז געגאַנגען, אין בלוט און אין טרערן. פנימער פון דיינע עלטערן, פון דיינע אורעלטערן ווערן דיר נאָענט. פאַר דיר ווערן אויפגעבראָכן די לײדן פון די פאַרשטיי־נערטע. עס רעדן צו דיר די פאַרקרומטע אין די גראַניטן, די נביאים פון די פעלזן. די אומגליקלעכע פון די יסורים־טאָלן פון דער ערד. דו גייסט דעם שפּאַציר איבער דער גאַנצער ערד. פאַר דיר לויפן דורך טאָלן מיט טרערן, בערגער מיט ווייטיק. צווישן די וואָלקנס, אין זיין לייכטנדיקער קרוין, לויכט

גאָט אַראָפּ מיט זיין שמייכל צו דיר. עס ווערט דיר וואַרם אויפן האַרץ. מיט פייכטע פאַרהאַנגען נעמען דיך אַרום די ערד און דער הימל. —

* * *

אין סילוואַן לייק האָב איך זיך באַמיט צו פאַרשטיין פאַרוואָס איך האָס די מייז. פאַרוואָס זיי זיינען מיר עקלדיק. אפשר זיינען מיר אומגערעכט. אפשר ווערן זיי אומזיסט פאַרפאָלגט. אויב מיר האַסן אַ זאַך, האָבן מיר דאָך סיי ווי אומרעכט. און ווי קענען מיר האַסן אַ לעבעדיק באַשעפעניש ווען גאָט האָט עס באַשאַפן? האָט גאָט דען אומזיסט באַשאַפן די לעבנס אויף דער ערד? דאַרפן מיר דען נישט ראַציאָנעל קאָנטראָלירן אונזער האָס? —

* * *

די ווערם קריכן אַרויס ביינאַכט אונטער דיינע טריט. טראַכסט פון זייער צער. ווי דאָס לעבן גייט אַרויס ביינאַכט זוכן דערנערונג. אויב עס וואָלט נישט געווען הייליק, וואָלט עס גאָט נישט באַשאַפן. פאָרזיכטיק גיי איך אי־בער די פייכטע, די טויאיקע וועגן, כדי איך זאָל, חלילה, נישט צעטרעטן קיין וואָרם. די נאַכט איז גרויס, אומענדלעך איז די פינצטערניש. איך און דער וואָרם —ביידע שטייען מיר קליין און ציטערנדיק פאַר דער גרויסער פינצ־טערניש. ביידע זיינען מיר נישטיק און פאַרגעגנגלעך. מיר שטייען ביידע אויף איין פּלאַן אויף דער ערד. מיר קענען ביידע צעטראָטן ווערן דורך די גיגאַנטישע פיס פונ׳ם שיקזאַל. דער מלאך המות גייט איבער אונז פאַרביי מיט זיינע אייזערנע טריט. אויף אונז לויערן פאַרניכטנדיקע אַרמייען. — איך און דער וואָרם — איינזאַם גייען מיר אין דער נאַכט צום ברעג פון גרויסן וואַלד. דער וואַלד וועט אונז איינשלינגען. די אומענדלעכקייט וועט אונז אויפעסן. —

* * *

איך קוק אָן דעם רויטן הונט אין דער נאַכט. ער קוקט מיך אָן. עפּעס פאַרשטייען מיר זיך קעגנזייטיק. מיר קוקן זיך אַזוי אָן דורך יאָרטויזנטער. צו־זאַמען הויזן מיר אויף דער קאַלטער ערד — דורך פרעסט און דורך היץ. מיר באַקעגנען זיך ווי באַקאַנטע. מיר קענען זיך זייער ווויל. מיר זיינען אונטערגעוואָרפן איין גורל, איין פאַרשאָלטענעם שיקזאַל. —

* * *

דער פלומפּ שטייט אָן איינזאַמער אין אַ ווינקל פון דער גרויסער נאַטור. די פרוי שטייט ביים פלומפּ און שעפּט אָן וואַסער. דאָס וואַסער איז ווי פליסנ־דיקער אייזן. עס גיסט זיך אַריבער די ברעגן פונ׳ם עמער. עס פאַרגיסט אירע פיס. די פיס אירע זיינען ווי געקאָוועטע פון אייזן, מעכטיקע פיס פון אַ פרוי. די פרוי איז ווי אַרויסגעגאָסן פון אַ לאַנדשאַפט פון רובענס. נעבן איר שטייט דער הונט — אַ שטיק ערדישער כוח. פרוי און הונט קוקן זיך אָן. פרוי־

פילט דעם באַגער פונ׳ם הונט. הונט באַשמעקט דאָס שווייסיקע לייב פון דער פרוי. עס איז שפּאַנונג צווישן זיי. עס קומט אַרויס פון די קוזשאַקעס דער פּאַרמער, מיטן גוף פון אַ גאָרילע. די זון שטראַמט מיט ריזיקע, מיט קאָס־מישע שטראָמען גאָלד איבער דער ערד. די זון פליסט אָפּ מיט איר האַרץ איבער די וועלטן. דאָס וואַסער איז אייז־קיל און עס רינט מיט דער וואַרעמ־קייט פון דער פרוי׳ס פיס צום אָפּגרונט. עס טראָגט אין זיך איר פיבער — איר בלוט־שלאָג — איר האַרץ־פּולס. דאָס וואַסער איז שיכור פון דעם באַריר מיט דער פרוי. די ערד ציטערט אונטער די טריט פון דער פרוי. מאַן קוקט אָן די פרוי מיט זיינע שטאָלערנע אויגן. זי שמעלצט ווי בראַנדז אין דער זון. פּרימיטיווע כוחות באַקעגנען זיך אין ברענענדיקן טאָג, אין שויס פון דער נאַטור. די זון, דאָס גרויסע, שטראַלנדיקע פייער־ראָד, גליט, נעמט אַלץ דורך אין פלאַמען. —

סילוואַן לייק, אויגוסט, 1947.

## בלייך פערדל

אַ בלייך פערדל פירט אַ שוואַרצע קאַרעטע אין פאַרנאַכטלעכן צענט־ראַל־פּאַרק. פערדל, ווי אַ שטיק גוסס׳דיקער טאָג אין דעם צופאַלנדיקן אָוונט. איך דערפריי זיך מיטן פיצל אָטעמענדיק לעבן פונם פערד. עס באַוועגט זיך אין דעם בלוי און גרוי און אַש־פאַרווייעטן פּאַרק אַזוי ווי אַ ווייסע שטיקל וואָלקן. עס ציטערט אין דעם זיידענעם פאַרנאַכט ווי אַ נשמה וואָס האָט ערשט פאַרלאָזן אַ גוף...

ווי רויטע ליים זינקט דעם פערדל׳ס גוף צום לייב פון דער ערד. נאָר די נשמה, נישט צוגעווינט צום שאַרפן ווינט, צו דער קילער לופט, ציטערט ווי זייד. דאָס בלייכע פערדל לויפט אַדורך פאַרביי די בוימער; די בוימער וואָס זיינען ווי מיט גליענדיקן האָניק אָפּגעגאָסענע; האָניק טריפט גאָלדן און זוניק פון זייערע צווייגן. דאָס פערדל עפנט אויף פאַר מיר מיין פאָטער׳ס שטאַלן. עס קומט אַרויס דאָס שענסטע, קאַשטאַנענברוינע פערד. איך בין נאָך קליין אינגעל. מען זעצט מיך אויף הויך אויפן פערד. דאָס בלייכע פערדל טראָגט אַ לייכטע און לייכטזיניקע קאַרעטע. די קאַרעטע טראָגט אַ גרעפלעכע אלמנה מיט צונטער־רויטע האָר. זי איז איינגעהילט אין אַ זשאַלאַבנעם שלייער. עס שטעקן אין אירע האָר גרויסע שפּילקעס מיט פלאַמענקעפּ.

עס שמעקט אין פּאַרק מיט סעפּטעמבער און מיט אָקטאָבער. מיט דעם טויטלעכן פאַרפיום פון האַרבסט. דער ווינט רייסט די צייטונגען אין פּאַרק, צעשטאָכענע, ראָבנשוואַרצע צייטונגען, אַרויסגעריסענע בלע־

טער פון אַ גרויסן תּנך. פון אַן אַריסטאָקראַטישן פאַמיליענתּנך. די בלע־
טער צעברעכן זיך — די אבות אַנטלויפן פונ׳ם תּנך. עס לויפן אַרויס
די קעניגן מיט די גאָלדענע האַרפן. קעניג דוד קלייבט צוזאַמען די בלע־
טער פון זיין תּהלים. קעניג שלמה לויפט נאָך דער מלכה שבאָ און ער
וויל איר אָנטאָן דאָס בלייכע שנירל פּערל וואָס זי האָט פאַרלוירן. נאָר
די מלכה שבאָ האָט ערגעץ אין פּאַרק פאַרלוירן איר בלייכן קאָפּ. די
פּערל פאַלן אַראָפּ פון איר געקעפּטן האַלדז. עס זיצן אין פּאַרק טונקעלע
בעטלער איינגעטוליעטע ווי אין אַ גרויסן פראָסט. די לבנה שניידט זיך
אַרויס אויפן הימל ווי אַ בלאָס איי צווישן די וואָלקנהויטן. דאָס פערדל,
בלייך און ציטערנדיק, טראָגט זיך מיט דער שפּינוועבסטיקער קארעטע
אין די טונקלענישן פונם פּאַרק. דער קוטשער איז שטום און איינזאַם,
און ער זיצט צווישן די בעטלער. נאָר ער טרייבט דאָס פערדל מיט אַ
דינער, שטראַלנדיקער בייטש. ווואַהין דאָס פערדל לויפט, יאָגט עס אַן
די בייטש, אַזוי ביזן טויט... ביז די טיפסטע געהיימנישן פונם פּאַרק...
פערדל ווערט נישט, ווי אַ שטראַל. שוואַרצע קארעטע פאַראייניקט זיך
מיט דער נאַכט. די גרעפּין וויינט. אירע אויגן זיינען רויט פון טרערן.
זיי זיינען נישט קיין אויגן — נאָר צוויי גרויסע לויכטנדיקע רובינען...

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער 25, 1947.

# גאָלד אין די הענט

די נאַכט איז פּוסט. דער הימל איז אַן שטערן. גאָט האָט מיט זיין
גרויסן אַרבל אַ וויש געטאָן איבער אַלע שטערן־ליכט, און זיי האָבן זיך
פאַרלאָשן אין דער קאָסמישער קאַנדעלאַברע. גרוי איז דער הימל. גרוי
איז די ערד. דו לויפסט אַהיים אין דיין קליינעם צימער, אין דעם אַלטן
הויז, צו זוכן די שפּורן פון איר צאַרטן און קלוגן גוף. צו זוכן דאָס גאָל־
דענע ליכט וואָס האָט געלויכטן פון איר לייב. עס שטייט דאָס אייזערנע
בעט מיט דער רויטער קאָלדרע. פאָספאָריש לייכט אַראָפּ פון דער קאָלדרע
דער פלאַמענדיקער טיגער. די קאָלדרע האָט דיר געשאָנקען דיין מוטער.
די רויטע קאָלדערע, ווי אַ רויט שטיק פעלד. ווי אַ שטיק זון־ליכט־באַ־
גאָסענע פעלד. פון קליינערהייט אָן געדענקסטו דעם טיגער, וואָס האָט זיך
מיט דיר צוזאַמען אויפגעכאַוועט אין דער היים. דו דערמאָנסט דיך אַ
סצענע אין אָקטאָבער. די מאַמע שאַרט צונויף מיט אַ גראַבליע די בלע־
טער פון פעלד. איך העלף איר צונויפנעמען די בלעטער. עס איז גרוי־
סער, גאָלדענער טאָג. די בלעטער שרייען פון ווייטיק. דו טרעטסט אויף
זיי ווי אויף שטיקער לעבעדיקע, גאָלדענע לעבנס. די מאַמע איז אַזוי

שיין. זי איז ווי איינע פון די בילדער פון אַ פאַנטאַסטישן מעשה־ביכל. די מאַמע האָט גילדערנע האָר. און אירע האָר זיינען שוין לאַנג געוואָרן גרוי. אַלע בלעטער פון פעלד האָט דער ווינט פאַרוויאַנעט. און זי האָט דיר געלאָזן די גאָלדענע קאָלדרע. דער מאַמעס וואָרעמער טיגער זאָגט צו דיר מיט זיין גאָלדענעם מויל: דו זאָלסט גיין צום ברונעם ווו די טעכטער שעפּן וואַסער, דו זאָלסט דיר אויסזוכן אַ ווייב פון צווישן די שיינע ווייבער. דו זאָלסט זי אַהיימנעמען צו דיר און אויסשפּרייטן מיט בלומען און מיט מירע דאָס געלעגער. דער מאַמעס גילדערנער טיגער וועט אייך ביידן איינדעקן און אָפּהיטן, ביז די זון ברעכט זיך אין באַגינען אַרויס פון דער נאַכט מיט איר גאָלדענעם שטראַם. —

עס איז שפּעט ביינאַכט. דאָ איז זי געלעגן צונויפגעטוליעט ווי אַ קליינע מאַדאָננע. אויף איר ווייסן האַלדז האָט דער האַלדזבאַנד געציטערט. אַזוי האָט אויפן בעט אין קעניג שלמה׳ס פּאַלאַץ געציטערט די קליינע מלכה שבא, ווען זי איז געלעגן נאַקעט פאַר׳ן גרויסן קעניג שלמה. דאָ איז זי געלעגן אויף דער קאָלדרע. די מאַמע האָט דיר געגעבן די קאָלדרע, אַ שטיק זוניקע פעלד, אַ שטיק טעפּיך געוועבט פון ליבע און פון גאָלד — אָפּגעריסן פון דעם גרויסן טעפּיך וואָס די זון שפּרייט אויס איבער דער גאַנצער ערד יעדן באַגינען — און דאָ איז זי געלעגן צונויפגעטוליעט, די קליינע גילדערנע דאַמע. זי איז געווען ווי די קעניגין שבאַ, אין דעם טרויעריקן שנירל פּערל. די פינגער פאַרשמידטע אין גאָלד. די אָרעמס אַרעסטירט אין בראַסלעטן. די פיס — אין שווערע, מעטאַלענע רינגען. איר גוף — לויכטנדיק מיט איר אייגענער זון, וואָס האָט עמאַנירט פון איר האַרץ. —

אין פינצטערן צימער זיינען געבליבן שטיין די ביכער און די פינצטערניש. איך שטיי אינמיטן צימער. אַרומגענומען פון פלאַם פון ליבע, זוכנדיק אירע צייכנס, איר עקזיסטענץ. עס איז געבליבן אין דער קאָלדרע איר פורעם, איר איידעלער גוף, געשניצט דורך דעם לעבנס־גאָלדשמידט. עס זיינען געבליבן אירע היפּטן־צייכנס אין דער רויטער קאָלדרע. אין דעם קישן איז געבליבן די פאָרם פון איר גאָלדענעם קאָפּ, מיט די פייכטע האָר, מיטן פאַרפיום־אַראָמאַט, מיטן קליינעם אויער — אַ קליינע פּיילכן. און די וואַרעמקייט איז נאָך געבליבן. און אין דער לופט: איר הויך, אירע קושן, אירע ליבע־זיפצן, איר צאַרטער אויפציטער פון ליידנשאַפט. דער שימער פון אירע האָר; דער פיין־געשניטענער בויג פון איר אַקסל; דאָס גאָלד פון אירע אויגן.

איך בין מיין אייגענער דעטעקטיוו. איך קריג באַצאָלט מיט גאָלדענע דוקאַטן, מיט פעסלעך אָקעוויט פאַר געפינען די שפּורן פון איר

ליבלעך וועזן. אָט דאָס בוך איז געבליבן אָפן, מיט אַ בלאַט פּאַרקנייטשט; דאָס בלאַט איז צו אַ בלום געוואָרן, וואָס זי האָט געהאַלטן אין אירע דינע, קינדישע הענט. דאָס בוך איז פון דעם פּערסישן שיכור אָמאַר כאַיאַם. די גאָלדיקע צייכנונג שטעלט פאָר ווי דער אַסטראָנאָם זיצט אין זיידענעם טאָל און ער שטרעקט אויס צו דער געליבטער דעם כוס מיט גאָלדענעם ווייַן, בשעת זי ליגט אויסגעצויגן אַ נאַקעטע אויף אַ צווייַג פון אַ בוים און דערלאַנגט אים אַ גאָלדענעם עפּל... אין אַ ווינקל, ביים בוים, רינט אַריין דער ווייַן פון דעם ערדענעם קריגל אין דער דורשטיקער ערד...

אינ׳ם בוך איז געלעגן אַ פאַרדאַרטע רויז וואָס איך האָב מיט צען יאָר צוריק אָפּגעריסן אין אַ גרויסן פּאַרק ביי אַ מאַרמאָר־שטייענדיקן וואַסער, ווו אַ גרויער שוואַן איז פאַרגליווערט געשטאַנען און זיך געלאָזט באַוואונדערן. איצט, נאָכדעם ווי אירע הענט האָבן די רויז אָנגערירט, בליט זי ווידער אויף; זי לויכט און זי איז צוריק ווייך און ווייבלעך געוואָרן; דער טוי רינט פון אירע טיולענע בלעטער און די רויז בליט אַרויס פון בוך ווי פון אַ שטעכיקן קוסט אין גרויסן חודש יוני, ווען עס בליען פלאַמיק אַלע שוועסטער־רויזן...

און פאַר דיר איז דאָס בוך געשריבן; אַלע מיינע בילדער זיינען פאַר דיר געמאָלן געוואָרן; די גאַנצע שטוב איז צו דיר הייליק. דער אַראָמאַט אי־רער טראָגט זיך אַריבער איבער די פענצטער־גרענעצן; טריפט אַריין אין דער נאַכט. דיר ווערט דאָס הויז און די נאַכט הייליק. פאַר דיינע אויגן גייט אויף איר גוף ווי אַ מאָלעריי. דאָס איז די כישוף׳דיקע מאָלעריי וואָס דו און גאָט זען און קושן. די פאַרבן זיינען נאָך נאַס. דאָס זילבער פון אירע בריסט איז נאָך פייכט און עס האַלט אין טרוקענען. דאָס בילד איז ערשט אויפגעמאָלן געוואָרן. קיינער האָט עס נישט געזען און וועט נישט זען, אויסער גאָט. דו אַליין און גאָט קוקן צוזאַמען אויף דער מאָלעריי. דו ביסט זשעדנע אַז די צערטלעכקייט זאָל נישט אויסגיין פון דער מאָ־לעריי; די פאַרבן זאָלן נישט בלייך ווערן; די זון פון דעם קאַנוועז זאָל נישט אונטערגיין; עס זאָל בלייבן פריש אין דיין זכרון און אין דיין האַרצן.

זי איז אַוועק. זי האָט זיך אָנגעטאָן אירע קליידער. ווי אַ קליין אינגעל ביסטו אַרום איר געשטאַנען און איר דערלאַנגט די שטיקלעך זייד, ווי גרויסע, ווייכע בלעטער פון ריזיקע לאָטאָסן. דו האָסט איר דערלאַנגט די גאָלדענע שטיקלעך ווייכע, פּרויאישע קליידער. און אָט האָלטסטו אין דיינע הענט אירע פליגל. דיינע הענט ציטערן ביים באַרירן דעם פּליוש פון אירע פּלושענע פליגל. דו ווילסט זיי נישט אַרויסלאָזן פון דיינע הענט. דו טוסט איר אָן די פליגל אויף די דינע, איידעלע אַקסלען. אויף די שמאָ־

לע, גאָלדענע אַקסלען. איצט וועט זי באַלד אַרויספליען דורכן פענצטער, וואָס איז פאַרשטעלט פון די בלומען און פון דעם איינזאַמען שוואַרצן פויגל וואָס קוקט אַריין אַזוי ווי אַן אוראַלטער מענטש, קוקט אַריין פון אַ פאַר־גאַנגענעם יאָרטויזנט. נאָר דיינע הענט זיינען פול מיטן בראַנדז פון אירע פליגלען. ווען דו ביסט געווען אַ קליין אינגעל, ווען מען האָט דיך נאָך נישט געקענט דערקענען צי דו ביסט אינגעל אָדער גאָלדנהאָריקע, גאָלדנאויגיקע מיידל —

דעמאָלט פלעגסטו כאַפּן גאָלדענע שמעטערלינגען וואָס האָבן זיך געזעצט אָפּרוען אויף די בלעטער פון גרויסע, לופטיקע בלומען. זיי פלעגן זיך קושן לאַנג און אויסגעצויגן אויף דעם פּנים פון די בלומען, זיין מיט זיי אין אַ פאַרחלשטן עקסטאַז. דאָס גאָלד, דאָס גאָלדיקע שטויב פלעגט בלייבן אויף דיינע הענט. דו האָסט נישט געוווסט וואַהין דעם גילדערנעם שטויב אַהינצוטאָן. דאָס גאָלד פלעגט בלייבן אויף דיינע פינגער, אַזוי ווי דו וואָלסט אַרומגענומען מיט דיינע קינדישע אָרעמס דעם גרויסן זון־אונטערגאַנג און זיך איינגעשמירט אין שטויביקן גאָלד. דאָס האָבן פּי־לייכט די שמעטערלינגען דיך געמאַכט נאָכצוטראַכטן וועגן די פּיין וואָס דו האָסט זיי פאַרשאַפט. אָ, די צאַרטע שמעטערלינגען! זיי באַצאָלן דיר מיט זייער גאַנצן גאָלד. נאָר דיר איז דאָס אַלץ ווייניק. דו מוזט אויך זייער לעבן צונעמען... און אַזוי איז אין דיינע הענט געבליבן דאָס גאָלד פון אירע פליגל. דו נעמסט צו די הענט צו דיין וויינענדן פּנים, צו דיין טרערנפאַרגאָסענעם פּנים. דאָס גאָלד פון די הענט שמירט אויס דיין געזיכט, ווי אַ קלאונס פּנים... ווי דאָס פּנים פון אַ קליינעם מלאך — איינגע־שמירט אין זון־אונטערגאַנג... איינגעריסט אין פאַרבן...

דו זוכסט אַרום אין געהיים אירע שפּורן, איר עקזיסטענץ... און אָט געפינסטו עפּעס וואָס זי האָט דאָ פאַרגעסן: אַ זיידענע נעץ אַרום אירע האָר... אַ ברוינע שטיקל זיידענע שפּינגעוועבס... דיין הייסער אָטעם מאַכט ציטערן דאָס שטיקל שפּינגעוועבס פון ברוינעם, דינעם, איידעלן זייד...

דו קוקסט אויפן שפּינגעוועבס. ווי גאָט וואָס האָט פון שפּינגעוועבס גע־שאַפן די ריזיקע וועלטן — גייט זי ווידער אויף אינגאַנצן פאַר דיר. אָט איז ווידער די רויטע קאָלדערע. די קאָלדערע איז אַ רויטער טייך. די כוואַליעס פליוסקן און שוימען זיך אין פלושענעם זון־אונטערגאַנג. עפּעס קאָכט זיך אונטער די גילדערנע כוואַליעס. און אָט ציטערט אויף אַ נאַסער, גאָלדענער געטין־קאָפּ — אַפראָדיטע דערשיינט פאַרוווּנדערט; פון אירע האָר און אויערן רינען שווערע טראָפּנס ברוינע וואַסער, ווי בראָנ־דזענע האָניק; אָט טויכט זי אַרויס פון אונטער די שטורעמדיקע כוואַ־ליעס; עס ציטערן צאַרט און צויבערהאַפט אירע ציטערנדיקע אַקסלען;

די פולע, איידל־געשניצטע ברוסטן גייען אויף פון דעם זילבערנעם שוים; אַפּראַדיטע דערשיינט ווי אין סאַנדראָ באָטיטשעללי׳ס מאָלעריי... אַזוי דערשיינט זי אין די רויטע כוואַליעס פון דעם רויטן טייך — זי ציטערט און זי שמייכלט... פאַרגאַפּט שטייסטו פאַר דיין פריינדינס דערשיינונג... אַזוי איז אָדם געשטאַנען פאַרגאַפּט ווען חוה האָט זיך אָפּגעבראָכן פון זיין פלייש און איז צוזאַמען מיט דער זון דערשינען אויפן האָריזאָנט: צוויי גאָלדענע פרויען, צו באַלייכטן די טעג און די נעכט פון אָדם, דעם קעניג פון דער גאַנצער ערד... דעם ערשטן איינזאַמען שפּאַצירער דורך דער וועלט־לאַנדשאַפט...

— — — — — — — — — — — — —

די נאַכט איז ציטערנדיק געשטאַנען אין דער בלויקייט פון באַגינען. בלייך האָט זיך אויפן האָריזאָנט אָנגעהויבן צו מעקן דאָס מילעכדיקע פּנים פון דער לבנה. דער טאָג האָט זיך גאָלדן געצונדן. דער ווינט — גאָט׳ס אָנגעבלאָזן מויל — האָט אַ בלאָז געטאָן און אויסגעלאָשן די נאַכטיקע, די זאַמערנאַכטיקע טרוימען־ליכט... און דו האָסט געקוקט אויף דיינע הענט. אויף זיי איז נאָך אַלץ געווען דאָס גאָלד פון אירע פליגל; דאָס גאָלד פון אירע אויגן; דאָס גאָלד פון אירע דינע אַקסלען; דאָס גאָלד פון איר זוניקן האָריץ. — — —

ניו־יאָרק, 18 אָקטאָבער, 1947.

## אַן אויסשטעלונג פון אַלט ניו־יאָרק

איך בין אין אַ טאָג פון שניי און זון אַרייגעגאַנגען צו דער אויס־שטעלונג פון אַלט ניו־יאָרק. פּיטער סטייוועזאַנט, דער אַנטיסעמיטישער האָלענדישער גובערנאַטאָר פון ניי־אַמשטערדאַם, איז אָנגעטאָן ווי אַן אינ־דיאַנער, אין אַ סך גאָלד און זילבער דעקאָרירט. דער מאָלער האָט אים נעגעבן אַ היסטאָרישן קאָסטיום. אָבער זיין שלעכטע נאַטור, זיין שנאה צו אידן, שטראָמט אַרויס אַפילו פונם דאָזיקן בילד. זיין פּנים איז האַרט און קאַלט ווי אַ פעלז. —

פאַראַן דאָ אַלטע מצבות, וואָס מען האָט אַראָפּגענומען פון די קברים און זיי געבראַכט אַהער, אין מוזעאום. צו וואָס האָט מען די מצבות אַוועק־גענומען פון דער ליימיקער, געלער ערד? און ווער היט איצט אָפּ די אַלטע, פלאַכע קברים? אָט איז אַ מצבה פון דעם ערשטן דרוקער פון ניו־יאָרק, וועלכער ליגט נעבעך אונטערן שווערן שטיין אין שלום מיט זיין אַלטער ווייב. אַן עפּיטאַף וועגן דער אייטלקייט פון דעם מענטשלעכן לעבן אויף דער ערד איז געצייכנט מיט אַ סך פּיעטעט. — פאַראַן דאָ באַגילדעטע

פראַגמענטן פון אַ מעכטיקע רייטער־סטאַטוע צו אַן ענגלישן גענעראַל, וואָס די סאָלדאַטן פון דער אומאָהענגיקער אַרמיי און אַ טייל ציווילע בירגער האָבן אַראָפּגעריסן פון זיין פעלדזיקן פיעדעסטאַל. די פּאָר פראַגמענטן, ווי געפאַלענע מעטעאָרן, וועגן אַרום צוויי הונדערט פונט געגוי... גיי ווייס צו וואָס מען האָט זיי געוואויגן. איך וועל זיי סיי ווי נישט פּרווון אויפ־הויבן און נישט באַרירן זייער קאַרג גאָלד, אַזוי ווי אויף די פליגלען פון שמעטערלינגען. מען האָט די פראַגמענטן געפונען, אַזוי באַשרייבט זיך געגוי, אויף אַ שכנות׳דיקער פאַרם. ווי אַלע זאַכן פון דער ערד, האָט די שטיקער גראַניט געצויגן טיף צו דער ערד, האָט עס זיי געכישופט די טיפעניש פון דער ערד.

און אַלט, אין שווערן, טונקעלן אויל־פּאָרטרעט, ווי געמאָלן מיט סאַ־זעס, שטייט געדולדיק פיטער סטייוועזאַנט׳ס ווייב׳ס מוטער. אין פשוטן מאַמע־לשון — זיין שוויגער. און אויך דער מאַן פון זיין שוויגער, פון שווערן אויל־פּאָרטרעט אַרויסשטייגנדיק מיט זיינע פּערגאַמענטישע הענט און דעם רויטן פנים, וואָס איז נאָך אָנגעצונדן פון די טיפע קרוגן מיט אַלטן וויין. אַזאַ בורגער האָט נאָך געצויגן זיין יניקה פון דעם זאַטן און דעם געמיטלעכן האָלאַנד. דעם האָלענדישן מאָלערס נאָמען איז נישט געבליבן באַקאַנט צום פּובליקום פון דער וועלט. —

מען זעט דאָ בילדער פון ניי־אַמשטערדאַם (ניו־יאָרק), ווען בלויז אַ נידערלענדישע ווינט־מיל, אַ געלער טורעם מיט אַ פאָן, און עטלעכע ציגל־רויטע הייזלעך זיינען געווען דער שטאָט׳ס קאַרגע צירונג. איך וואָלט אויפגעבראָכן די ראַם און די שויב פון דעם בילד און זיך באַהאַלטן אין יענער אידילישער ניי־אַמשטערדאַם. איך וואָלט זיך דאָרט פון ניו־יאָרק׳ס איצטיקן טומל באַהאַלטן אין דעם ליימיקן טורעם. איך וואָלט אַזוי שטאַרק וועלן שרייבן אַ ראָמאַן וועגן אַלט ניו־יאָרק, אונטער דער הערשאַפט פון די האָלענדער. איך וואָלט וועלן אַרויספירן די ערשטע אידישע אימיגראַנטן אין מיין ראָמאַן. איך קוק אויף די אַלטע תנ״כ׳ן, אין דער פלעמישער שפּראַך. אין יעדער אות דערקענט מען די האַנט פון׳ם סופר. אין יעדער אָנגע־צונדענעם אות לויכט דאָס לעבן פון דעם אילומינאַטאָר. —

איך קוק אויף די שטויביקע מאַפּעס, אויף די טעפּיכן און אויף דעם געשיר. און איך טראַכט פון דער אַלמעכטיקער צייט וואָס קריכט דאַכט זיך, לאַנגזאַם, און לאָזט אַלץ איבער פאַרגעלבט און פאַרוויאַנעט. צייט, וואָס פרעסט אויף מיט איר קאָסמישן פּיסק פעלקער און אַרמייען, וואָס מאַכט אַלט אַפילו די קונסט און ציט זיך אומאויפהערלעך ווי אַן אייזערנער טע־פּיך, פאַרהילנדיק דאָס לעבן פון דער ערד און אָנצינדנדיק ניי לעבן און באַוועגונג אינ׳ם וועלטאַל. —

איך בין אַרויסגעגאַנגען פון מוזעאום. דער ווינט האָט מיך אָפּגע־שטויבט און שווערע שאָטנס פון פאַרנאַכט זיינען געפאַלן איבער מיר, איבער אַלע זאַכן פון דער וועלט. —

ניו־יאָרק, 30 יאַנואַר, 1948.

## פרילינג אין 16טן מערץ 1948

איך טראָג צוויי פעקלעך ביכער צו דער פאָסט. נאָר דאָס וואָס עס איז ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען שטימונג, פּלאַן, פאַנטאַ־זיע, אימאַזש, ווילן צו שרייבן, אַמביציע אָוועקצוואַרפן אויפן פּאַפּיר ווי צאַרטע בלומען — איז איצט רעאַליזירט אין אַ בוך. איך מוז אַליין טראָגן דעם קרייץ צו גאָלגאָטאַ. די ביכער זיינען שווער ווי גראַניט. דער ווינט טוט מיר אויס דעם הוט וואָס האָט דורך הונדערט שניי־ען און רעגנס באַשיצט מיין קאָפּ. דער פרילינג איז דאָ. איך שטעל זיך אָפּ. איך שטעל אָוועק די פעק מיט ביכער — שוין איצט פאַרגלי־ווערטע, פאַרשטיינערטע פּאָעזיע. עס איז שוין איצט ווייט פון מיר ווי אַן אָוועקגעגאַנגענע געליבטע, וואָס איז אין האַרצן געבליבן... מיט צי־טער שטעל איך זיך אָפּ פאַר אַ קליינעם הויז. די פענצטער, די טירן, אַלץ איז געפאַרבט אין רויטן. אַ קליינער גאָרטן איז פאַרן הויז. די ערד איז נאָך שוואַרץ ווי סאַזעס. אָבער עס איז שוין צעאַקערט און צעזייעט. אַ ליבע האַנט האָט די ערד באַרירט און באַלד וועלן אַרויסטאַנצן הערלעכע בלומען. איך קוק אַריין אין הויז. ווער וווינט דאָ? ווי האָב איך מיין לעבן לאַנג צו אַזאַ הויז געבענקט! ווי בין איך מקנא די מענטשן וואָס וווינען דאָ אין רואיקייט.

דער פרילינג ברעכט אויס פּלוצלינג — נאָך טויזנט שלאַקסן, טויזנט בליצן, טויזנט רעגנס. ווי אַ אין אָצעאַנען אָפּגעוואַשענע גאָט׳ס אויג — שיינט די זון. אַלץ איז פאַרגעסן. איין טאָג פון זון — און דער מענטש שמייכלט. ער פאַרגעסט די בייזע נאַטור פון ווינטער. די וועטערן וואָס האָבן אים געשלאָגן און געפּאַטשט.

מען קען דאָס לעבן אָפּקויפן מיט איין זוניקן שמייכל. און אַלץ זעט טאַקע אויס ווי נאָך גרויסע נאַטור־שלאַכטן. אָט איז אַ פרייע שטיקל ערד. עטלעכע בוימער דורכגעווייקטע פון רעגן, מיט ווייטיקן אין די זייטן, ציען זיך אויס, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן שוין גרינען. דאָס שטיק ערד האָט דורכגעטראָגן אַלע צרות פון ווינטער. נאָך דער גרויסער מעשה בראשית־שלאַכט גייט אויף אַ ליכט. די גרויסע קלאָרקייט פון אוניווערס. גאָט׳ס האַנט האַלט אַ וואָרעם, פייכט וואָלקן־האַנטוך און ווישט אָפּ די טרערן פון אַלע לעבנס. ווישט אַרום די וווּנדן פון אַלע לאַנדשאַפטן.

איך בלייב שטיין ביים מאָנומענט פון זשאַן ד׳אַרק. זי אויך — אין אַן אייזערנעם קאָסטיום, אויפן אייזערנעם פערד, שמעלצט זיך אין פרילינג. די יונג־מיידלשע געפילן שפּראָצן אַרויס פון אירע שמאָלע בריסט ווי פלאַמען. די פייגל פליען הויך איבער איר קליינעם, פאַרפאַנצערטן קעפּל. פון איר אייזערנעם פּנימל גיסן זיך גרויסע טרערן. — ווי אַ באַנדע געגנדז גונערן די קליינע קינדער וואָס גייען פון שולע. זשאַן ד׳אַרק ווילט זיך אַראָפּגיין פון דעם גראַניטענעם פּיעדעסטאַל און אויסמישן זיך מיט די קינדער. נאָך אַלע שלאַכטן און העלדישקייטן איז זי נישט מער ווי אַ שול־מיידל וואָס וויל זיך אָנטון אַ זיידענע בלוזקע, אַ לופטיקן קליידל און מיט רויזן אין די האָר דורכגיין פאַרביי יונגע מענער... איר ליבע איז דאָך צוזאַמען מיט איר אין די פלאַמען אומגעקומען...

די וואָלקנס גייען נידעריק, אַזוי ווי זיי וואָלטן פּלוצלינג אויפגעהערט מורא האָבן אַז מען וועט זיי כאַפּן און אַראָפּציען אויף דער ערד. אָט גייט אויפן גאַס אַ יונגע מיידל מיט אַ בלאַסן פּנים. זי איז פּונקט ווי מיין יונג־פאַרשטאָרבענע שוועסטער חייעלע. איר בלייך פּנים — די שלאַנקע, בויגיק־צאַרטע פיגור, אירע לאַנגע, זילבער־דינע הענט, ווי זיי וואָלטן זיין געמאָלן אין גאָלד. דער ציטער פון איר פיגור אינ׳ם 16טן מערץ־טאָג. אַלץ, אַלץ דערמאָנט מיך אין מיין טויטע שוועסטער. מיר דאַכט אַז חייעלע האָט זיך אויפגעהויבן פון קבר און זי גייט זיך אַביסל דורכשפּאַצירן דורך דער פרילינגדיקער וועלט. דער פרילינג צעשמעלצט ביידע — דעם אייזערנעם פּאַנצער אויף זשאַן ד׳אַרק׳ס יונג־מיידלשער ברוסט. און די פאַרטריקנטע ערד־פלאַך אויף מיין שוועסטער׳ס קבר. דער פרילינג צעשמעלצט אַלץ — גאָר דאָס ברוכוואַרג פון דער ערד. עס איז ווי ריזיקע שטיקער גאָלד וואָלטן זיך שמעלצן אין גרויסן זון־פייער און וואָלטן פליסן אין ברענענדיקע טייכן איבער דער ערד. דער פרילינג — קלאָרקייט, נצחון, לייטערונג נאָכן גרויען, ווילדן און אורהאַפטן ווינטער, נאָך דער שלאַכט פון בייזע עלעמענטן; נאָך מעשה בראשית. די זון קושט אַלע לעבנסגעבליבענע ווי אַ מוטער קושט אירע קינדער נאָך אַ גרויסער שרפה. —

ניו־יאָרק, מערץ 17, 1948.

## פּיש

איך האָב שפּאַצירט אויף ערשטע עוועניו, פאַרבייגייענדיק טרויעריקע און ברודיקע פּלעצער. דער טאָג איז געווען אַ גרויער, אַ פאַרכמאַרעטער. פון הימל איז געגאַנגען אַ מאַנאָטאָנער שניי. די מענטשן זיינען געווען גרוי און אַלט. צעקלאַפּטע פּונם אייזערנעם האַמער פון לעבן. די מענטשן האָבן אויסגעזען ווי שאָטנס, ווי שאָטנס, וואָס דער ווינט טרייבט זיי אין צעטומ־

לעניש. גאָט׳ס ווונדערלעכער שניי פאַלט אַרונטער אויף אַ טרויעריקער, קאַלטער ערד. די וואָלקנס ליגן אין די בלאָטעס. ווו איז דאָס גאָלדענע אויג פון גאָט וואָס זאָל באַשטראַלן דעם טרויעריקן טאָג?

פלוצלינג דערזע איך אויפן גאָס גאַנצע רייען פון פיש. אַ שניי פון זילבערנעם לעבן צאַפּלט. די פיש ליגן ווי שטיקער אָפּגעפּוצטער זילבער, ווי פּערלמוטער, ווי דורכזיכטיקע פּערל, ווי ווונדערלעכע בלומען פון זייד. דאָס רירט מיך ביז טרערן. צו וואָס האָט גאָט באַשאַפן די דאָזיקע טויזנטער פאָרמען פון לעבן? צו וואָס אַזאַ שטורם פון די פאָרמען פון לעבן? און פאַרוואָס ווערן זיי געטויט? ווי דער טראַגישער און איינזאַמער נביא יונה, בין איך געשטאַנען ביי דער וויזיע פון די טיפענישן פון ים; מיר האָט זיך געדאַכט אַז איך קוק דורך דורך אָצעאַנען; אַז איך זע אין דעם ים׳ס אָפּגרונט אַלע באַשעפענישן.

איך האָב אויפגעציטערט ביי דער דאָזיקער וויזיע: אַלע באַשעפּע־נישן, אַלע קרעאַטורן, אַלע לעבנס אין די טיפענישן פון די ימים האָבן פון מיר געמאָנט אַן ענטפער אויף זייערע עקזיסטענצן. אין זייער שרעקלעכן געראַנגעל, אין זייער אייביקן הונגער און קאַמף און פּחד; אין זייער בי־טערן געשלעג מיט דער נאַטור און מיט דער אַטמאָספערע פון הונגעריקן און דורשטנדיקן און לעכצנדיקן לעבן אין ים. —

און, איך האָב געזען, ווי די קרעמער מיט זייערע ברוטאַלע, פאַר־בלוטיקטע און ברודיקע הענט באַרירן ברוטאַל די זיידענע, די קראַנקע, די צאַפּלענדיקע פיש. און איך האָב געזען אַ רויטן סאָרט פיש, ווי פלאַ־מענדע קאָראַלן. אַך, גאָט, ווי יונה, נידעריק און קליין, שטיי איך פאַר דער געוואַלטיקער וויזיע פון דעם לעבן פון ים, פון יבשה, פון דער לופט. צו וואָס איז דאָס אַלץ באַשאַפן געוואָרן? און פאַרוואָס ווערט עס גע־טויט? פאַרוואָס ווערט עס אומגעבראַכט פאַר דער צייט?... — — —

איינזאַם בין איך געגאַנגען, פאַרפאַלגט פון דעם פערלדיקן שימער פון די פיש; געפּייניקט פון זייער שיינקייט, אַזוי ווי אַ הערלעכער שניי, אַ לעבעדיקער שניי, וואָלט זיך געהיימנישפול און געשפּענסטערדיק שפּרייטן איבער דער ערד. אַזוי ווי אַ כּישוף׳דיק, לעבעדיק טישטוך פון מיליאָנען צאַרטע פיש געוועבט. עס איז געווען אַ וויזיע פון געטלעכער שיינקייט און פון אומענדלעכן טרויער. ניו־יאָרק, 4 אַפּריל, 1948.

## דאָס קינד מיט דער ליאַלקע

איך בין געווען פאַרקילט און געמוזט בלייבן אַליין אין הויז. עס האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט הערן דאָס אייגענע קול אין אַ שמועס מיט אַ פריינט. עס איז געווען מאַי. נאָר דער הימל און די ערד זיינען געווען

ווינטערדיק. איך בין געווען טרויעריק און כ׳האָב געקוקט דורכן פענצטער. מאַן און פרוי פון אַנטקעגנאיבערדיקן הויז זיינען אַוועקגעגאַנגען אין קינאָ. געבליבן איז בלויז דאָס צאַרטע, דאָס רוסישע מיידעלע. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים פענצטער, זיך צו שפּילן מיט איר קליינער, נאַקעטער ליאַלקע. די וועלט איז געווען פאַרנומען מיט אירע אַלע זאַכן. און דאָס רוסישע מיידעלע — מיט איר ליאַלקע. צייטנווייז האָט דאָס קינד צוגעדריקט די נאַקעטע ליאַלקע צו איר קליינער ברוסט און זי געקושט אין מויל. צייטנווייז זי איינגעטוליעט אין אירע דינינקע, צאַרטע אָרעמס. די גרויסע ליבע צו איר קינד איז שוין געווען צו זען אין איר. די גרויסע בענקשאַפט פון דער מוטער צו איר צוקונפטיק קינד, וועמענס מאָדעל עס איז די נאַקעטע ליאַלקע. פאַרביי דעם פענצטער זיינען געגאַנגען מענטשן מיט זייערע צייטונגען. די וועלט איז געווען פול מיט מלחמה־געפאַר. די דראָונג צו פאַרניכטן מיליאָנען זין אויף די שלאַכטפעלדער. די געפאַר אומצוברענגען די גאַנצע מענטשלעכע ציוויליזאַציע. שוואַרצע וואָלקנס זיינען מורא׳דיק געלאָפן איבער די האָריזאָנטן. נאָר דאָס רוסישע קליינע מיידעלע האָט צערטלעך געטוליעט צו זיך די גאָלדענע ליאַלקע. די נאַקעטע ליאַלקע האָט זי געקושט מיט די ריינסטע קישן אויף דער וועלט.

קיין מענטש איז נישט געווען צו וועמען מען קען אויסרעדן אַ וואָרט. קיין מענטש. קיין פריינט. קיין ברודער. קיין שוועסטער. קיין פריינדין. נאָר דאָרט דאָס פענצטער איז געווען מיין וווּנדערלעכער טעמפּל. אַ קליין קינד קניט אין ציטערניש פאַר דער ליבער ליאַלקע, פאַרן ליבן קינד פון דער צוקונפט. אויפן פאַרנאַכטיקן הימל איז אויפגעגאַנגען אַ שטערן. אַ שטערן פון גליק פאַר דער קליינער רוסישער פּאָטענטער מוטער. און אַ ווײַלע אַרום האָט אויפגעלויכטן נאָך אַ שטערן — דער שטערן פון מיין אייגענעם גליק. איך האָב זיך אַזוי שטאַרק געפרייט. און מיין איינזאַמקייט בין איך געווען אַזוי אומבאַהאָלפן און סענטימענטאַל ווי דאָס רוסישע קינד. איך האָב אויסגעצויגן מיינע הענט. איך האָב די ביידע שטערנס געוואָלט אַרומכאַפּן און קושן. — ניו־יאָרק, 8 מאַי, 1948.

## אין פּאַרק אין אַפּריל

איך בין געווען אין פּאַרק. די בלייכע, דורכזיכטיקע גרינקייט פון די ביימער רירט ביז טרערן. עס איז וווּנדערשיין צו זען און צו פאַרשטיין ווי אַ קליינער בוים ציטערט מיט זיינע בלעטער, מיט זיינע סענסיטיווע צווייגן, מיט זיין גאַנץ ליריש וועזן, אין ווינט. דער דינער בוים וויגט זיך אין דער לופט מיט אַזאַ סענסיטיוויטעט. דאָס צאַרטע בוימל, דאָס בלייך־גרינע בוימל, דו קריגסט עס אַזוי ליב, ווי אַ צאַרטע גילדערנע מיידל. דו

באַטראַכסט די בוימער, ווי זיי האָבן העלדיש געקעמפט און, אויסגעהאַלטן, אַדאַנק גאָט, דורך דעם גאַנצן ביטערן ווינטער. די בלעטער שטאַרבן יעדן יאָר, ווי מענטשן. נאָר דער בוים, דער שטאַם, דער וואָרצל, בלייבט לעבן. אפשר שטאַרבן מיר אויך, איינצעלנע צווייגן פון דעם גרויסן בוים פון לעבן. נאָר דער וואָרצל, אונדזערע אָנגעצונדענע גייסטער, אונדזערע זעעלן פון פייער, בלייבן לעבן אויף אייביק. —

עס איז נישטאָ קיין מער צאַרטע זאַך ווי צו זען ווי אַזוי אַ פויגל פליט דיר אַנטקעגן מיט זיינע פערלדיקע פליגל. פריער, זיצנדיק אין פאַרק, איז אַ קליינע, צאַרטע טויב צוגעפלויגן נאָענט צו מיר. איך האָב געמיינט אַז זי וועט אַריינפליען אין מיין פנים. נאָר אָט בלייבט זי שטיין, צאַרט און ווונדערלעך. אַ שטיקל קלאָרע, זוניקע פערל. אַ שטיקל פאַר־גליווערט־זילבערנע כוואַליע. און פונדערווייטנס זע איך אַ ברוין פערד, ווי פון בורשטין. דאָס פערד זעט אויס אַזוי הייליק, אַזוי צאַרט און אַזוי פאַנטאַסטיש. אַזוי ליריש־ווונדערלעך. דער פאַרק איז פריש און קאַלט. אַ מיידעלע לויפט מיט איר רויטן הונט. — „ווי הייסט דער הונט?" — פרעג איך. און זי ענטפערט אָפּ מיט אַ גאָלדענער שטימע: „שעפּ".

דער הונט, ווי פון טונקעלע שאָקאָלאַדע געמאַכט, לויפט שנעלער ווי דאָס מיידעלע. דאָס מיידעלע איז ענלעך צום הונט, ווייל זי איז יונג, שיין און פאָעטיש. זי איז נאָך קינד, שיין און פאָעטיש. זי איז נאָך קינד מיט גרויסע אויגן, נאָך פאָעט. זי איז נאָך נישט פאַרזשאַווערט געוואָרן פון לעבן. אירע פליגל לייכטן נאָך גאָלדן.

איך טראַכט: אַזוי ווי דאָ זיינען פאַראַן פאַרשידענע פאָרמען באַשע־פענישן — און זיי לעבן אין פאַרשידענע פאָרמען און עקזיסטענצן — ווי אין דער לופט, אויף דער יבשה, אין די טיפענישן פון די ימים — אפשר זיי־נען אויך פאַראַן אַנדערע פאָרמען ווי אין אונדזער ערדישן לעבן. אפשר זעצן מיר טאַקע פאָר אונדזער לעבן אויף אַנדערע וועלטן? אפשר איז דאָס לעבן אויף דער ערד נישט קיין אַקסידענט — נאָר איין פאָרם פון אַ גאַנצער קייט פון פאָרמען פון לעבן אין דעם וועלטאַל, וועמענס שיינקייט און פאַרשידנאַרטיקייט מיר זיינען נישט אימשטאַנד משיג צו זיין.

ניו־יאָרק, 8 מאַי, 1948.

## די פרוי און דער קינסטלער

די פרוי טוט זיך אויס און זי אַנטפּלעקט זיך וואָס מער ווי אַ מייסטער־ווערק פון גאָט. אין יעדן גליד דערקענסטו די האַנט פון דער נאַטור, וואָס האָט איר לאַנגזאַם פאַרטראַכט און געדולדיק אויסגעפרווט אין משך פון יאָרטויזנטער. דו טראַכסט פון דער עוואָלוציע פון איר שיינקייט, פון דער

צייט אַן ווען זי איז געווען ענלעך צו אַ חיה און אָפּגעריסן פֿונ׳ם נאָפּל פֿון דער ערד, פֿון דעם ווירבל פֿון עלעמענטן, ווי אַ שטיק ערד, ווי אַ פֿעלז. טראַכט אַז טויזנט וואַסערן זיינען איבער איר נאַקן אַריבערגעגאַנגען, ביז זיי האָבן אויסגעשליפֿן איר נאַקעטן, זוניקן נאַקן און די אַקסלען ווי געשמידטער זילבער.

טראַכט פֿון דער קלאָרקייט פֿון איר לייב וואָס איז געווען פֿאַרוואַקסן מיט ווילד־האָר. ס׳האָבן אין דער דיסטאַנץ פֿון מיליאָנען יאָרן שטורמס און שטויבווינטן אויסגעפּליקט די האָר פֿון איר לייב — און זי גייט ביס־לעכווייז אַרויס פֿון רעגן און שניי, פֿון ווינט און טייפֿון, פֿון ים און פֿון ערד, פֿון הייל און פֿון גרוב — אַ געלייטערטע ווי אַ שטיק קרישטאָל, מיט אַרטיסטישער שיינקייט געצייכנט און פֿאָלירט און אויסגעשטעלט צום מאַן וואָס אַקערט פֿאַנאַנדער די אַלטע, רויע ערד און מאַכט פֿרוכטבאַר און בליענדיק וויסטעניש, ווי אַ ברילִיאַנט, וואָס רעפֿלעקטירט דער זונס שטראַלן פֿון אַ מיליאָן יאָר צייט. —

די פֿרוי האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוטון פֿון די רויע עלעמענטן. און מיט איר צוזאַמען איז געבוירן געוואָרן דער מאָלער און דער פּאָעט. די פֿאַרבן זיינען געפֿלאָסן אין דער נאַטור. טאָנען פֿאַרבן און ליכט און פֿלייץ פֿון מאַלעריי און פּאָעזיע איז יעדן פֿרימאָרגן פֿאַרגאָסן געוואָרן כוואַליעס־ווייז. דער קינסטלער האָט דערזען דעם פֿאַרלוסט און ער האָט אָנגעהויבן צו מאָלן די פֿרוי, ווי זי שטייט אַ צעלויכטענע אויפֿן הינטערגרונט פֿון וואַסערן און פֿעלזן, געוואַשן און פֿאַרפּיומירט און מיט בלומען פֿאַרצירט און דורכן הימל איינגעהילט אין שטראַלנדיקע וואָלן. עס איז צום קינסט־לער אויפֿגעגאַנגען די פֿרוי — און מיט איר די לאַנדשאַפֿט, דאָס ווייברירן פֿון פֿאַרבן און פֿון טענער, דער ציטער פֿון טויזנט לעבנס־אָטעמען אין דער דורכזיכטיקער לופֿט. זיילן פֿון שטויב האָבן אין דער זון געלויכטן ווי קאָלומנעס פֿון גאָלד, אין וועלכע די שטויבעלעך ציטערן און טאַנצן אין שירה צו גאָט ווי אָנגעצונדענע מלאכים. דעם קינסטלער׳ס פּאָליטרע האָט אָנגעהויבן צו שווערמען מיט אומבאַקאַנטע, נייע קאָלירן און עס איז געבוירן געוואָרן פֿון דער פֿרוי׳ס שמייכל און פֿון דער זונ׳ס לויכטן — אַ גאַנצע וועלט פֿון קונסט און ראָמאַנטיק און שמערץ, וואָרים דער קינסט־לער האָט געזען ווי אין יעדן מאָמענט שטאַרבט אַ וועלט פֿון שיינקייט און לעבן. דער קינסטלער האָט זיך אָנגעהויבן צו איילן, כדי אויפֿן קאַנוועז וואָס שנעלער אָנצוּוואַרפֿן די פֿרישקייט, די שיינקייט, דעם גרויסן גאָלדע־נעם פֿרילינג. דאָס לעבן — איידער די פֿרוי פֿאַרבלייכט, איידער די בלום פֿאַרוויאַנעט, איידער דער ווינט פֿאַרציט מיט טונקעלע פֿלעקן דעם האָריזאָנט, איידער דאָס קינד ווערט צום רייפֿן מענטש און צום זקן...

קינסטלער האָט געזען אַז ער באַוועגט זיך אין אַ וועלט וואָס שטאַרבט יעדער רגע און ער האָט אָנגעהויבן גיין אין אַ קאַמף מיט די פאַרניכטנדיקע כוחות פון דער נאַטור, ער האָט אָנגעהויבן עפּענען אייביקע וויסטאַס אין זיין ווערק. ער האָט אַוועקגעשטעלט סאָלידע ווערטן, אומגעווינלעכע פּיראַ־מידן, פּאָרטרעטן אין גאָלד פון אומשטאַרבלעכן כאַראַקטער. דער קינסט־לער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ פאַרמעסט מיט נאַטור, אין אַ גיגאַנ־טישן קאַמף מיט גאָט. דעם קינסטלער׳ס ווערטן זיינען אייביק. דאָס קינד איז ביי אים אייביק קינד. דער מאַן מיטן וויין־באָקאַל בלייבט ביי זיינע אייביקע מאַן־קרעפטן. די פּרוי אין איר אײדעלער שיינקייט פאַר־בלייבט נישט אין די שאָטנס פון אָוונט. די וועלט בלייבט שטיין גרויס און אומפאַרענדערלעך אין זיין ווערק — אַוועקגעשטעלט אין אַ רוים ווו פאַרניכטנדיקע עלעמענטן האָבן קיין שליטה נישט. דעם טויט אַליין האָט דער קינסטלער אַוועקגעשטעלט מאָנומענטאַל אין זיין ווערק — אָן אַקטיוויטעט, אים פאַרפרירנדיק אין סקולפּטור.

און אַזוי אַרום שטייט דער קינסטלער איינזאַם און גיגאַנטיש אַנטקעגן גאָט, אַנטקעגן דער נאַטור, און אָפּטמאָל אַנטקעגן דער פּרוי וואָס איז אַ שטומע, פּאַסיווע דינערין פון נאַטור, אַ פּריסטערין פון באַשאַף און פון לעבן. קינסטלער שטייט אין טאָל פון מענטשלעכע יסורים. פון בלוט און טרערן — איינזאַם און שטאָלץ מיט זיין שאַפנדיקן ווערק קעגן גאָט וואָס שאַפט און וואָס פאַרניכטעט, וואָס בויט און צעברעכט. קינסטלער׳ס מיסיע איז אַ העכערע פון גאָט׳ס אייביקער אַקטיוויטעט — בלויז ער בויט, בלויז ער דינט צו די גאָלדענע קרעפטן פון שאַפן. —

ניו־יאָרק, 2 יוני, 1948.

## די יאָמערנדע לייבן

איך בין אַריינגעגאַנגען אין דעם טעמפּל אויף צענטע סטריט און סעקאָנד עוועניו. די בענק זיינען געווען ליידיקע, אַלטע, פאַרגעלבטע. אויף די נידעריקע בענק זיינען ווי געזעסן די נשמות פון אַלע וואָס האָבן דאָ אַמאָל לעבעדיקערהייט תפילה געטאָן. די נשמות האָבן הויך געיאָ־מערט. איך האָב אין זייערע פאַרטערטע פּנימער נישט געקענט קוקן. די קירכע איז געווען פול אָנגעפּילט מיט נשמות. דורות האָבן דאָ געבעטן און זיי זיינען אַוועק אין דער אייביקייט. —

אַ טיף־רעליגיעזע שטימונג הערשט אין דער קירכע. מען געפינט זיך אין אָטעם פון דאָס אייביקע. אַלע חשבונות מיט דער וועלט זיינען פאַרשוווּנדן. פון דרויסן פון די גראַניטענע ווענט גייט אָן דער אייביקער זנות, שווינדל, האַנדל, אינטריגע, באַוואָפנונגס־געיעג, מלחמה פון מענטש מיט מענטש,

פון פאָלק מיט פאָלק. נאָר דאָ הערשט די שטימונג פון דער אייביקייט. דאָ איז צונויפגעבראַכט קונסט און רעליגיע, כדי צו פייערן די חתונה פון דעם שטערבלעכן מענטש מיט גאָט. און גאָט איז פאַראַן אַן איין־און־איינ־ציקער. די פעלקער שלאָגן זיך איבער אים. אָבער גאָט איז איינער. און איבער אַלע סינאַגאָגעס, קירכן, מעטשעטן און פּאַגאָדאָס דערהייבט ער זיך אין זיין פירכטערלעכער גרויסאַרטיקייט.

איך שטיי פאַר אַ מאַרמאָרענעם באַרעליעף וואָס הענגט איבערן אַל־טאַר. די פרוי פונ׳ם באַרעליעף איז עכט און מענטשלעך. דער „מענטשנ־זון" איז אַזוי שטאַרק אידיש. און צו זיינע מידע פיס ווייגט די וווּנדער־לעכע פרוי, די מאַגדאַלענאַ, בשעת איר האָניקדיקער שטראָם גאָלדענע האָר באַרירט זיינע פאַרצערטע קניען. און ווי דיקע זיילן גייען אויף די שטראַלן וואָס נעמען אַלעמען אַרום. שטראַלן ווי זילבערנע סלופּעס. און דער שטיין איז ווייס און ווי אַסטראַליש. און עס דאַכט זיך אַז אַלץ באַ־וועגט זיך אין אַ לעבעדיקן, זוניקן קעניגרייך.

צוויי שטולן שטייען פון שווערן באַזאַלט ביים אַלטאַר. די קעפּ פון די אויסגעהאַקטע לייבן — יאָמערן. די מיילער — אָפענע, פאַרקרימטע אין ביטערן שמערץ. די אויגן פאַרגאָסענע פון טרערן. אַ גרויסער מענטש־לעכער יאָמער ברעכט זיך אַרויס פון די לייבן־פּנימער. איך האָב ביז איצט, אין לעבן און אין דער קונסט, געזען מענטשן יאָמערן. נאָר נישט קיין יאָמערנדע חיות. עס צעפּליקט דאָס האַרץ צו זען ווי די לייבן באַטייליקן זיך אין מענטשלעכן שמערץ. —

די הויכע פענצטער פון געפאַרבטע גלאָז זיינען אַזוי שיין אַז מען קען משוגע ווערן. כ׳האָב געזען איין פרוי, איז איר לייב אַזוי ווייס און מילכדיק ווי זונענשטראַל. איך האָב נאָך אַזאַ דורכזיכטיקע בלייכקייט נישט געזען. די פרויען זיינען בתולה׳דיק־לויטערע ווי שניי. און די הייליקע געשטאַלטן זיינען אַלע אידן, ווי אַרויסגעגאַנגען פונם אַלטן טעסטאַמענט. טרויעריקע, צעבראָכענע, גאָלדענע אידן. מען האָט זיי אָנגעטאָן מיט געוואַלט איבער די קעפּ אין לויכטנדיקע טיאַראָס. אָבער זיי דאַרפן טראָגן שטריימלעך אויף די קעפּ. עס ווייעט פון זיי אַזאַ שרעקלעכער אומעט. ווי געפאַנגענע שטייען זיי דאָ און זיי ציטערן פון גרויסן, וווּנדיקן שמערץ. זיי שטייען מיט זייער פינצטערן טרויער אין די פענצטער, וואָס זיינען ווי הערלעכע זונען. מען קען בלינד ווערן קוקנדיק אויף זיי. אין דער זינט הונדערטער יאָרן אַלטע קירכע לויכטן די פענצטער מיט אַ פרישקייט פון נאַטור, מיט אַ ליכט וואָס שטייגט איבער די נאַטור. מיט זונען וואָס שטייגן איבער די זונען פון הימל. —

אין אַ ווינקל פונ׳ם אַלטאַר, אויף אַ קליין טישעלע, שטייט אַ גע־

שליפּענע קאַראַפינקע מיט טונקעל־רויטן ווייַן. אַ פאַרביק גלאָז ביי דער קאַראַפינקע — פאַר׳ן טייוול? זיך אַנצוטרינקען מיטן פייערדיקן וויין... און אויף אַ צווייטן טישל שטייען צוויי קרוגן מיט פרישע, מיט פייכטע, מיט טויאיקע ליליעס — ערשט פונ׳ם ברעג פון קילן טייך אָפּגעריסן. בלו־מען, צו וועמענס בלעטער עס פאַלן צו די יאָמערנדע נשמות פון די גע־שטאָרבענע, און קושן זיי, קושן די בלעטער וואָס דערמאָנען זיי אין דער ערד, אין די קברים ווו זייערע אַמאָליקע גופים ליגן און בענקען צו דער זון...

ניו־יאָרק, 22 אויגוסט, 1948.

## אַנטואַן וואַטאָ

(1684 — 1721)

אין טעג אין טרויעריקע מישט דו אויף פון אַלע ביכער און פון אַלע אַלבומען וואַטאָ׳ס גילדערנע בילדער; דו קוקסט אויפן בילד „איבערראַשונג״; ווי דער מאַנדאָלין־שפּילער זיצט אויף דער באַנק אין וואַטאָ׳ס אומענד־לעך־גרויסן, גילדערנעם פּאַרק. די מעלאָדיע פון די סטרונעס פאַלט ציטערנ־דיק און ליריש אויפן פּאַרל, וועלכע נעמען זיך אינטים און האַרציק אַרום. ער פּרעסט אָפּ אַ קוש אויף דער געליבטער׳ס בלאַסן פּנים. דער מאַנדאָ־לין־שפּילער מיט זיין געליבטער, די מאַנדאָלינע, קוקט איבערראַשט...

אָדער דו קוקסט אויפן בילד פונם פלייטן־שפּילער... די מעלאָדיע ציטערט אַרויס פון זיין האַרצן צו דער פלייט, און די פלייט איז ווי אַ פלאַמיקע שלאַנג וואָס רעדט אָן די דערנעבנזיצנדיקע געליבטע צו ליבע...

אין אירע בלייכע הענט האַלט זי דאָס גאָלדיקע בוך פון פּאָעמען... אַ צוויי־טע פּאַרל, פאַרכישופט פון די קלאַנגען, איילט זיך צו גיין אין דער שאָטנ־דיקייט פון פּאַרק, צו קניען פאַרן גאָט פון ליבע...

דו קוקסט אַריין אין דעם הערלעכן וואַטאָ־אַלבום... דער טרויער איז דיר זיס. אַלע זיינען געצירט פון דעם מאַנדאָלין־שפּילער... עס שיינט אַז וואַטאָ׳ס וועלט באַשטייט פון נישט עפּעס אַנדערש ווי פון גרויסע, לופטי־קע פּאַרקן, צעבליט אין אַן אומענדלעכן, לוקסוריעזן זומער... און שפּילערס שפּילן אויף מאַנדאָלינע, ציטאַרע און פלייט.... און אַזאַ טיפער טרויער גייט אויף פון די פּנימער פון די בלייכע, שלאַנקע און מעלאַנכאָלישע דאַמען... אַלע זיינען געצירט... עס וועקט זיך אויף די איידעלע נוד אויפן פּיעדע־סטאַל און זי זוכט דעם געליבטן זיך אַרומצונעמען... עס איז גאָרנישט מער פאַראַן אויף דער דאָזיקער וועלט, ווי ליבע...

אין טרויעריקער שטימונג נעמסטו אין דער האַנט דעם אַלבום פון

וואַטאַ. און פון אַלע מאַלערס פון דער וועלט איז ער דיר דער נאָענט־סטער... דו פאַרלירסט דיך אין די אומענדלעכע לאַנדשאַפטן זיינע. און אין יעדער ווינקעל, אונטער יעדן בוים, אויף דיר וואַרט אַ בלייכע דאַמע, וואָס פירט דיך אַוועק אין לאַנד פון ציטערא... אַזאַ וואונדערלעכע שטי־מונג באַהערשט דיך... אַזוי ווי דו וואָלסט גיין אין דעם לאַנד פון טויט ווו די שאָטנס דערמאָנען זיך מיט טרערן די ערדישע ליבע און זיי שפּילן זי אויפדאָסניי איבער מיט אַזאַ הערלעכער און טראַגישער עקזאַלטאַציע...

ניו־יאָרק, 7 נאָוועמבער, 1948.

## דו ביסט דאָ געוועזן

דו ביסט דאָ געוועזן אַזוי ווי אַ גרויסער שמעטערלינג. פון דיינע אָרעמס איז געבליבן דאָס זילבער אויפן קישן — אַזוי ווי דער פייכטער בראַנדזע פון דעם שמעטערלינג׳ס רעגנבויגנדיקע פליגל. דאָס בעט איז געבליבן נאָך דיין אַוועקגיין צעקנייטשט און צעוואָרפן, אַזוי ווי אַ שלאַכט וואָלט דאָ פאָרגעקומען, אַזוי ווי אויף אַ פעלד פון באַטאַליע. איך זוך אין דער פאַרמלאָזיקייט פון בעט דיין ליבלעכע פאָרם; דיינע בלאַסע קני, וווּנ־דערלעך געבויגן ווי די כוואַליעס פון ים. דיינע בריסט, וואָס צייט האָט וווּנדערלעך אַרויסגעבלאָזן פון דיין לייב מיט גרויס ליבלעכקייט. אפשר איז דאָ און דאָרט געבליבן אַ האָר פון דעם קאָפּ׳ס קופּערנעם שטראָם פון דיינע האָר וואָס דערמאָנען אין אַ ברעג וואַלד וואָס שטראַלט אָפּ רויט ווען בלעטער הייבן אָן צו פאַלן פון די מידע בוימער. אפשר איז גאַנץ גע־בליבן אַ פאָסיל, אַן אָפּדרוק פון דיין הייליקן לייב ערגעץ־ווו — איך וועל דאָס בעט נישט פאַרבעטן, אַז עס זאָל גאַנץ בלייבן דיין פאָרם, אויב נישט פאַר מיליאָנען יאָרן, איז פאַר איין נאַכט פון גאָלדענער נאַכטראַכטונג און איידלסטן רעמיניסענס.

וואַרט צו, איך וועל נעמען דעם אין גאָלד־געבונדענעם אַלבום פון וואַטאָ. איך וועל מישן די בויגיקע בלעטער. פון די אומענדלעכע רוימען און כישוף׳דיקע פּאַרקן פון וואַטאָ׳ס רייכן פּענדזל גייען אַרויס הערלעכע דאַמען אין אַ זיידענעם טרויער געהילט. אמת, זיי אַלע זיינען צו דיר ענלעך. אָבער דו ביסט אומענדלעך־שענער פון זיי אַלע ווייל איך האָב דיך דורכגעלעבט. מאַלעריש־שיין זיינען די דאַמען פון וואַטאָ, די פרויען פון דזשיאָרדזשיאָנע, די הייליקע נודס פון זשירלאַנדאיאָ און די בתולות פון קאַרדוטשי. נאָר איך האָב פון קיין איינע פון זיי נישט געהערט דאָס געלעכטער אַזוי ווי איך האָב געהערט פון דיר. ווען דו האָסט געלאַכט, האָב איך געמיינט אַז פון אַ שכנות׳דיקן פענצטער גייט די גאָלדענע מעלאָדיע פון אַ פידל. און ווען דו האָסט גערעדט, האָב איך געזאָגט: ווי שענער פון

אַלע פידלען איז דיין וואָרט. און שענער פון אַלע מאָלערייען ביסטו, ווען דאָס לעבן באַזעעלט דיך; ווען די גוטסקייט מאַכט דיך שטראַלן; ווען דו טוסט דיך אָן אין שטימונגען אַלערליי. —

ליבלעכע, איך זיץ ביים בעט אין איינזאַמקייט געהילט. פון אַש פון רעמיניסענסן בוי איך ווידער אויף דיין שיינע פאָרם. ווי אָדם, נעם איך די רוי־מאַטעריאַלן פון מיין געביין און פלייש, און פון מיין פאַנטאַזיע שטעל איך אויף דיין געשטאַלט און דיין פאָרם — און ביי גאָט באָרג איך דיין גראַציע און דיין פּאָעזיע. און איינזאַם בוי איך דיך ווידער אויף, פּרינצעסין, טאָכטער פון גאָט, פון דעם אומגעהייערן קעניג פון הימל און ערד...

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 9, 1948.

# איר קענט אים נישט פאַרשעמען . . .

איר קענט אים פאַרשעמען און חוזק מאַכן פון אים אין דער געזעל־שאַפט. אָבער איר קענט זיין אַריסטאָקראַטיזם, זיין שטאָלץ, זיין פּרעכטיקן פאַרנויג צו דער שיינער דאַמע אויפן פּאָרטרעט, זיין איידלקייט קענט איר נישט טויטן. איר קענט פון אים חוזק מאַכן, איר קענט אים באַ־ליידיקן, איר קענט אים מאַכן צו פאַרשטיין אַז איר מיט אייער געלט, מיט אייער פאַלשן גלאַנץ און פוסטן רייכטום שטייט העכער פאַר אים. איר קענט אָבער זיין פעלזיקע רואיקייט נישט באַאומרואיקן. איר קענט זיין געטער־פּנים נישט צעקלאַפּן. ווי די זון אין הימל — שטייט עס שטאָלץ און מעכטיק צווישן די מענטשן. אַ ספינקסנפּנים וואָס שרעקט אייך און עס מאַכט אייך ציטערן פון אומגעדולד, בשעת איר זעט זיין אייזערנעם גע־דולד, וואָס האַלט אויס יאָרטויזנטער. איר קענט אים וואַרפן אין קער־קערס, אין קאַזעמאַטן, אין קעלערן פון אינקוויזיציעס, אין טורמעס און אין אַזילן, אין פעסט־געמויערטע פעסטונגען און פינצטערע קאַטאַקאָמבן. אָבער איר קענט נישט באַשטימען דעם גאַנג פון זיינע געדאַנקען. ווען איר שמידט אים אין קייטן — קענט איר נישט אָפּהאַלטן דאָס העראָישע וואַקסן פון זיינע גילדערנע פליגל. איר קענט זיין פילאָסאָפישן געדאַנקענגאַנג נישט צוימען. איר קענט זיין ווילן נישט ברעכן. זיין כאַראַקטער נישט בויגן אַפילו ביי די פייערן פון גיהנום. איר קענט אים ווי אַ סטאַטוע פון גראַניט נישט אויסבויגן. איר וויינט און איר לאַכט און איר שפּאָט און איר שרייט — נאָר ער שווייגט שטאָלץ ווי די אייביקייט. איר קענט אים נישט מאַכן רעדן וווּלגאַרע רייד ווי איר רעדט. הויך דערהויבט ער זיך מיט אַ פאַקל פון אייביקייט איבער אייך. עס איז נישט פאַראַן קיין קייטן גענוג צו צוימען זיין האַרצנסשלאָג, זיין גוטסקייט, זיין ליידן פאַרן מיט־

מענטש, זיין זאָרג פאַר דער מענטשהייט, זיין רחמנות צו אייך, זיין מיט־געפיל פאַר אייער געפאַלנקייט. מעכטיק שטייגט ער אַרויס איבער אייערע פאַלאַצן און חורבות און שטייט שטאָלץ איבער אייער דור — ער, דער נביא, דער דענקער, דער דיכטער, דער פרייהייטס־קעמפער. ניין, איר קענט אים נישט פאַרשעמען. איר קענט אים נישט פאַרניכטן דורכן גלאַדיאַטאָרן־קאַמף אייערן, וואָס איר אָרדנט איין יעדער מאָמענט אין אייער הויז. איבער די צעפליקטע חיות שטייגט ער אַרויס. איבער אייערע באַקרוינ־טע קעפּ — ער, מיטן קאָפּ ווי אַ זון, מיט אויגן ווי בליצן, מיט אַ נשמה וואָס איז גאָט, מיט אַ האַרץ וואָס באַלייכט ווי די זון די פינצטערע רוימען פון וועלטאַל. ניין, איר קענט אים נישט באַליידיקן. איר קענט נישט פאַרשעמען — גאָט!

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 14, 1948.

## אין באַגינען

אין באַגינען האָט אויסגעבראָכן אַ רעגן. און צום טויזנטסטן מאָל שטייסט דו מיטן הוילן קאָפּ אין פענצטער־ראָם, דו ווילסט אַז די טראָפּנס רעגן זאָלן דיר נאָס מאַכן די האָר. זאָלן טריפן איבער דיין שאַרבן. אין דער מעכטיקער שטאָט בענקסטו נאָך דאָרפיש פעלד, נאָך היימישן רעגן. יע־דער טראָפּן וואַסער איז אַ שטיק פון אַ וואָלקן. דער וואָלקן איז דאָך געווען אַזוי הויך ביים הימל. ער נייגט זיך איצט צו דער ערד אויפן פשוטן, אַלטן שטייגער, אָנצוטרינקען די דורשטיקע ערד, ווי עס שטייט אין תנ״ך. און וואָס אַלע פּאָעטן האָבן אימיטירט. דריי פייגל פליען אין דער הויך מיט צעשפּרייטע, גראַציעזע פליגלען. אויך זיי בענקען צו דעם רעגן. איך קוק דורכן פענצטער צום נאָענטן פּאַרק. די ערשטע ביימער שטראַלן ממש פון אַ נייער גרינקייט, אַזוי ווי זיי וואָלטן איבערנאַכט געטרונקען פון דעם כוס פון פרילינג. אַן אַלטע פרוי גייט אין גאַס און פון איר זילבערנעם פנים רינען די רעגנטראָפּנס. מיר דאַכט — עס גייט מיין מאַמע. פון מיין דמיון גייט זי אַרויס אין באַגינען אַ צעשטראַלטע, זיך צו קוויקן מיטן דאָרפישן, פשוטן רעגן, וואָס גאָט שיקט אויף דער ערד. דו ווילסט זאָגן: „וואַרט, מאַמע, איך וועל גיין מיט דיר צום קבר. איך וועל זיך אָנהאַלטן אָן דיין געלן קלייד אַזוי ווי אַלע קינדער.״ אַ, דאָס אָנהאַלטן זיך אין דעם ערדישן קלייד. דורכן גאַנצן לעבן האַלט איך זיך אָן ביי די ראַנדן פון די פאַרנאַכטיקע הימלען, אַזוי ווי קליינערהייט ביים ערדישן, היימישן קלייד פון דער מאַמען.

ניו־יאָרק, אַפּריל 17, 1949.

# דער גרויסער מאַן

דער גרויסער מאַן איז דער יעניקער וואָס וויל העלפן די ליידענדע. וואָס איז דורכגענומען פון דעם ברענענדיקן פאַרלאַנג צו דריקן צום האַרצן די אומגליקלעכע. אַריינצוברענגען אַביסל פרייד אין דעם טאָל פון יסורים אוןליידן. פּרינץ בודאַ איז די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן געווען אין זיין קעניגלעכן שלאָס. ער איז געווען אַרומגערינגלט פון גלאַנץ און לוקסוס. צו זיינע פּרינצלעכע אויערן האָבן נישט דערגרייכט די קרעכצן פון די קראַנקע און געפּייניקטע. אָבער איינמאָל גייט ער אַרויס און ער זעט די קרומע, די שטומע, די באַליידיקטע, די פאַרשעמטע, די איינזאַמע. צו אים דעקט זיך אָפּ דאָס מענטשלעכע פעלד פון יסורים. און זינט דעמאָלט ווידמעט ער זיין גאַנץ לעבן צו העלפן די שטומע און קרומע און לאָמע. דער גרויסער מענטש — צי איז עס משה, בודאַ, קריסטוס, טאָלסטאָי, טאָראָ, רוסאָ, קראָפּאָטקין, קרישנאַמורטי — דער גרויסער מענטש וויל העלפן די ליידענדע. ער ווייסט אַז אין די טאָלן פון יסורים וואַלגערן זיך אין פינצטערן פּיין די אומגליקלעכע. ער וויל העלפן די יעניקע וואָס שלאָגן זיך מיט צווייפל און מיט פינצטערניש. ער איז באַזעעלט פון אַ פּייער צו העלפן די וואָס בענקען נאָך ליכט. ער ווייסט אַז דער מענטש איז פון זיין וויגל ביזן קבר דורכגענומען אין איין גרויס ציטערניש. אין אַ וויסטער שרעק. מען דאַרף דעם מענטשן ברענגען גלויבן. זין. צוועק. דיסציפּלין. אָרדנונג. מען דאַרף אָנצינדן גאָט אין דער וויסטעניש פון זיין לעבן. מען דאַרף דעם מענטשנס האַרץ איבערגיסן. איבערשמידן אים. מען דאַרף דעם מענטשנס נפש איבערשמעלצן און איבערפורעמען זיין געשטאַלט. מען דאַרף אָנצינדן אַ נייעם מענטש אויף דער ערד.

צו די דאָזיקע מענטשן געהערט דער גרויסער מענטש — דער וואונדער־זעער, דער נביא, דער געזעצגעבער, דער משיח, דער טרוימער, דער דענ־קער, דער מיסטיקער, דער דיכטער. וואָס גרעסער זיי זיינען, אַלץ מאַכטיקער ווערן זיי באַהערשט פון דעם ברענענדיקן פאַרלאַנג צו העלפן די מענטשן. לייכטער צו מאַכן דעם גורל פון די מענטשן. צו פאַרטיליקן אין זיי דעם פינצטערן שרעק. —

דער געניאַלער מענטש איז דער יעניקער וואָס צינדט אָן נייע וויזיעס פון דער וועלט. וואָס טראַנספאָרמירט די וועלט אין נייע קאָסמישע מאָ־דעלן. דער יעניקער וואָס כישופט אַרויס פון אַש — פּייער. פון רואינען — צויבערהאַפטע שלעסער. דער וואָס קוקט מיט אַ בליציק אויג אַריין אין דער קרעאַציע פון די וועלטן. ער ברעכט אַרויס אַ נייע זעאונג, אַ נייע לעבנס־פאָרם, אַ נייע אָנשויאונג. איך האָב ליב דעם מענטש וואָס שאַפט

פון גאָרנישט — וועלטן. אַזוי ווי גאָט האָט געשאַפן פון דער ליידיקייט — פלאַמענדיק לעבן, וועלט, מענטשהייט. דער געניוס גיט געבורט צו נייע זאַכן. ער שטעלט צוזאַמען נייע סיסטעמען פון דער וועלט. די קינסטלער באַלעבן זייערע ווערק מיט שטורמישן, דראַמאַטישן לעבן. זיי באַפעל־קערן זייערע ביכער מיט גרויסע, אַקטיווע פעלקער און געשטאַלטן. די געניאַלע מענטשן ברענגען פון זיך אַליין אַרויס וועלטן און מענטשן. זיי צעברעכן זיך כדי אויפצושטעלן פיראַמידאַלע סטאַטועז און קונסטווערק. וואָס ברעכן פון זיך אָפּ שטיקער גאָלד. זיי זיינען די אַלכעמיקער וואָס פאַרוואַנדלען צייט אין שאַפונג. וואָס גיסן אָפּ פון זייערע ליידן — גאָלדענע קונסטווערק.. זיי שמעלצן זיך איבער אין נביאים. זיי זיינען אייביק אָנ־געצונדן פון אַ גרויסער זעאונג, וואָס באַלייכט זייער גאַנץ לעבן און עקסטאַז. אויף דער פינצטערער ערד גייען זיי אַרום, אין זייער גרויסן שמערץ, אָבער אָנגעצונדענע פון אַ געוואַלטיקע אידעע. איינגעהילט אין אַן אומגעהויערן ליכט, וואָס שטראָמט פון גאָט׳ס ערשטן וואָרט. —

ניו־יאָרק, 5 יולי, 1949.

* * *

איך בין ווידער געווען אין פאַרק. איך בין געזעסן אויף אַ שטיין, אונטער אַ שאָטנדיקן בוים. איך האָב געדאַנקט יעדעס איינציקע בלאַט וואָס גיט מיר שאָטן און רו. איך האָב געדאַנקט די קליינע פייגל, וואָס האָבן געגומען זון־בעדער און וואָס האָבן מיך פריילעך אַרומגערינגלט. איך האָב געטראַכט פון די ביליאָנען טויטע מענטשן וועלכע מוזן אין אַזאַ שיינעם טאָג ליגן אין דער ערד און זיי ווערן אַפילו טויטערהייט געגריי־זשעט פון צייט. עס איז איבער מיר געקומען אַ ווונדערלעכע באַרואיקונג. די באַרואיקונג און דער טרייסט פון טויט וואָס וועט אַלץ דערלייזן. —

* * *

אין דער דאָזיקער ברוטאַלער וועלט איז גוט צו קוקן אויף דיר, הייליקע, און צו האָבן שטענדיק ווי אַ חלום דיין פּנים פאַר די אויגן. אַזוי ווי דער געוואָרפענער אין קערקער טראָגט מיט די פייכטע לאַנדשאַפט פון זיין קינדהייט, און ער באָדט זיך אין אירע וואַסערן, און ער טונקט זיך אין אירע פייכטע גראָזן, און שלאָפט איין גייענדיק אין חלום אַלס אַ קליין אינגעל צווישן די אומענדלעכע פעלדער מיט קאָרנזאַנגען און בלומען, אַזוי טראָג איך דיך אין האַרצן און איך שלאָף איין מיט דיין שמייכלענדיק פּנים פאַר מיינע אויגן. אין דער דאָזיקער ברוטאַלער, אַמביציעז־משוגענער וועלט איז גוט צו קוקן אויף דיין פּנים ווי אויף אַ לאַנדשאַפט. אין דיינע אויגן דורכזיכטיקע, ערלעכע און קלאָרע אַריינצוקוקן ווי אין אַאַזיסן. צו טוליען דיך אין דעם שטורם פון די וואַסערן פון לעבן, צו קושן דיך אין אַ

וועלט פון אַזוי פיל ברענענדיקער שנאה. עס איז וווּנדערלעך גוט צו וויסן אַז דו ביסט דאָ נעבן מיר בייטאָג און ביינאַכט, אין זעלבן דור, אין דעם זעלבן אָפּשניט פון צייט. —

* * *

אין דעם טומל פון דער וועלט גיי איך מיט דער איינזאַמער סטעזשקע. עס קאַפּן פון די צווייגן די דורכזיכטיקע טוי־טראָפּנס. עס פאַלן פון די ביימער פאַרביקע אינסעקטן. פּיצלעך חנ׳עוודיקע לעבן. אויף אַ וועג, אונ־טער אַ שאָטנדיקן בוים, שטייט אַ פּרוי פון מאַרמאָר מיט אַ הערלעכן שמייכל. עס גייט נידעריק צו די פיס מיראַנטקעגן אַ שטיל, קליין ווערעמל. איך היט זיך אַז איך זאָל עס נישט צעטרעטן. איך הייב אויף אַ בלאַט וואָס אַ בוים האָט מיר אַראָפּגעוואָרפן. פון מילבן איז דורכגעפרעסן דער בלאַט. אַזוי ווי די האַנט־פלאַך פון אַ סקעלעט. איך גיי מיטן איינזאַמען שטעג אין דער גרויסער וועלט. אויףביידע זייטן ציען זיך בוימער שווערע, אַלטע און טונקעלע. איך ווייס אַז מיין וועג איז דורך שטילקייט און איינ־זאַמקייט. —

* * *

נאָך אַ וואָך פון אַרבעט און טומל האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין פּאַרק און גענומען לייענען אַ ליד. פון אַלע מענטשן איז צו מיר געווען בלויז איין מענטש נאָענט — דער אימאַזש פון דער געטרייער און שיינער פרוי וואָס גייט מיר געטריי נאָך דורך די טעג און די נעכט... איך האָב אויפגעע־מישט אַ בלאַט און גענומען לייענען אַ ליד. עס איז מיר געווען גוט צו באַרירן די שורות. די פערזן האָבן זיך אין מיין געמיט אַריינגעגאָסן ווי לאַגלען מיט קילן, אַלטן וויין. פּשוט איז געווען דאָס ליד:

„אין מיין ליבער היים, אויף וואָך,
איז אַ ווינט־מיל הויך געשטאַנען;
ווען די אויגן איך פאַרמאַך
קען איך זען זי איצט פון דאַנען.

ווען אין שטוב איז שאַ און שטיל,
טיר און פענצטער אויפן ריגעל —
זע איך איצט נאָך זי, די מיל,
הער ווי ס׳רוישן אירע פליגל...

(אברהם רייזען)

איך האָב מיט דער דורשטיקייט פון אַ מדבר־וואַנדערער ביי אַן אָאַזיס געטרונקען די פערזן פונ׳ם ליד. און איך האָב רחמנות געקראָגן אויף

אַלע מענטשן וואָס שעפּן נישט די רואיקייט און די שטילקייט פונ׳ם ליד. עס איז געווען אַזוי גוט נאָך לאַנגע טעג פון טומל און טרויער ווידער צו לייענען אַ ליד. אַריינצונעמען אַ שטיקל תהלים אין מיין האַרצן. איך בין אַזוי דאַנקבאַר געווען דעם דיכטער פאַר זיין ליד. פּונקט ווי איך בין געווען דאַנקבאַר צו גאָט פאַר דער זון. צום פּאַרק פאַר זיין בוים־שאָטן. צום רוים פאַר איר כישופדיקע לופט, פאַר איר גאָלדענע אַטמאָספערע. צום האַרצן פאַר זיין גלויבן אין גאָט. —

* * *

איך זאָג צום קינד:

— עס זיינען וווּנדערשיין אַלע דיינע קינדישע שטיק. ווי דו פּישטס זיך אויס אינמיטן שטוב און דו קוקסט פאַרחידושט אויפן קליינעם וואַסער. ווי דו שפּילסט זיך מיט דיינע קליינע באַלאָנען, עראָפּלאַנען, אויטאָמאָבילן און מענטשן אַזוי ווי גאָט שפּילט זיך מיט די שטערן. ווי דו שמייכלסט אַזוי ווי דו וואָלסט געדענקען אַ הימלישע לאַנדשאַפט וואָס קוקט צו דיר אַרויס פון דיין הימלישער עקזיסטענץ. ווען דו שמייכלסט, זאָגן די מענטשן אַז דו זעסט אויס ווי אַ מלאך. אָבער אין דער אמת׳ן זיינען אַלע מלאכים, געמאָלן פון די מייסטערס פון רענעסאַנס־פּעריאָד, שלעכטע אימיטאַציעס פון דיין קינדערשער שיינקייט.

דו קלעפּסט אָן דער מוטער׳ס קלייד אַזוי ווי דער פאַרצווייפלטער געליבטער ראַנגלט זיך ביי זיין געליבטער׳ס זיידענע קלייד. די מאַמע איז דיין ערשטע געליבטע. שפּעטער וועסטו זוכן צווישן טויזנט ווייבער דיין ערשטע געליבטע. דו וועסט איר גאָלדענעם אימאַזש טראָגן ביזן סוף אין דיין געמיט. —

* * *

טונקל, פינצטער ווי די נאַכט איז דאָס צימער. נאָר איך צינד אָן דערין מיין אייגענע זון. אין די נאַכטיקע ווינקלען שטעל איך אַוועק וואַזאָנען מיט אָנגעצונדענע בלעטער. איך באַפעלקער מיין צימער מיט מלאכים. די שענסטע דאַמען פון די מאָלערייען שטעל איך אַוועק אין מיין שטוב. און מוזיק קלינגט דאָ אַזוי ווי פון הימלישע כאָרן. ווי גאָט, טו איך אָן אין שיינקייט דעם תוהו ובוהו. —

* * *

אַזוי ווי דער תוהו ובוהו האָט געבענקט נאָך גאָט׳ס וואָרט, אַזוי בענק איך צום וואָרט אין דער וויסטעניש פון לעבן. איך עפן אַלע מיינע קוואַלן און לעפצן צום וואָרט. איך היל זיך איין אינ׳ם וואָרט אַזוי ווי די וועלט הילט זיך איין אין דער זון.

ניו־יאָרק, 2 יולי, 1949.

# די גריכישע קירכע

אויסערלעך — אַן אַלטע געביידע — אין דער קעגנט פון דער בויערי. דאָרט ווו דער מענטש פוילט און פאַלט. נאָר ווען מען גייט אַריין אינע־ווייניק, אַנטפּלעקט זיך דער מענטשלעכער ספּלענדאָר. עס דעקן זיך אָפּ פאַר דיין אויג, וואָס איז צוגעווינט, וואַנדערנדיק איבער די גאַסן פון דער בויערי, צום מענטשנאָפּפאַל און מענטשנשטויב — פּרעכטיקע פרויען אין זיידענע קליידער, מיט גילדערנע פליגל. דו שטייסט פאַר די דאָזיקע פרויען, אַריינגעמאָלטע אין דיקע קאַנוועזעס; אויפגעשטעלטע איבער די אַלטע, אָפּגעקראָכענע ווענט; דו שטייסט פאַר די דאָזיקע פרויען־אַנטפּלע־קונגען אַזוי ווי דו ביסט אַלס קליין אינגעל געשטאַנען פאַר די ברענענדיקע מלאכים אין זון־אונטערגאַנג. פרויען וואָס זיינען איינגעהילט אין גאָלד און אין זילבער. זייערע שיינע, גאָלדענע הענט האַלטן גאָלדענע שווערטן. איבער זייערע צאַרטע, פרישע אַקסלען דערהויבן זיך שטאַרקע, גאָלדענע פליגל. דו ווייסט נישט צי דאָס זיינען די הייליקע פרויען פון קריסטנטום. צי די געצינס פון דער מיטאָלאָגיע. סיי ווי ברענען זיי מיט הונגער און מיט פאַרלאַנג. פון אונטער די קופּערנע פאַנצערס פּלאַצן אַרויס די בריסטן, וואָס בענקען צום באַריר פון די מענער־הענט, וועלכע קומען דאָ אַריין אָפּצוריכטן תפלה. דו זעסט אַז די קריסטלעכע רעליגיע איז אַרויס פון די בלעטער פון דער מיטאָלאָגיע. פון די גאָלדענע אָרעם־בענדער לויכט פלאַמענדיק אַרויס דאָס פלייש פון אַ גריכישער געטין. איר שוואַרץ אויג זעט גיריק צו דעם גאַנג פון זינדיקע און פון געפאַלענע מענער פאַרביי איר. די מענער פון דער בויערי. זי האַלט אין דער שיינער, זוניקער האַנט אַ שווערט וואָס שמעלצט אַזוי ווי זון־שטראַל. אַזאַ שווערט איז ווי אַ שטראַל ליכט אויפן קאָפּ פונ׳ם געפאַלענעם. דו גייסט פאַרביי די דאָזיקע פרויען. דו ווילסט זיי צוריק אַרונטערנעמען פון די ראַמען, פון די פאַרקאָפּטשעטע ווענט. עס שטינקט דאָ מיט חלב. די זון קומט נישט אַריין כדי צו באַרירן דאָס זוניקע פלייש פון די פרויען. די פרויען זיינען אַלע גענומען פון פשוטע מאָדעלינס, פון גריכישן פאָלק; געזונטע פויערטעס פון די בערג זיינען אויף אייביק פאַרפּאַנצערט און פאַרקריפּלט געוואָרן אין גאָלד און אין אייזן. זיי אַליין וועקן צו זינד. דו קענסט נישט טראַכטן פון די הימלען ווען אַזעלכע זינד־וועקנדיקע פרויען שטייען פאַר דיינע אויגן...

אַלטע לייט זיינען דאָ פאַראַן לרוב. אַזוי פיל הייליקע. אַזוי פיל גע־לייטערטע. מיט פאַרגלאָצטע אויגן. מיט גרייז־גרויע האָר. אויך זיי זיינען אַזוי שטאַרק באַדעקט מיט גאָלד. אפשר כדי זיי זאָלן נישט פוילן. זיי טראָגן אויך שווערטן פון גאָלד און זילבער. מלאכים באַגלייטן זיי. נאָר דאָס טרויעריקע מענטשלעכע לייב פון אַלטע לייט, ווען אַפילו פון הייליקע,

לאָזט זיך נישט פאַרדעקן דורך גאָלד. מענטש איז שטערבלעך. עס ווייעט פון אים מיט האַרבסט, מיט טויט, מיט טרויער. פון די דאָזיקע מענטשן גייט אויף די קראַפט פון גייסט. זייער גלויבן באַווייזט אַז זיי האָבן גע־זוכט צו באַזיגן דאָס פליייש לשם דעם גייסט. נאָר עס ווייעט טרויער פון זייער פליייש, פון זייער גייסט, פון זייער הימלישן קעניגרייך.

און אומעטום האַלטן די הייליקע אויפשריפטן אין גריכיש. איך קען זיי נישט לייענען. נאָר איך וויס זייער זין, זייער באַדייטונג. זיי זיינען אַלע פון דער עוואַנגעליע. עס איז דאָס פלאַמענדיקע וואָרט וואָס אַלע האַלטן אין די הענט. דאָס וואָרט וואָס פרווּוט ראַטעווען די מענטשן אין זייער אומעכטיקייט.

עס איז אַ צו קליינע קירכע און צופיל קאָמפּאַקט מיט זאַכן. דו זעסט אַז די גאַנצע רעליגיע איז הילפלאָז. אַז איר גייסט מוז זיך סוף כל סוף באַנוצן מיט בילד, מיט פאַרשטעלונג, מיט געץ, מיט זינד, מיט לעבן. די רעליגיע איז דערפירט צו דעקאָראַציע, צו מאָלעריי, צו קינדישן שפיל. און פון דער מאָלעריי יאָמערט אַרויס דאָס מענטשלעכע פנים. די מענטש־לעכע שטערבלעכקייט יאָמערט אַרויס פון די אויגן פון מענטשן. פון די מכלומרשט־אומשטערבלעכע מלאכים יאָמערט מענטשנקול אַרויס. אַפילו די מלאכים אין גאָלד און זילבער ווערן אַלט. צייט צעממית׳ט די מאָלע־ריי, די פרעסקאָס, די קירכע, די רעליגיע. אַלטע מענטשן פנימער באַזיצן די שניי־ווייסע מלאכים. עס ווייעט מיט אַ ווינט פון מענטשיאָמער און מענטשנטרערן פון אַלעמענס אויגן.

און זיי קענען נישט אָפּווישן דעם סימן פון אידן אין דער קירכע. זיי שעכטן אויס די אידן. אָבער זייער אייגענער פרינץ האָט אַ אידיש, צעקרימט פנים. דו דערקענסט אין די דאָזיקע געגילדערטע און געשייערטע און געזילבערטע אַפּאָסטאָלן — דיינע אָפּגעפרעמדטע ברידער. אמת, פאַר־גויאישטע, פאַרגריכישטע, פאַרקריסטלטע — אָבער דאָך יאָמערט אין זיי דאָס אידישע פנים. און מער אידיש פון אַלע איז דער איד וואָס קען נישט ווערן אויס איד, דער סטאָלאַר פון נצרת. אין איין ווינקעל טראָגט ער זיין צלם, אַזאַ שווערן, הילצערנעם צלם, וואָס דעקט אים כמעט אינ־גאַנצן צו. און עס גייען אים נאָך אַ גאַנצע כאָפּטע ווייבער, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ טאַנץ־מייסטער. אַלע ווייבער האָבן בלאָנדער האָר. אַלע זיינען שלאַנק. אַלע האַלטן די פנימער פאַרהילטע אין די הענט — ווייי־נענדיקע, אידישע פנימער. ביבלישע טראַגישע געזיכטער.

דו ווילסט צו זיי צוגיין, זיי טרייסטן. נאָר ווי אַזוי קענסטו טרייסטן אַז דאָס אומגליק איז אַזוי גרויס. און אַלע זיינען דאָ אידן אויף די בילדער, אַלע מענער הויפּטזעכלעך. אויב די פרויען זיינען פון גריכישן פאָלק, זיי־

נען אָבער די הייליקע איבערגעמאָלטע פון די רענעסאַנס־מייסטער, פון די פאַרביקע בילדער. און דאָרטן דאָמינירט דאָס אידישע פּנים. דער אידי־שער שמערץ. און מען פילט אַז מען האָט די דאָזיקע הייליקע אידן אָנ־געטאָן אין גאָלד — אָבער אויך אין קייטן. מען האָט זיי פאַרקאָוועט און פאַרפּאַנצערט אין גאָלדענע קייטן.

אין דער קירכע איז אומעטום אָנגעוואָרפן מיט חלב. עס ברענען חלב'נע ליכט. עס בענקט זיך צו דער זון. עס ווילט זיך אָפּכאַפּן אַביסל לופט. דער דאָזיקער הייליקער חלב שטיקט.

ביי דער טיר ליגט אַן אַלטע גויע, אוודאי אַ גריכין, און זי שרייבט עפּעס אין אַ בוכהאַלטעריע־בוך. צו אירע פיסלעך שפּילט זיך אַ ווונדערלעך קינד. איך האָב זיך איינגעבויגן, געגלעט דאָס קינד, דאָס איינציקע פּיצל זיסע לעבן אין דער קירכע. אַלץ אַנדערעס איז אומנאַטירלעך און טרויעריק. שמעקט מיט חלב און מיט אַ זייער אַלטע, טויטע רעליגיע. די רייסנדיקע קאָלירן, דאָס פאַלשע גאָלד און זילבער, די שווערטן און די מלאכים — אַלץ איז אַזוי פאַלש, אומנאַטירלעך און עס ווייזט בלויז אָן אויף דער מענטשלעכער אומבאַהאָלפנקייט.

ניו־יאָרק, 5 אויגוסט, 1949.

# ק ע נ י ג

אין מיין שטוב בין איך אַ קיסר. איך בין אַרומגערינגלט פון די גרויסע גייסטער פון דער וועלט. די קעפּ פון אַריסטאָטעלעס, סאָפאָקלעס, אַריס־טאָפאַן און טוקידידעס שמייכלען צו מיר אַרויס פון די דיקע בענדער שריפטן. לאַטיינישע און גריכישע קלאַסיקער האַלטן זיך פריי אויף אין מיין וווינונג. דאַנטעס בלייכע מאַסקע, שאָפּענהויערס און טאַסאָ'ס פּנים'ער זען זיך אָן פּראָמינענט. אין אַ ווינקל דערשטיקט זיין געלעכטער דער קלו־גער וואָלטער און אונטער אַ בוים שטייט אַן אָנגעצונדענער רוסאָ. דו גייסט שפּאַצירן מיט באָקאַטשיא און מיט פּעטראַרקע. אַן אָפּן ספר אַנטפּלעקט פּרעכטיקע נודס פון עמנואל הרומי'ס פּיקאַנט־געוואַגטער דיכטונג. פאַר־קלערט און אַסקעטיש זיצט אין אַ ווינקל דער איינזאַמער איד פון אַמשטער־דאַם — בענעדיקט דע שפּינאָזע. אויפן ברייטן שליאַך פון לאָנג איילאַנד שפּאַצירט מיט זיין האַרץ צעבראָסטעט דער דעמביקער וואָלט וויטמאַן. פאַרשטיינערט פון געוויין, פון ליבע און בענקשאַפט, ציטערט אויף ר' משה אבן־עזרא'ס לויטערע געשטאַלט. נעבן אים — דער מעכטיקער איד רבי יהודה בן־הלוי. און אונטער קאַלטע, ווייטע שטערן — אין אייזיקן

ליכט פון דער לבנה — דערקען איך דאָס געשטאַלט פון דעם אַסטראָלאָג רבי אברהם אבן־עזרא. דאָס ליכט פון לאָמפּ באַלייכט די דיקע בענדער פון טאַציט, צעזאַר, פּלוטאַרך און מאָמזען. אַן עלעגאַנטער באַנד פון היינעס „בוך דער לידער" לויכט גאָלדן אויף ווי דער שניט פון דער לבנה אָנהויב־חודש. אַ צאַרט פלוסקן זיך פון כוואַליעס און פון יונג־פרויען־געלעכטער קלינגט אויף מאָצאַרטיש אין דער נאַכט פון גאָלדיקן באַנד פון היינריך היינע. מיט זיין גרויסע, ווייסע באָרד זעט זיך אָן דאָס געשטאַלט פון דעם סקעפּטיש־שמייכלענדן דאַ ווינטשי. ווי אַ דאַמע שטייט פאַרקלערט ראַפאַעל. און אונטער אַ הימל פול מיט בליצן שטייט פינצטער דאָס אייזערנע גע־שטאַלט פון מיקעל־אַנדזשעלאָ. עס ברעכן זיך אַרויס פּנימער פון גרויסע מאָלערס פון רענעסאַנס, פאַרגאָסענע מאַסקעס מיט וויין. ווי אויף אַ מאַסקן־באַל בלענדן אויף מיט זייד און ברילאַנט הערלעכע דערשיינונגען פון דאַ־מען אין וועמען געטער זיינען פאַרליבט. דו ווייסט נישט מער ווו מאַלעריי איז און ווו לעבעדיקע מאָדעלן. די פאַרבן און דאָס ליכט פון די בילדער טראָגן מיט די דאַמען פון רענעסאַנס.

אין מיין וווינונג בין איך קעניג. כ'ווייס אָפּט נישט וואָסאַראַ וועטער ס'האָט גאָט צוגעגרייט אין דרויסן. צי האָט ער פאַרקאָכט אַ קאַשע מיט האָגלען און מיט שניי. צי בליצט עס אויף אין נאַכט מיט פייערדיקע בליצן — ווי אומגעהויערע פענעס, מיט וועלכע מלאכים שרייבן אין גרויסע פאַר־מעטן פון הימל די געשיכטע פון מענטשלעכע יסורים. ווי אין אַ פעסטונג, בין איך אין מיין שטוב באַהאַלטן. איך פאַרוויל גרויסאַרטיק אין די אַלייען גערוימע און גאָלדענע פון מענטשלעכן גייסט, וואָס איז אייביק פריש. איך פאַרקער אין דער געזעלשאַפט פון פּרץ, מענדעלע און שלום־עליכם. האַל־פערן, לאַנדוי און אברהם משה דילאָן רעציטירן זייערע גרויסע, קראַנקע לידער. אין אַ ווינקל — אויף זיין קבר אין די קאָלאָראַדער ראָקיס — זיצט אַן אָנגעצונדענער אין רעוואָלוציע עדעלשטאַדט. און יוסף באָוושאָווער מורמלט עפּעס וואַנזיניק וועגן שעללי און וועגן שעקספּיר. גרויסע דיכטער זיינען מיינע פריינט. פּאָו און רילקע רינגלען מיך אַרום. איך בין קעניג אין מיין וווינונג.

נאָר, טרעפט אַמאָל, איך פאַרלאָז מיין וווינונג — דערזע איך די שטיי־נערנע רעאַליטעט פון דרויסן. גרויע מענטשן באַקעגנען מיך מיט זייער חוזק. אַ רעגן פון ציניזם פאַלט אָן אויפהער פון די גרויע הימלען. מיך שווינדערט פון דער ביטערער קעלט. יעדער מענטש באַגעגנט מיך ווי אַ שונא. זיין פלעגמאַטישקייט באַליידיקט דעם אייביקן ענטוזיאַזם אין מיר.

דער טייוול פאַראַדירט פרעך אויף די עסטראַדעס. פון יעדן פענצטער קוקט אַרויס פינצטער אַ שטיינערנע גאַרגאָילע מיט אַן אויסגעשטרעקטער

צונג. מיך ציט שנעל צוריק אַ היים אין מיין וווינונג, צו זיין אין דער אומשטערבלעכער געזעלשאַפט פון יאַרטויזנטער־פרישן מענטשנגייסט. מיך ציט צוריק אַ היים ווו איך בין קעניג אין אַ הערלעכער געזעלשאַפט פון קעניגן־דיכטער...

ניו־יאָרק, דעצעמבער, 9, 1949

## פאַרברעכן

— דעם אָנדענק פון חיעלען.

עס איז פאַראַן אַזאַ פאַרברעכן וואָס די נאַטור קען נישט פאַרטראָגן. דעם פאַרברעכן פון די זעקס מיליאָן הייליקע קען די ערד נישט אַרונטער־שלינגען. אַ מיליאָן קליינע קינדער׳ס אומשולדיק בלוט קען די ערד נישט איינזאַפּן. די לופט איז פאַרסמ׳ט פון זייערע שרעקלעכע געשרייען. דער גאַנצער רוים, פון דער ערד ביז צו די הימלען, איז אָנגעפּולט מיט יאָמער פון די מוטערס וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע קינדער. עס איז אַ גרויס געשריי אין דער לופט. דער רוים ציטערט פון דעם געשריי פונ׳ם מענטש.

אַפילו ווען איין מענטש וויל נישט שטאַרבן, רופט ער צו הילף הימל און ערד אים צו רעטן. ער שליידערט די הענט אין דער לופט, און אַלע ווינטן פון דער וועלט קומען אים צו הילף. עס הערט זיין פינצטערן יאָמער יעדעס באַשעפעניש אונטער דער זון. עס שרייט קינד און קייט פון ביטערן ווייטיק, ווען אַ לעבן ווערט דערוואָרגן. זיין פאַרבלוטיקטער קאָפּ רירט אָן אַלע הימלען, אַלע שטערן. די שטערן לויפן אַוועק אין אַ משוגענעם שווּעב אין די אומענדלעכע מרחקים. דער גאַנצער קאָסמאָס געדענקט אויף אייביק די עקזעקוציע פון איין און איינציקן מענטשן. עס שניידט זיך אַריין זיין טויט אין דעם זכרון פון אַלע מענטשן פון דער ערד. דאָס בילד פון זיין שטאַרבן וואַנדערט אויף אייביק אין די קאָסמישע דיסטאַנצן אַזוי ווי אַ זעאונג פון פייער.

ווען טאָלסטאָי האָט געזען איין מענטשן הענגען, האָט ער אויסגעטאָן זיינע גרעפלעכע קליידער; ער האָט פאַרלאָזט לוקסוס און עשירות; ער האָט זיך אָפּגעקערט פון כבוד און פון גלאָריע; ער האָט אָנגעטאָן פּראָסטע, פּויערישע קליידער און האָט זיך גענומען שלאָגן מיט מענטש, מיט גאָט און מיט שיקזאַל. ער האָט אַפילו אויסגעטאָן דעם בגד פון דער וועלט׳ס גרעסטן וואָרט־מייסטער, פון דעם מעכטיקן עפּישן קינסטלער פון „מלחמה און שלום״, און ער האָט זיך געווידמעט צו די ליידן פון די מענטשן. אויסבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון די אָרעמע; שרייבן בריוו צו

די געפּלאָגטע און זיי צו געבן עצות; גרינדן שולן פאַר די קינדער פון די פּויערן; זאַמלען געלט פאַר די הונגעריקע; זאָרגן און אַרבעטן פאַר׳ן וווילזיין פון די מענטשן, איז וויכטיקער ווי הויבן דעם עסטעטישן ניוואָ פון דער קונסט, וועלכע, לויט זיין מיינונג, פאַרדאַרבט און ברענגט שאָדן.

ווען משה רבינו האָט געזען ווי שווער די אידן אין מצרים אַרבעטן, אונטער בייטשן פון די מצרים; ווי אַזוי זיי פאַרמויערן זייער בלוט אין די קעניגלעכע געביידעס; דעמאָלט האָט משה, ביים דערקענען די ליידן פון אידן, פאַרלאָזט דעם פּאַלאַץ פון פּרעה. און ער האָט זיך געווידמעט צום שיקזאַל פון זיין פאָלק, און ער האָט אַריינגעהאַמערט זיין מעכטיקע געשטאַלט אין דער אידישער געשיכטע. און אין דער געשיכטע פון אַלע פעלקער.

ווען בודאַ האָט דערהערט דעם ערשטן קרעכץ פון אַ קרעציקן מאַן; ווען ער האָט דערזען די פּיין פון דעם נידעריקן פּאַריאַ; ווען ער האָט, אויף זיין שפּאַציר, צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערזען די מענטשלעכע לייד — האָט ער אַראָפּגעשליידערט פון זיין שיינעם קאָפּ די פּרינצלעכע קרוין און האָט פאַרלאָזט דאָס הויז פון לוקסוס. די מוזיק פון קעניגלעכן פּאַלאַסט קען נישט מער פאַרקלינגען די קרעכצן פון די ליידענדע.

עס זיינען נישט פאַרלוירן געוואָרן דער יאָמער און די געשרייען פון די זעקס מיליאָן אידן. דער הימל, די לופט, די אַטמאָספערע ציטערט און איז אָנגעפילט און איז דורכגענומען מיט זייערע שטורמישע, קרעכצענדע זעעלן. און דאָס וואָס מען האָט די קרבנות פאַרשעמט, אויסגעטאָן נאַקעט, געצוווּנגען עפּענטלעך רבנים און יונגע מיידלעך צום פאַרקער; געצווונגען צו טרינקען די השתנה פון די נאַצי־יונגען; געריסן פון זייערע מוטערס אָרעמס טייערע אידישע קינדער — דאָס אַלץ קען קיינמאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד. די ערד גייט אין רוים און טראָגט שווער די פאַרברעכנס פון די מענטשן אויף איר רוקן. קיין וואולקאַנישע פלאַמען קענען נישט פאַרברענען די קברים און די נשמות פון די אידן.

אין דער נאַכט, ווען עס קאָכן זיך אויפן פירמאמענט די שטערן, גייען מיר נאָך מיליאָנען הייליקע נשמות. מיליאָנען פאַרקרימטע, פאַרפּלאָמטע, צעבראָכענע פּנימער, ווי אָפּגעבראָכענע פון אין דער ערד פאַרזונקענע סקולפּטורן, שרייען אַרויס פון יעדער שטיין, פון יעדן זומפּ און טייך, פון דער ערד און פון דער לופט. צוגענאָגלט זיך צו דער ערד, וועלן זיי קיינמאָל ניט פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ פון פאַרברעכן, אַזוי ווי דער גרויסער יאָמער און שמערץ פון שטאַרבן וואָלט זיי דאָ אויף אייביק צוגעקאָוועט. אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך אינ׳ם פּלאַץ פון פאַרברעכן איינגעביסן מיט זייערע צעבראָכענע ציין און אים נישט אָפּגעלאָזט ביז צום טאָג פון גרויסן משפּט.

דער גאַנצער רוים איז פאַרפלייצט פון משוגענע גופים. מיליאָנען ווילדע, וואַנזיניקע אויגן פלאַמען אין דער נאַכט. און קיינער זאָרגט נישט מער פאַר דער ערד און פאַר אירע איינוווינער.

די פאַרברעכנס פון די מענטשן מאַכן זינקען די ערד צום טאָל פון אונטערגאַנג. די ערד איז ווי אַ שיף וואָס פול מיט געמיינע און בייזע מעשים, זינקט אין אָפּגרונט און ווערט געטראָגן פון שטורעם צום טויט...

ס'האָט נישט קיין קיום אַזאַ וועלט. און מיר האָבן נישט קיין מורא פאַר קיין אַטאָם־באָמבעס. איר קענט, פינצטערע פאַרברעכער וואָס איר זענט, פאַרניכטן די גאַנצע מענטשלעכע ציוויליזאַציע, וואָס טויזנטער דורות האָבן איר געהאַמערט און געשמידט. איר קענט פאַרברענען די מענטש־לעכע קולטור, וואָס האָט געבוירן מאָרד און פאַרברעכן. פעלקער פאַר־שאָלטענע, איר קענט זיך קעגנזייטיק אויסשלאַכטן ווי די חיות אין דזשאָנגל. טוט מיט זיך וואָס אייערע משוגענע אינסטינקטן טרייבן אייך צו טאָן, איר פעלקער־מערדער! די נאַטור איז קעגן אייך. די ערד קען נישט שווייגן. זי האַלט אָנגעברייט אין אירע אינגעווײדן ימים מיט פייער און מיט לאַווע. עס וועט סדומיש רעגענען מיט שוועבל און מיט פייער איבער אייערע בלאָנדע קעפּ, דייטשע זין און טעכטער, און איבער די קעפּ פון אַלע וואָס האָבן אייך מיטגעהאָלפן. די פייערן פון די אויסברעכנדע ווולקאַנען וועלן אויסבאָדן די יסורים־טאָלן פון דער ערד. די פלאַמען פון די שטערן וועלן נידערן איבער אירע בערג. עס וועט גיין אַ פייער פון הויז צו הויז און אויס־דערשטיקן די מערדער. די פלאַמען וועלן אַרונטעררייסן אייערע פאַלשע טעמפּלען און קירכן. עס וועט דעמאָלט גוט זיין די ערד — אַן ערד אָן דייטשן, אָן פּאָליאַקן, אָן ליטווינער, אָן אוקריינער, אָן לעטן! עס וועט דעמאָלט זיין גרויס די ערד — אַ טויטער, וויסט־געוואָרענער פּלאַנעט, אָן די טייטאָנער מערדער! פון דער ערד פון דייטשלאַנד וועט ווערן איין אומענדלעך קבר!

אַ וועלט אָן דייטשן וועט זיין בעסער ווי אַ וועלט מיט דייטשן. אַפילו אייער פול־גערימטע מוזיק וויל איך נישט פאַרנעמען. זי שמעקט מיט מלחמה און מיט טויט. איך וויל הערן דאָס קראַכן פון פעלדזיקע בערג. דאָס זעגן פון בליצן דורך די ריפּן פון'ם פּלאַנעט. איך וויל הערן דעם פאַנאַנדערפאַל פון דער ערד. מיר האָבן נישט קיין מורא פאַר'ן חורבן פון דער ערד. אַזאַ ווילדע, בלוטדורשטיקע ערד זאָל גיין צוגרונד. אירע פאַר־ברעכנס זיינען אומגעהייער. די זינד פון דער ערד ציען די ערד צום אָפּ־גרונט.

ניו־יאָרק 19 פעברואַר, 1950.

# לעבן און קונסט

קיין קינסטלער קען נישט אויסשעפּן די טעמעס פונ׳ם גרויסן, פונ׳ם טיפן לעבן. דער דראַמען־שרייבער מיינט אַז ער וועט אָנשרייבן הונדערט דראַמעס און ער וועט אויסשעפּן זיין לעבן. אָן אויפהער שטייט אין זיין סטודיאָ דער מעכטיקער סקולפּטאָר און ער האַקט זיינע געשטאַלטן אויס און דער גאַנצער דור זיינער דינט צו אים פאַר אַ מאָדעל. דער דיכטער קריצט אויס צען טויזנט לידער און ער וויל דעם לעצטן נאַטור־ניואַנס פאַרקריצן אין אַ ליד. דער מאָלער שמירט אויס אַלע פאַרבן, פון זון־אויפגאַנג און פון דער לבנה, און ער וויל פאַר זיין שטאַרבן פאַרענדיקן די לעצטע וועלט־לאַנדשאַפט. נאָר אָרעם זיינען זיי אַלע אַנטקעגן דעם גרויסן לעבן. ווי שמעטערלינגען אַרום דעם לאָמפּן־פייער דרייען זיך די אַלע קינסטלער אַרום דעם לעבנס־פלאַם. זיי ווערן גרוי און אַלט און זיי ווערן געוווירע אַז זיי האָבן קוים אַ קראַץ געטאָן אויפן אומגעהייערן, קופּערנעם גוף פונ׳ם לעבן. דאָס לעבן איז גרעסער פאַר זיי אַלע. דאָס לעבן איז פיל מעכטיקער ווי גאָר די קינסטלער. אַפילו טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי שטייען אַלט און געבויגן פאַרן גרויסן ספינקס פון לעבן. נישט דעם געבורט און נישט דעם טויט שעפּן זיי אויס. און אודאי נישט דאָס שפּיל פון ליבע און פון ליידנשאַפט. יעדער איינער מענטש איז רייכער ווי דאָס בעסטע קונסט־ווערק. יעדער באַשעפעניש איז נישט אפילו אַזוי פיל וויפיל איין געניאַל בוך, נאָר אַזוי גרויס ווי אַ גאַנצע ביבליאָטעק. און די אומגעהייערע טעמעס ווערן אַפילו דורך גאַנצע דורות קינסטלער נישט אָנגערירט. דאָס לעבן בלייבט פריש צום קינסטלער, אַזוי ווי מען וואָלט עס נאָך נישט געהאָט באַרירט. אומגעהויער און גרויס איז דאָס לעבן. די גריכן, די רוימער, די אידן האָבן עס נישט געקענט אויסשעפּן. איין נאַכט פון דעם לעבן פון די מענטשן, אין פּאַלאַצן, הייזער, קעלערס, מאַנסאַרדעס און בעטן, איז רייכער ווי גאָר דאָס לעבן פון דער ליטעראַטור. דאָס לעבן ברויעט און רויעט כסדר. אין קלענסטן ווינקעל שפּילן זיך אָפּ פינצטערע קאָמעדיעס און טראַגעדיעס. דו גייסט אַהיים שפּעט ביינאַכט, אַ מידער פון דעם גרויסן לעבן. פון אַלע פּרויען — מיד. פון אַלע טעמעס — מיד. איינזאַם אונטער די גרויסע, בליציקע שטערן. דו לעגסט דיך מיט רע־זיגנאַציע אין דיין קאַלטן בעט. דער טייוול שטייט אין אַ ווינקל און ער מאַכט פון דיר חוזק. דיין אייגן שאַפן האָט דיך אָפּגענאַרט. האָט דיך נישט דערנענטערט צו גאָט פּנים על פּנים, ווי משה איז געשטאַנען פאַר גאָט. דיינע אייגענע העלדן, די כאַראַקטערן פון דיינע ווערק, שטייען פאַר דיר ווי פרעמדע. דו האָסט דיר באַשאַפן דיין קליינע וועלט. אָבער די גרויסע וועלט האָסטו נישט אָנגערירט. ווי כוואַליעס, פאַרגיסט דיך דער

שטורם פון לעבן. נייע קינסטלער וועלן קומען. נייע ריזיקע אַמביציעס וועלן זיי עפּענען. אָבער דאָס לעבן וועט זיי אַריבערכוואַליען און אַריבער־שטורעמען ווי אַ ים. און אויך זיי וועלן זיך אונטערגעבן אין רעזיגנאַציע. זיי וועלן באַגרייפן אַז עס איז נישט פאַר קיין שטערבלעכן געניוס אַרומ־צונעמען דאָס לעבן. דער געניוס האָט בלויז געפּרווט אַ טראַכט טאָן וועגן לעבן. אָבער דאָס לעבן איז שטורמיש. איז אומענדלעך. איז גרויס. און עס גייט מיט די טריט פון בליצן איבער די אומענדלעכקייטן. מענטש איז אַרעסטירט אין זיין מאַטעריע. אין זיין שטאַרבן. אין זיין טויט. מענטש הייבט אַמאָל אויף דעם קאָפּ פון ים, איבער די שוימיקע כוואַליעס, ער פּרוווט אויפהייבן דעם קאָפּ צו זען אַ גרעסערן מרחק אַרום זיך. אָבער דאָס לעבן טוט אַ זעץ אין זיין שאַרבן מיט אַ קופּערנער האַנט און ער זינקט אַרונ־טער אין אָפּגרונט. אַזוי די טענצער. אַזוי די מאָלערס. אַזוי די כלי־זמר. אַזוי די זיגער און די גענעראַלן. אַזוי די אַמביציעזע קריגער און דיכטער און סקולפּטאָרן און אָראַטאָרן. דאָס לעבן שטייגט אַלץ העכער איבער אַלע דורות און טראָגט זיך אין רוים מיט דעם שטורם פון אַ הימלישע, אַ מאַ־יעסטעטישע סימפאָניע. —

ווי זאָגט דער דיכטער אין לאַפקאַדיאַ האירנ׳ס „די געשיכטע פון דעם פּאָרצעליי־גאָט״:

. . . „זאָל דען אַ מענטש וואָגן נאָכצושפּאָטן דעם כישוף פון דעם אייביקן באַשעפער, דורך וועמענס אומענדלעכער קראַפט אַ מיליאָן זונען ווערן אויסגעפורעמט פיל גרינגער ווי איך קען אַ קליין טעפּל אויף מיין טעפּער־ראָד אויסדרייען?״

ניו־יאָרק, פעברואַר 25, 1950.

## אין סטייוועזאַנט פּאַרק

עס איז געווען אַ רעגנדיק וועטער, ווען איך בין אַ מידער צוגעגאַנגען צום סטייוועזאַנט־פּאַרק. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף איינעם פון די גרינע, אַלטע בענק. די בוימער האָבן שוין געשפּראָצט מיט קליינע, צאַרטע קנאָספּן. עס איז געווען אין די ערשטע טעג פון אַפּריל. דער רעגן איז געווען איינער פון די אַפּריל־ישע, קינדערשע, פרילינגשע רעגנס. אַ קליינער גאָט שפּילט זיך אין הימל מיט רעגנס און מיט פאַנטאַזיעס.

די וואָלקנס זיינען געגאַנגען נידעריק איבער דער ערד, אַזוי ווי קינדערשע וואָלקנס, דו קענסט זיי אָנרירן און גלעטן. און צווישן די גרינע, אַלט־יונגע בוימער שטייט די קופּערנע סטאַטוע פון דעם האָלענדישן גוּ־בערנאַטאָר פּיטער סטייוועזאַנט. ער שטייט מיט זיין הילצערנעם, מיט

זיין פיראַטישן פּוס און מיט זיין נאַריש־טעמפּן פּנים, און מיט די בייזע אויגן. דער גובערנאַטאָר פון ניי־אַמשטערדאַם האָט פּיינט געהאַט אידן. און איך זע אין מיין פאַרשטעלונג די אידישע פּנימער פון די ערשטע אימיגראַנטן. עס טויכן אויף בלייכע, ווי ערשט־געפּאַלענער, רויער שניי, די ערשטע צאַרטע אידישע פרויען־פּנימער. דו וואָלסט זיך צו יעדער פּנים, ווי צו אַ רויז, געקענט איינבויגן ריטערלעך און עס קושן מיט דיינע ציטערנדיקע ליפּן. און מענער מיט טונקעלע בערד. אין זייערע אויגן לויכט דער דורות׳דיקער אומעט. דער אַלטער שטומער ווייטיק פון אַן אַלטן, היסטאָרישן פאָלק. אַ פאָלק וואָס איז נישט נאָר געשטאַנען ביים וויגעלע פון פעלקער. נאָר ביים סאַמע ברענענדיקן מעשה בראשית. ערגעץ פון אַן אַלטן בית עולם גייען זיי אַרויס, די אידישע אימיגראַנטן, וווּנדערלעכע געשטאַלטן, ווי פון אַ ווונדער־מעשה אַרויס, פון אַ גרויסער מאַכטיקער עפּיק.

קליינע איטאַליענישע און שפּאַנישע אינגלעך קומען אָן, דראַפּן זיך אַרויף צו דער סטאַטוע פון דעם האָלענדישן גובערנאַטאָר. זיי באַרירן מיט זייערע קליינע הענטלעך זיינע, דעם חשובן גובערנאַטאָרס, קופּערנע קליידער. זיי דרייען זיך, קליינע און ליליפּוטישע, אַרום זיין הילצערנעם פוס. אַקטואַליטעט און היסטאָריע מישן זיך אויס. מיט זיין גאָלדענעם מויל קושט דער פרילינג דעם קופּער און צעשמעלצט אים מיטן פייער פון זיין ליבשאַפט. אויך קופּער מוז וואַקסן. אויך אַ קופּערנע סטאַטוע מוז אַרויסגעבן אירע ווונדערלעכע קופּערנע בלעטער. דאָס שלעכטס פון דעם גובערנאַטאָר האָבן רעגנס און שנייען שוין לאַנג אַרויסגעשלאָגן פון זיין נאַרישן מוח.

עס קומט אָן פון אַ זייטיקן, טונקעלן געסל אַ מאָדנע מיידל און אַלע שפּילן איצט אין באַלם. דאָס דאָזיקע מאָדנע מיידל טראָגט בלויע „הויזן" און אַ גרינעם „לייבל". און אַ פאַרביק־זיידענע טיכל אויפן קאָפּ. אירע האָר זיינען רויט ווי וואַקס. עס דאַכט זיך, דער הייסער וואַקס פון אירע האָר וועט זיך אָנהייבן צו גיסן. זי וואַרפט און זעצט מיט גבורה דעם באַלם אין דעם גראַניטענעם פּיעדעסטאַל פון דער סטאַטוע מיט אַ ספּעציעלער ענערגיע. ווען דער באַלם פאַלט אַריבער דעם אייזערנעם שטאַכעט, צו דעם רונדן בלומענבייט און פאַנטאַן, וועמענס וואַסערטראָפּנס צינדן שטענדיק אין דער לופט אַזוי ווי אַ מעטאַלענע בלום, שפּרינגט זי אַריבער דעם הויכן שטאַכעט מיט דער פלינקייט און די באַוועגונגען פון אַ אינגעל. די אייזערנע שפּיצן שטעכן איר פלייש, בשעת זי פאַרוואַרפט איין פוס אויף דער אַנדערער זייט שטאַכעט און זי פאַרהויבט באַלד מיט אַ אינגלערישן זשעסט — און דאָך מיידלשער אומבאַהאָלפנקייט — דעם אַנ־

דערן שיינעם פוס אירן. זי באַוועגט זיך טייוויליש און ווילד ווי אַ וואַל־קיריע. אַ קליינע, פייערדיקע וואַלקיריע. אין דעם ווינט פלאַטערן אירע אָנגעצונדענע האָר ווי אַ שטורקאַץ, וועמענס קנויטן פייער גריזשען די כוואַליעס לופט און שטיקן זיך מיט׳ן אָקסידזשען. איר קאָפּ ברענט, איינ־געבאַנדאַזשירט אין דעם רויטן פלאַם פון דעם טוך. זי שפּילט ווילד און דער באַלם פון אירע הענט גייט אין דער לופט מיט שווונג, מיט ענער־גיע און ווי געטראָגן אויף אומזעבאַרע פליגל. דער באַלם האָט אַן עלעקט־רישע קראַפט. ער איז שטענדיק אין אירע הענט, אין איר סודות׳דיקער מאַכט. פון דער לופט קומט ער, שיינט עס, פרייוויליק, ווי אין כישוף, צוריק צו אירע פייערדיקע הענט, אַזוי ווי אַ שקלאַף קערט זיך צוריק שקלאַפיש און ליידנשאַפטלעך אין די אָרעמס פון זיין אומווידערשטיילעכער הערשערין. דער באַלם איז איר שקלאַף. און אירע קליינע, יונגע שקלאַפן זיינען די קליינע אינגלעך. איינער פון זיי איז אין אַזאַ עקסטאַז, אַז שפּילנדיק זיך שטורמיש, הייבט אים אָן צו שטיקן די היץ, ער וואַרפט אַרונטער זיין מאַרינאַרקע, זיין וואַלענעם לייבל, אויף וועלכן עס איז אויסגעוועבט אַ ברענענדיקער טיגער. אין דעם ווייסן העמדל טאַנצט ער אַרום איר, אַרום דעם וואַנזיניקן מיידל. דער צווייטער, אַ דין, קליין, שפּאַניש יאַטל, אין שווונג אַרום דער פּאַקטיש אומבאַקאַנטער וואַלקיריע, צופּט איר ביי די יונגע, פּראָמינענטע און ווייבלעכע היפּטן, צופּט איר ביי די ציטערנדיקע בריסט זיך שפּילנדיק, ברויעט און טאַנצט לאַבוסעוואַטע און פרעך ווי אַ לוסטיקער, בראַנדזענער פאַון פון קלענסטן וווקס. דאָס אומבאַקאַנטע מיידל כאַפּט אים און פליקט אים אויס אַלע גלידער. דאָס אינגעל איז ווילד אין זיין עקזאַלטאַציע פאַר איר, ווי פאַר אַ קעניגין. די איבעריקע אינגלעך שטעלן זיך אויך אויף קיין איינציקע מינוט נישט אָפּ. זיי זיינען באַוועגט פון אַ גרויסער ליידנשאַפט צו איר. אָבער זיי ווייסן נישט. זיי שפּילן אומ־באַוווסטזיניק, אינסטינקטיוו. עפּעס האָט זיי דאָס מיידל צום ערשטן מאָל אין זייערע יינגעטשקע לעבנס צעטומעלט. זי איז אַראָפּגעפאַלן פון ערגעץ, אַזוי ווי פון אַ וואָלקן — אַ משוגענער מלאך. זי האָט זיך אַ גאָס געטאָן פון עפּעס אַ ים — אַ פייערדיקע פרילינגדיקע כוואַליע. זי האָט דאָ אַ פאַל געטאָן אַזוי ווי אַ ברענענדיקער טראָפּן זרע פון אַן אויפגעהאַנגענעם מערדער — און זי איז באותו רגע געוואָרן צו אַ לעבעדיקע פרוי, צו אַ שיינע, רייצענדע אַלרוינע.

אין שוואונג און שפּיל האָט דאָס מיידל גראַציע, עלאַסטיציטעט און פאָרם. דו זעסט ווי איר יונגער קערפּער וועט אָננעמען ווייבלעכע פאָרם און גראַציע. ווי זי וואַקסט. ווי זי האַלט זיך אין אַנטוויקלען. ווי דער היינטיקער פרילינג — אַן אומנאָרמאַלער, מאָדנער און וואַנזיניקער, פול מיט

אומגעריכטע קאַפּריזן און שטימונגען — איז דאָמינירנדיק אין איר. ווי זי איז געוואָרן די פרוי, נאָך זייענדיק שפּילעוודיק און פלינק ווי אַ אינגעל. זי איז מיט קעפּ העכער ווי די אַלע אינגלעך, אין אירע יאָרן. די דאָזיקע פרוי, דאַכט זיך צייטנווייז, איז אַ געמיש פון אינגעל, אישה, חיה און געטין. עטלעכע מענערשע זרע׳ס, פון קעניג, פאַרברעכער, הענקער, טיראַן און גאָט האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן כדי זי צו שאַפן. און געפּאַרעמט איר לייב, געמייסטערט איר פיזישע פאָרם האָט אַ קינסטלער מיט משוגענע הענט, וואָס וויל אומענדערן דאָס מענטשלעכע פנים, אומוואָרפן דאָס פיזישע גע־שטאַלט, אויסקנעטן פון אַ מענטש — אַ בליץ. און פון בליציקער פאָרם און ענערגיע באַשאַפן אַ נייע געשטאַלט. דאָס מיידל — צי אים איז יאָ אָדער נישט געלונגען זיין ווערק — איז זיין מאָדעל. ווער ווייסט מיט וועלכע נייע קרעאַטורן און פאָרמען די הענט פונם משוגענעם מייסטער זיינען איצט פאַרנומען אין פלאַמיקער אַרבעט. —

אין סטייוועזאַנט פּאַרק זיצן אויף די בענק פאַרלוירענע, פאַרגעסענע מענטשן. אַלטע אַקטיאָרן. שטומע אינוואַלידן. קראַנקע בעטלערס. האָבאָס מיט געלע פּנימער. טרעמפּס מיט רויטע, פאַרפלאַמטע נעזער. אַ פּאַרוויאַנעטע דאַמע פון אַ מוזעאום אַרויסגעגאַנגען. אַ פרומע משוגענע. אַ פרוי אין רייט־הויזן וואָס רייט אויף אַ בעזעם. אַ גרופּע הויכע וואַגאַבונדן קומען אָן פון דער בויערי. אַלע הויך ווי עוג מלך הבשן, און אַלע זשלאָקן זיי פון גלאַנציקע, ברוינע פלעשער ליקער. זיי טרינקען אויס פון די פלעשער דעם זון־אונטערגאַנג וואָס רינט איצט אָפּ ווי שמוציק גאָלד אין אַלע רינוועס און טשעפּעט זיך אָן אין יעדער מענטשלעך פנים זיך צו קושן און צו געזעגענען זיך. די גאָלדענע ווייזערס דרייען זיך אויף אַ ריזיקן זייגער־ציפערבלאַט פון אַ קירכע. דאָס פנים פונם זייגער איז ווי דאָס פנים פון אַ שטומען, שווערן, דאַרפישן גאָט. אַ גאָט — אַ פויער. פון דער אַלטער קירכע שלאָגט מיט שווערן, מיטלאַלטערלעכן אומעט. פון ערגעץ קלינגט אַ גלאָק מיט זיין שווערן, אַלטן קלינגען. ער שטיקט זיך מיט דער פייכטער לופט,הוסט. ער כריפּעט אַסטמאַטיש־לײַדנדיק. דער גלאָקנקלינגער האָט מער קיין לונגען און קיין האַרץ נישט. עס איז דאָ אַ פאַרגעסן ווינקל פון ניי־אַמשטערדאַם וואָס אָטעמט מיט דער דומפּער לופט פון אַ פאַרגאַנגענעם האַלבן יאָרטויזנט. די מענטשן דאָ האָבן פשוט פאַרגעסן זיך צו גיין לעגן אין די קברים, הגם זיי פוילן שוין ביז צו צעפּאַלונג. און, דאָס שפּיל פון די אינגלעך גייט אָן אַרום דער סטאַטוע פון מיינהעער פּיטער סטייוועזאַנט. צייטנווייז, דאַכט זיך, באַטייליקט זיך דער בייזער גובערנאַטאָר אין׳ם שפּיל. אויך ער איז באַהערשט פונם זעלטענעם, מאָדנעם און פאַנטאַסטישן מיידל. אויך ער, אין זיינע קופּערנע גלידער, האָט צוגעקרוגן נייע ענערגיע און

שווונג און ווי אַ אינגעל טאַנצט ער אַרום איר, אין אַן עליפּטישן טאַנץ אַרום דער קליינער, מיידלשער זון וואָס איז, ווי אַ לבנה, אַרומגענומען פון דעם קופּערנעם ליכט פון דער גרויסער, איצט־פאַרגייענדיקער זון. און, דאָס מאָדנע, טייוולישע מיידל ווייסט נישט פון קיין אָפּרו. די קליינע יאַט־לעך זיינען אומדערמידלעך אַרום זייער משוגענער, יונגער וואַלקיריע. און די וואַלקיריע טאַנצט און שפּרינגט און לויפט און ציטערט מיט אירע גלידער אין דעם דאַזיקן אַפּרילישן וועטער און פרעסט אַריין איר אויפ־גייענדיקע ווייבלעכע פאָרם אין די צעפּלאַמטע אויגן פון די טרעמפּס און זי שפּילט אויף צו להכעיס דער אַלטער, פינצטערער קירכע ווי אַ ווייב־לעכע געציין פון זינד.

און אָט קוקן צוויי שווייגנדיק און ציניש צו: דער בייזער, פּיראַטישער גובערנאַטאָר פון ניי־אַמשטערדאַם און דער גרויסער רונדער ציפערבלאַט מיט זיינע פייערדיקע ווייזער־וואָנסעס פאַרשפּיצטע. די זון האָט פּלוצלינג אויפגעגלויכטן און זיך אָפּגעבראָכן פונם קאָנטינענט. און די לבנה — אַ פּערלמוטערנער שפּליטער — האָט אַ ציטער געטאָן איבער דעם כאַאָטישן הימל. און דאָס מיידל וויגט אַלץ מיט איר פייערדיקן קאָפּ ווי אַ שד'יכע און מיט אירע בריסט און היפטן שטייגנדיקע. נישט אַנדערש נאָר אַ פּרעכע געציין פונ'ם אָלימפּוס איז זיך געקומען רייצן מיט דער מיטלאַלטער־לעכער קאַטוילישער קירכע און מיט די פאַרגעסענע מענטשנשאַטנס...

ניו־יאָרק, אַפּריל 13, 1950.

## די דריי מוסקעטיערן

אין דעם שלעכטן וועטער ביסטו געגאַנגען זען די „דריי מוסקעטיערן״ פון אַלעקסאַנדער דיומאַ. עס איז גוט וואָס דו ביסט אַריינגעקומעןביים אָנ־פאַנג, ווען דאָס שטיק הייבט זיך אָן. (אגב פעלט אין קינאָ דער ווונדערבאַרער פאַרהאַנג, וואָס הייבט זיך אויף אין טעאַטער אַזוי געהיימנישפול און פאַנ־טאַסטיש און וואָס גיט אַזוי פיל אילוזיע).

פּרעכטיק און פאַרבנרייך הייבט זיך אָן דאָס ווונדערלעכע ווערק פון דיומאַ. עס טוט אַ בליץ אויף אַן אַלטע, פאַרגאַנגענע צייט מיט איר הער־לעכער רייכקייט. אינ'ם קאַמף צווישן דעם קעניג לואיס דעם דרייצענטן און רישעליע, צווישן פראַנקרייך און ענגלאַנד — זעסטו די בלוטיקע און דראַמאַטישע קאַמפן. און וואָס איז דען פאַראַן מער אין לעבן ווי קאַמף?! עס דויערט נישט קיין מינוט אַז די שווערטן זאָלן אויפהערן צו בליצן. די מוסקעטיערן זיינען פּרעכטיק געקליידעט. די מוסקעטיערן זיינען אייב־געהילט אין פאַרבן. הערלעך זיינען די מוסקעטיערן פונם קעניג. און ווי פלינק און גראַציעז אין זייערע שווערט־קאַמפן. ווי פּרעכטיק אין דעם

אָטעם־פאַרכאַפּנדיקן שווערט־געפּעכט. ווי שיין זיי רייטן אויף די בלאָנדע, פולע, פּעגאַזישע פערד. (די פערד שיינען צו זיין אַראָפּגענומען פון בראָנ־דזענע רייטער־מאָנומענטן). און צוזאַמען מיט די גאַלאַנטע מוסקעטיערן זעסטו די לאַנדשאַפטן. דיין אויג פאַלט צו צו די ווייסע אַלייען. צו די גרינע, זאַפטיק־געמאָלטע פעלדער. צו די בערג און אָפּגרונטן. דאָס זיינען נישט קיין געמאַכטע לאַנדשאַפטן פון פּאַפּיר. פון טאָוול. ס׳האָט גאָט זיי מיט זיין פייערדיקע דלאָטע אויסגעהאַקט אינ׳ם פּלאַנעט. ס׳האָט זיי געקאָוועט אַן עלעקטרישע מייסטערהאַנט. לאַנדשאַפטן מעכטיקע. די גרויס־קייט פון דער נאַטור, איר מאַיעסטעטיק. און, דער חן. דער אַרטיסטישער שפּיל פון פאַרבן און פון זון. יעדער פעלד — אַ מולטיקאָלירטער קאָב־ריץ. יעדער וואַלד — אַ פאַנטאַסטישע מעשה. יעדער בוים — אַ פּריץ צווישןביימער. עס טריפט פון די לאַנדשאַפטן מיטן טינט פון דיומאַ. ס׳האָט זיי אויסגעשטעלט האַרמאָניש אַ שריפטשטעלער מיט אַ מייסטער־פּען. עס טריפט פון די לאַנדשאַפטן מיט הייסע, מיט בראָנדזענע שטיקער זון.

כסדר׳דיקע געפּאַר, אַוואַנטיורע, שווערטן און דועלן. וואָס וואָלט זיין די גאַנצע גרויסע נאַטור אָן דעם געוואַגטן, אומרואיקן און נערוועזן מענטש? אַ שטומע, קאַלטע, פּלאַנעטאַרע לאַנדשאַפט וואָלט די וועלט זיין. אַ פאַרשטיינערטער פּייזאַזש. מענטש מאַכט וויברירן אין עקסטאַז די לאַנדשאַפט. די נאַטור נעמט אָנטייל אין די מענטשלעכע ליידנשאַפטן. דער מענטש באַלעבט מיט זיין ענערגיע און שטורם די גאַנצע ערד. ער צינדט אָן זיינע אַמביציעס ביז צו די שטערן.

אפשר אַנטפּלעקט זיך דאָ דער מאַן אַזוי ווי די פרויען וואָלטן וועלן אַז ער זאָל זיין. אפשר איז דאָס דער ריכטיקער ספּעצימען פון מענלעכ־קייט. אין פאַרביקע קליידער און אין לופטיקע מאַנטלען, ווי פלאַמענדע פליגל, ווען ער קעמפט אין די ווילדער אויף זיין פייערדיקן פערד. קעמפנ־דיקער מאַן איז דאָ שיין אין זיין קליידונג. שיין אין זיין פאַרביקער אומ־געבונג. שיין אין זיין ליידנשאַפט. זיין ווונד איז פאַראַן אין האַרצן נאָך איידער ער ווערט פאַרוווּנדעט פון דער שווערט...

אַנטקעגן דעם שטרייטנדיקן, קעמפנדיקן מאַן שטייט די דאַמע. די פאַרעטערין. און די פאַרעטערין איז שענער ווי די הייליקע. די פאַרעטערין האָט נישט קיין שווערט. נאָר אַלע באַרימטע און געוואַגטע שווערט־מענער דינען צו איר. זי האָט נישט קיין מאַכט. נאָר גראַציעז ציט זיך איר שאָטן איבער די קעפּ פון די מעכטיקע. די שיינע דאַמע שטייט אַנטקעגן די ליבע־באַטרונקענע, קאַמפּס־וואַנזיניקע מוסקעטיערן. זי האָט איין מעכ־טיקן געווער: ווייבלעכע שיינקייט.

און מיט איר ווייבלעכער גראַציע דערגרייכט זי טרעפּ פון פּאַלאַצן און קאַטעדראַלן. זי שטייט אונטער די רוקנס פון די פּרינצן און די גייסטלעכע. זי באַהערשט די מעכטיקע מיט אַ געוואַלטיקן וואָפן. אַרום איר קומען פאָר די בלוטיקסטע דועלן. אַלע וואַנזיניקע און פאַנטאַסטישע שטרייטן. זי פירט אָן מיט שטיקער וועלט־געשיכטע.

דו זעסט ווי די האַנדלונג אַנטוויקלט זיך, און ביסלעכווייז פאַלן אָפּ די כאַראַקטערן. פאַר אַ מאָמענט הערשט גלאַנץ און גלאָריע. אַוואַנטיור און אינטריגע. ליבע און פאַראַט. עס ווערט שפּעט אין אָוונט. און עס מוז זיך ענדיקן דאָס שפּיל. און טראָצדעם וואָס דו ביסט אָן עדות וואָסאַראַ געמיינע פאַרברעכנס די שיינע, פאַלשע, גייציקע פרוי באַגייט — דאָך טוט דיר שרעקלעך ווי ווען די שיינע פרוי גייט צום ביטערן און צום פינצטערן טויט. דו קענסט נישט ליידן וואָס אַזאַ בלענדענדע, שטראַלענדע שיינקייט גייט זיך אויסלעשן. די נאַטור איז אין איר שענסטער צייט און בליאונג. דער פרימאָרגן איז איין שטיק גאָלד. ווי קען דער שוואַרצער הענקער פירן אַזאַ שיינע פרוי צום טויט? זי גייט איצט טאָפּלט שיין: אין איר ווייבלעכער פּראַכטיקייט. און באַהערשט פון דעם טרויער, וואָס איז ווי אַ טונקעלע ראַם אַרום איר גאָלדענעם פּאָרטרעט. דער קעניגלעכער טרויער — ווי פּאַסט ער איר צו איר גאָלדענער, יונגער שיינקייט!

מיט אַזאַ טרויעריקער פּראַכט קען זי אַפילו דעם הענקער פאַרלאָקן. אָבער דעם דאָזיקן הענקער קען זי מער נישט אָפּנאַרן. ווייל ער קומט ווי פון העכערע רעגיאָנען. ער קומט אָפּשליסן דאָס שפּיל. ער קומט פאַרענדיקן דאָס ספּעקטאַקל. און מיט טרערן אין די אויגן זעסטו ווי זי גייט איבערן וועג אין אַל' איר לעצטער שיינקייט — איינגעהילט אין דער — דורך דער נאַכט מיט טויזנט וואָלקנטיכער געוואַשענער זון — און, ווי זי שפּילט אין איר לעצטן גאַנג אַפילו איר ווייבלעך־גאָלדענע ראָלע.

דיר טוט אויך שרעקלעך ווי דער טויט פון דעם גוטן מיידל, די געליבטע פון ד'אַרטואַן. — — —

דאָס אַלץ קומט פאָר אין פאַרלויף פון אַ שטונדע אויפן פאַרביקן און לעבעדיק־פּולסירנדיקן עקראַן. און ווען דו פאַרלאָזט דאָס קינאָ, באַקעגנט דיך די גרויסע, די אומהיימלעכע נאַכט. דער קאָנטראַסט איז שרעקלעך: דו רירסט אָן די פינצטערע אומהיימלעכקייט פון דער נאַכט. די נאַטור איז צו דיר אומפריינטלעך. עס טוט דיר אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ די קאַלטע רעאַליטעט פון דער וועלט.

דו גייסט אין דער פאַרשנייעטער נאַכט און דו פּרוּווסט זיך דערמאָנען די זוניקע לאַנדשאַפטן פון די „דריי מוסקעטירערן". נאָר עפּעס זעט עס אויס אַנטקעגן די קאַלטע שטערן ווי חוזק. עס האָט דיך אָפּגענאַרט.

עס האָט דיך אויסגעלאַכט. נאַראָנים האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר קעניגן און פאַר פרינצן. עס איז געווען אַ פאַרביקער חלום. און צו וואָס איז דאָס אַלץ געשפּילט געוואָרן?! ווו זיינען די אַלע מענטשן פון דעם זעכצעטן יאָרהונדערט, פון דעם זיבעצעטן, פון דעם אַכטצעטן יאָרהונדערט? זיינען זיי טאַקע אַלע טויט? איז נישט געבליבן קיין איינציקער לעבן ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער וועלט? איז עס טאַקע אמת אַז אַלע זיינען אויס־געשטאָרבן? אַז אַלע זיינען אַוועק מיט "The way of all flesh?"

איך גיי אַהיים אין דער קאַלטער נאַכט. און פון אַלע פאַרביקע און העלדישע מוסקעטירן; פון אַלע הייליקע און זינדיקע דאַמען; פון אַלע קרוגן מיט שוימיקע וויינען; פון אַלע אַנגעצונדענע לאַנדשאַפטן — איז מיר בלויז געבליבן אין זכרון דער שוואַרצער, מאָנומענטאַל־געוווקסיקער תליון; ווי ער האַלט אונטער זיין שוואַרצן אָרון די גלאַנציקע האַק; און פאַרויס פון אים באַוועגט זיך זיין קרבן — די זינדיקע און די וווּנדער־שיינע דאַמע... און אונטער אים גייען אַ סך, זייער אַ סך מענטשן... מיר אַלע גייען אים נאָך. פילע דורות ציען אונטער אים מיט טרויערנדיקע, מיט געבויגענע קעפּ...

ניו־יאָרק, 15 אַפּריל, 1950.

## אויף אַ מינוט אין פּאַרק

איך בין אַריינגעגאַנגען אין פּאַרק. איבערנאַכט האָבן זיך פאַרהילט אין אײדעלן גרין די שפּראָצענדע צווייגן פון די בוימער. די פייכטקייט פון דער ערד איז געווען גוט צו מיין טרערנפייכטן געמיט. די גרויסקייט פון דער נאַטור האָט מיך באַהערשט. די געוואַלטיקייט פון די געטלעכע געזעצן. ווי יעדעס מינדעסטע קרעאַטור און פלאַנץ פאָלגט אינסטינקטיוו דעם קאָסמישן באַשעפער. עס איז קאָלאָסאַל ווי די נאַטור אַרבעט דורך אייזערנע געזעצן. יעדער חלום, יעדער אַמביציע, יעדער רעוואָלוציאָנערער ווילן — איז אַן אינדיווידועלע זאַך. דער מענטש שטעלט זיך אַנטקעגן דער געזעלשאַפט, דער נאַטור און גאָט. ער פּרווט אויפהייבן אַ רעוואָלט קעגן מענטש, ווי אין מילטאָנ'ס „דער פאַרלוירענער גןעדן". ער פּרווט אויפהייבן זיין פלײשיקן, שוואַכן אָרעם אַנטקעגן דעם אייזערנעם קרייז פון די שטערן. ער פאַר־מעסט זיך אַנטקעגן די קאָנסטעלאַציעס פון וועלטן. מענטש וויל אָפּשטעלן די זון אין איר ראָטאַציע פון די וועלטן, ווי יהושע בן־נון. אָבער אומגע־הייער שטרעקט זיך אויס דער ווילן פון גאָט. די אָרעמס פון אַ געוואַלטיקן באַשעפער, מיט מעכטיקע, אייזערנע געזעצן נעמען אַרום דאָס מינדעסטע גרעזעלע. אַלע מענטשלעכע אַמביציעס צעשמעלצן זיך אין דעם געזעץ פון דער נאַטור. אַלץ לעגט זיך געהאָרכזאַם אונטער די שאָטנס פון זון־פאַרגאַנג.

עס איז נישטאָ קיין אייביקע ווידערשפּעניקונג. אַ דור וואָס האָט געשטורעמט — פֿאַרגייט, און אַ נייער דור גייט אויף מיט דיזעלבע אַמביציעס און מיט שטורעמדיקע פֿליגל וואָס נעמען אַרום אַ האַלבע וועלט. אָבער די צייט קומט און אויך דער דאָזיקער דור פֿאַרגייט. און אַלץ קומט ווידער פֿאָר ווי אין אָנפֿאַנג פֿון די טעג.

איך בין געגאַנגען אין פּאַרק ווי אויפֿן הימל. דער פּאַרק האָט מיך אָנגעצונדן ווי אַ געוואַלטיקער תהלים. עס איז גאָרנישט דאָ קיין מענטשלעכע פּאָעזיע אַרומצונעמען די גרויסקייט פֿון דער נאַטור. אין יעדער בוים האָט געברענט אַן אות פֿון אַ גרויסן ספֿר. אין יעדער פֿלאַנץ איז געווען אַ המשך פֿון אַ ליד, אַן אונטערשיד צי דאָס ליד האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט אַ יאָר אָדער מיט אַ יאָרטויזנט צוריק. דער גאַנצער פּאַרק איז געווען אַ געוואַלטיקע עפּיק. איך בין געגאַנגען אַ פֿאַרוווּנדערטער מיט פֿיילן פֿון דיכטונג, וואָס האָבן געשלאָגן אין מיין האַרצן פֿון אַלע זייטן פֿון דער וועלט׳ס אומענד־לעכקייט.

ניו־יאָרק, 27 אַפּריל, 1950.

## אין גאָט׳ס געשטאַלט

בצלם אלהים — אין דעם געשטאַלט פֿון גאָט איז דער מענטש באַשאַפֿן געוואָרן. אין דעם געשטאַלט פֿון גאָט איז ער אַרויסגעבראָכן געוואָרן פֿון אורבאַשאַף, פֿון כאַאָס. אין דעם געשטאַלט פֿון דעם אומשטערבלעכן גאָט, אָבער פֿאַראייניקט מיט דער מענטשלעכער שטערבלעכקייט. איז דער געט־לעכער קאָפּ טראַגיש און שיין אויף די פֿינצטערע פּלייצעס פֿון די מענטשן. פֿון דעם מענטשנס אויגן וויינט אַרויס די פֿינצטערע טראַגיק. און דער געטלעכער שטאָלץ אילומינירט אים.

מענטש אין גאָט׳ס הערלעכן געשטאַלט. זינט די טעג ווען דער תנ״ך איז געהאַמערט געוואָרן דורך זיינע מעכטיקע מחברים, דורך דעם אומגע־הייערן מאַן משה, אין זיין גרויס באַשיידנקייט שטייגנדיק צו גאָט, האָבן די ווערטער זייער פֿייער־גאָלד נישט פֿאַרלוירן. אָבער דער מענטש פֿאַר־שטייט נישט אַז אין די דאָזיקע ווערטער איז אויסגעדריקט אַ גאַנצע פֿילאָ־סאָפֿיע. אַ וועלט־סיסטעם. שלאָגט נישט דעם מין מענטש, וואָרים ער איז הייליק. צעברעך נישט די גלידער פֿון דעם מענטש, וואָרים ער שטראַלט מיט פֿלאַמענדיקע שטיקער גאָט. שפּיי נישט מיט דיין פֿינצטערן צאָרן אין די דאָזיקע טראַגישע מענטשנאויגן, וואָרים זיי זיינען צוויי גרויסע, צוויי לויכטנדיקע זונען. פֿאַרבלוטיק נישט די פֿאָרם פֿון דעם מענטש, וואָרים ער איז באַשאַפֿן געוואָרן אין גאָט׳ס אימאַזש. באַליידיק נישט דיין פֿריינט, אין דער פֿינצטערניש לויכט ער מיט זיין געטלעכער גרויסקייט. פֿיר נישט קיין

מלחמות, דערשלאָג נישט די שטראַלנדע יונגען אין גאָט׳ס פאָרם און גבורה. אין יעדער מענטש לויכט גאָט.

און, נישט נאָר דער מענטש איז הייליק. עס איז הייליק גאָר דאָס באַשאַף פון דער ערד. דער לייב טראָגט גאָט׳ס שטאָלצן פנים. דער לייב איז ענלעך צום מענטשלעכן געניוס. פון דעם הירש׳ס אויגן שטראַלט אַרויס אַ וועלט מיט מענטשלעכער גוטסקייט. פון דער ריזן־חיה, ביזן קלענסטן שמע־טערלינג; פון דעם מאַסטאָדאָן ביז צו דער נישטיקער מילב — ווײנט אַרויס דעם מענטשנס יאָמער, דער אומעט פון דעם שטאַרבנדיקן מענטש. גאָר דאָס באַשאַף פון דער ערד איז פול מיט גאָט. פול מיט מענטש. די מענטש־לעכע מאַסקע טראָגט גאָר דאָס לעבן פון דער ערד. און וווּ נאָר דו גייסט און דו שטייסט, די טראַגיק פון דעם מענטשלעך־געטלעכן פנים קוקט דיך אָן מיט זײַנע אומגליקלעכע אויגן, אין זײַן אייביקער שרעק פאַר׳ן כאַאָס, פאַרן ווערן צעפאַלן און אָפּגעמעקט פון דער וועלט. וואָרים יעדער קרעאַטור קומט פון תוהו ובוהו און גייט צוריק אַהינצו מיט אַ צעבראָכענעם רוקן און אָן אָפּגעמעקטן פנים. דער מענטש וויל נישט אָפּגעמעקט ווערן. דער מענטש, און יעדעס וועזן, וויל נישט ווערן אויס פאָרם. אויס געשטאַלט. אויס לעבן. עס איז די פאָרם, די געטלעכע פאָרם, וואָס איז דאָס לעבן אין זײַן עסענץ. עס איז די אָנגעצונדענע פאָרם, וואָס איז אויך די קונסט. עס איז די פאָרם, צו וועלכער מיר שטרעבן.

גאָט איז די העכסטע, די פולקאָמענסטע פאָרם. און דורך אונדזער אייגענער עוואָלוציע דערגרייכן מיר עכטקייט פון פאָרם. שלימות פון פאָרם. און אויב מיר דערגרייכן נישט די האַרמאָנישע פאָרם אין לעבן, קאָמפּענסירן מיר זי אין דער קונסט. מיר טראָגן פאָרויס די דערגרייכונג פון פולקאָ־מענער פאָרם אין דער ליטעראַטור. מיר טרוימען די גאָלדענע פאָרם אין די מעכטיקע ווערק פון רענעסאַנס. אין די ספינקסן פון אַלטערטום. אין דער געצנדינערישער שאַפונג. יעדער קרעאַטור שטרעבט אינסטינקטיוו צו פאָרם. דער מענטש שאַפט פאָרם. שטערבלעכע מענטשן, ווי מיר זײַנען, שאַפן מיר אָן אומשטערבלעכע פאָרם אין גאָט׳ס אימאַזש. מיר טראָגן די פאָרם פאָרויס אויף יאָרטויזנטער. מיר ברעכן אַרויס פון זיך אָן אייביקע פאָרם, און מיר לאָזן זי שטיין אויפן פלאַנעט, אין דער קרישטאָלענער לויטערקייט פון רוים, און מיר אַליין גייען אַוועק אין דער אייביקייט.

מיר שאַפן קונסט פאַר דער חיות־וועלט. מיר גיבן איר, דער שטומער חיה, אויסדריק. פון די טעג אָן ווען מיר האָבן די מעכטיקע חיות אַוועק־געשטעלט ביי די טויערן פון די קעניגלעכע פּאַלאַצן, גיבן מיר זיי אַ תיקון. מיר פאַראייניקן זיך מיט זייער טרויער און מיט זייער שטערבלעכקייט. מיר גיבן זיי סימפּאַטיע און רחמנות. מיר נעמען זיי אַריין אין דער וועלט

פון מיטלייד און פון רעליגיע. מיר שפרייטן אויס דעם סאָציאַליזם צווישן מענטש און מענטש אויף דער וועלט פון חיות און עופות און פיש און איג־סעקטן.

דער מענטש, דער קיסר פון דער ערד, איז אויך דער קעניג אין דער וועלט פון חיות. דער מענטש גיט איר לשון, זין, געדאַנקען, זעלבסטבאַ־וווסטזיין און פאָרם. ער גיט איר גאָט׳ס פנים, און ער באַרעכטיקט איר אַריינ־צוגיין אין דער אייביקער וועלט פון גאָט. רחמנות צו די חיות — פּראָקלאַמירט דער מענטש. נישט נאָר די קו איז הייליק, ווי אין אינדיע, נאָר גאָר דאָס לעבן, אַפילו פון אַ שלאַנג און פון אַ שפּין, איז גרויס און הייליק און שיין.

אין גאָט׳ס געשטאַלט — איז אַלזאָ אַ גאַנצע ,אומגעהייערע און מעכטיקע רעליגיע. אַ רעליגיע וואָס שליסט איין די ליטעראַטור און די קונסט פון דער וועלט. די קונסט, וואָס איז דעם מענטשנס גרויסער געראַנגל אַנט־קעגן אונטערגאַנג, אַנטקעגן טויט. די קונסט, וואָס איז דעם מענטשנס קאַמף קעגן כאַאָס, קעגן טייוול, וואָס פירט צו פאַלשע פאַרגעניגנס און צום פאַרניכטעט ווערן. די גרויסע, געלייטערטע קונסט, וואָס איז קאָנ־סטרוקטיוו און רעליגיעז. אין גאָט׳ס געשטאַלט — פאַרשטיי, בן־אָדם, די אמת׳ע באַדייטונג פון די ווערטער, וואָס מיינט די הייליקייט און די געטלעכקייט פון גאָר דעם לעבן, וואָס נעמט אַרום אַלע לייבער פון גאָר דעם מענטשלעכן און דעם חיה׳שען באַשאַף. די גרויסקייט פון לעבן גייט אויף און פאַרשוימט פייערדיק מיט זיין ענטוזיאַזם גאָר די טאָלן, גאָר די בערג, גאָר די אָצעאַנען פון דער ערד — און שוימט אַריבער, ווי שאַמפּאַניערדיקער פלאַמען־שוים, די גאָלדענע ראַנדן פונם גאָלדענעם וועלט־בעכער...

אין די איצטיקע פינצטערע טעג פון אונדזער לעבן, האָב איך עס געהאַלטן פאַר באַזונדערס וויכטיק אויפצוצייכענען אויפן שער־בלאַט פון מיין פריערדיקן בוך דעם טיטול: „אין גאָט׳ס געשטאַלט“, אַזוי ווי עס שטייט אין די ערשטע בלעטער פון תנ״ך: „און גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט; אין דעם געשטאַלט פון גאָט האָט ער אים באַשאַפן.“

ניו־יאָרק, מאַי 25, 1950.

# אין אַ קליינעם צימער

(געווידמעט מיינע טייערע פריינט, די דיכטערין רינה און אליעזר אַפּער, מיט אמתיער פריינטשאַפט.)

איך ליג אויף דער קליינער קאַנאַפּע, וואָס איז פּונקט אַזוי גרויס ווי איך. אַ קאָלדרע פון ווייכער, פאַרביקער וואָל צירט די קאַנאַפּע. קעגנסט

פילן די וואַרעמע פרויען־הענט אין דער וואַרעמער וואָל. הענט פון צוויי מוטערלעכע פרויען, וואָס האָבן זי געשטריקט. דאָס צימער איז קליין. עס שמעקט מיט אַלטוואַרג: מיט ביכער מיט פאַרגעלבטע בלעטער, וועמענס אויטאָרן זיינען מאַרטירער. מיט בילדער פון פרויען, וועמענס גופים זיינען שוין איצט אַש... אַ פרוי שמייכלט עקשנות׳דיק אַרויס פון בילד... געלבע שפיגלען, אין אַלטע ראַמען, דערציילן פון פאַרגאַנגענע דורות, וואָס האָבן זיך אין זיי געשפיגלט. אין ווינקל שטייט אַן אַלטער זייגער. אַן אַלטער, רירענדער, שטומער זייגער, אין שוואַרצן מאַרמאָר איז געפאַסט זיין געלב, כינעזיש־איידל פנים. אין אַ ווײַלע אַרום וועט זיין דריי אַזייגער.

— פונקט דריי! — האָב איך געטראַכט. אַבי מיר האָט זיך געדאַכט אַז עס איז שוין שפעטלעך. גוט וואָס עס איז דריי אַזייגער... אין דרויסן איז געווען פיינער אָקטאָבער־נאָכמיטאָג. די זון האָט רירענד באַרירט די בוימער פון קליינעם גאָרטן. זאַכן האָבן אָנגעהויבן זיך צו באַוועגן אין דער פאַרגייענדיקער זון. בוימער זיינען געשטאַנען מיט זייערע קופערנע, פאַרגליווערטע בלעטער.

איך קוק ווידער אויפן אַלטן זייגער. עס איז פונקט דריי אַזייגער.

— וואָסאַראַ הערלעכער זייגער! — טראַכט איך. — אַ זייגער וואָס יאָגט מיך נישט. אַ זייגער פון די אַלטע דורות און צייטן. ער גייט מיטן ריטם פון אַ פאַרגאַנגענער עפאָכע. ער האָט צייט. עס איז אַלץ נאָך דריי אַזייגער. איך האָב צייט צו ליגן דאָ אויף דער קליינער אָטאָמאַנקע. אַ, ווי די וואָל וואַרעמט. די אומעטיקע פרויען האָבן דערין אַריינגעוועבט זייער לעבן. זייער לעבן וואַרעמט. די זון נייגט זיך טונקעלער צו מעריב־זייט. אַ קאַץ קוקט אַריין דורכן פענצטער. אפשר איז עס אַ מענטש מיטן פנים פון אַ קאַץ. אפשר אַ קלאַון. אַ בוים ציטערט אין ווינט, זאָגט עפעס צו מיר. די שטראַלן רירן אָן די פאַרטרעטן וואָס הענגען דאָ. אויף אַ גליִענדיקער לאַנדשאַפט גייט אויף די זון. עס ווערט פרילינג. הינער לויפן אַרום פאַרן הויז. פיקן אויף קערנדלעך אין שטויב. דער דאַך צינדט זיך אָן מיטן שטרוי. דער הימל צעגייט. די וואָלקנס יאָגן איבערן האָרי־זאָנט. דאָס דאָרף פון דער קינדהייט קומט אָן צו לויפן אויף הינערשע פיס. עס שטעלט זיך אַוועק ביי דיין קאַנאַפע. דאָס היימישע דאָרף גריסט דיך. עס קומט אַרויס פון וואַלד דער אַלט־באַקאַנטער, שוואַרצער הונט. וואָלסט שווערן עס איז ער. ער קוקט אויף דיר מיט פאַרטרערטע אויגן. פון אַן אַנדער בילד קוקט אַרויס אַ מאַן, אַט וועט ער זיך אַוועקשטעלן נעבן דיר און מאָנען זיין לעבן.

מיין בליק לויפט איצט פאַרביי דעם ציפּערבלאַט פונם זייגער. עס איז דריי אַזייגער. דער זייגער איז דאָך הערלעך! — שריי איך אויס צו זיך אַליין. עס איז אַ זייגער אַ חכם. דער זייגער טרייבט מיך נישט מיט די בייטשן פון צייט. איך געניס אַ מאָמענט רו אינ'ם דאָזיקן קליינעם צימער. אויפן שטילן, פּשוטן אינדזל. דער זייגער איז גאָר פון די אַלט־מאָדישע זייגערס. ער לאָזט מיך אָטעמען. ער גייט מיטן ריטם פון אַן אַלטער צייט. מיין טאַטע, דער פאַנטאַסטישער זייגערמאַכער, האָט צווישן אַלע זיינע שווייצאַרישע און פּראַגער זייגערלעך נישט געהאַט אַזאַ גוטן זייגער, וואָס האָט צייט... דער זייגער איז דאָך אַ צדיק הדור... ממש אַ פאַרשטענדיקער מענטש. כמעט אַ סטאָישער חכם. מיין טאַטע וואָלט אַוועק־געגעבן זיין גאַנץ פאַרמעגן כדי צו איינהאַנדלען זיך דעם דאָזיקן פאַר־כישופטן זייגער. ממש ווי יהושע בן נון, וואָס האָט אָפּגעשטעלט די זון אויפן הימל, איז דער דאָזיקער זייגער.

איך האָב אַ רואיקער גענומען לייענען אַ דערציילונג פון אַלפאָנס דאָדע. שפּעטער האָב איך מיט אַ גרינג געמיט געמישט די דינע, געלבע בלעטער פון פּרצ'עס אַ באַנד. מיט פריינטלעכקייט האָבן אַרויסגעשמייכלט צו מיר די כאַראַקטערן פון שלום עליכמ'ס אַן אַלט בוך. איך האָב אַריינגעאָטעמט די בלייכע אַקאַציעס פון סעגאַלאָוויטשעס פּאָעמען. ס'האָבן לייב ניידוס'עס בעז־צוויגן פרילינגדיק געשמעקט פון זיינע צאַרטע פּאָעזיעס. און דער וווּנדערלעכער רחמים־געפיל פון רייזענס לידער־באַנד האָט מיך איינ־געוויגט מיט אַ שטילן ריטם, ווי מענדעלסאָנ'ס מוזיק. און אין אַ צייט אַרום, ווען ווי שוואַרצע פאַרהאַנגען האָבן זיך די פענצטער מיט פלושענער נאַכט פאַרצויגן, האָב איך מיט זשעדנעקייט, כדי אים נישט צו פאַרווונדן מיט מיין פאַרשנדן בליק, אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. און, צו מיין שרעק, דערזען אַז עס איז אויפן בלייכן ציפּערבלאַט פּונקט דריי אַזייגער... פּונקט דריי אַ זייגער — און נישט אויף אַ האָר גערוקט...

ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען אַז דער זייגער גייט נישט. טרערן האָבן אָנגעפילט מיינע אויגן. עס איז דאָך אַ געשטאָרבענער זייגער. מיין גאָט, פאַרוואָס האָב איך באַלד נישט פאַרשטאַנען אַז דער זייגער גייט נישט? פאַרוואָס בין איך געווען בלינד? פאַרוואָס האָב איך זיך נישט צוגעהערט צי עס קלאַפּט זיין דינער האַרץ־אומרו?

אַ טיפער רחמנות האָט מיך באַהערשט צום שטומען זייגער. איך האָב איצט פאַרשטאַנען זיין אומעט. מיך האָט געצויגן צוצוגיין נאָענט צו אים, אים צו טרייסטן, אים צו באַוועגן דעם אומרו מיט מיין אומרו, אים צו געבן לעבן פון זיך אויס, זאָל ער שוין לויפן, זאָל ער שוין באַדיי צונעמען

פון מיר שטיקער לעבעדיקע צייט, זאָל ער מיך טרייבן, ווי אַלע זייגערס אין דער וועלט טרייבן. אַבי ער זאָל לעבן און עקזיסטירן.

איך האָב זיך געשעמט מיט מיין פריערדיקן עגאָאיסטישן געפיל... עס האָט שוין געמוזט זיין זייער שפעט. אַן אומרו האָט מיך ווידער באַהערשט. דער שטענדיקער אומרו פון צייט... פון צייט וואָס עפּנט אויף אַלע לאַנד־שאַפטן און צינדט זיי אָן מיט באַוועגלעכע זון־ליכט. צייט, וואָס וויקלט אויף אַלע עקזיסטענצן ווי די בלעטער פון גרויסע בלומען. צייט וואָס ציט אַרויף די גאָלדענע פאַרהאַנגען איבער אַלע פאַרשטעלונגען...

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 16, 1950.

## אין שניי

אַלט און מיד — גייסטו איבער די פאַרשנייעטע וועגן; די בוימער — ווי קרישטאָלענע לייכטער, ברענען אויף אַלע וועגן פון דיין לעבן. די פייגל זיינען פאַרפרוירן? ניין, זיי לעבן און זיי קלינגען צווישן די צווייגן; שנייאיקע מלאכים טאַנצן אין דער לופט, שפּילן און זינגען דיר יוגענט־לידער; און עס גייט דיר נאָך געטריי פון די ערשטע טעג די זילבערנע געליבטע; פון יעדער קוסט שטעקט זי אַרויס איר גאָלדן פּנים מיט אַ זוניקן שמייכל; זי לאַכט דיר אַנטקעגן פאַרשייט; דו גייסט מיד און געבויגן איבער די פעלדער פון שניי; דיך שלאָגן די געפרוירענע פלעקלעך? דיך פּאַטשן די ווינטן מיט זייערע אייזערנע הענט? דיך נעמען אַרום ברוטאַלע כוואַליעס קעלט? ניין, דו גייסט אויף אַן אנגעצונדענעם שליאַך. די פרוי פון דיין האַרץ גייט דיר נאָך דאָס גאַנצע לעבן. זי זאָגט דיר גאָלדענע רייד. זי רוימט דיר איין פון קינדהייט אָן אַלע דיינע לידער. אין שנייאיקע קליידער גייט זי דיר געטריי נאָך פון די ערשטע שטונדן פון דיין געבורט — ביז צום סוף פון די טעג...

ניו־יאָרק, דעצעמבער 27, 1950.

## יאַנואַר־אימפּרעסיע אויף גרעמערסי פּלייס

דו ביסט דאָ שוין אַ סך מאָל געגאַנגען מיט ווייטיקפולע פיס. דער פאַרנאַכט איז געווען אַזוי ווי דעמאָלט, מיט שטיקלעך אָראַנדזש פון אַ זון־פאַרגאַנג, אויסרינענדיק ווי ליקער פון צעבראָכענע כוסות. דאָ האָט אַ בוים ביים ברעג פון דער גאַס זיך געבויגן פון דער שווערער לאַסט פון לעבן, אַזוי ווי אַ מענטש, ווען שיכרות ברעכט זיינע קניעס. דער גאָרטן איז מיטן אייזערנעם צוים געשלאָסן, אַזוי אַז קיין פרעמדע זאָלן נישט אַריינגיין

און פֿאַרשוועכן, ווי אין אַ טעמפּל, די גרינע רו און די פּאַרגליווערטע שטילקייט. נאָר גייסטער און געשפּענסטער דאַרפֿן נישט קיין אייזערנע שליסלען צום פֿאַרשלאָסענעם טויער. ווי דעמאָלט, ווען דאָס האַרץ האָט געוויינט, זע איך איצט דאָס ליבע, שטיינערנע פּנים פֿון אַ סטאַטוע און מיט מיין גרויס ליבשאַפֿט שמעלץ איך אַרויס טרערן פֿון אירע מאַרמאָרנע אויגן. דו ווילסט דורכגיין די אייזערנע צוים און אַריינגעמען אין דיינע וואַרעמע הענט איר יאָמערדיק פּנים. פֿון אונטער דיינע טריט וויינט אַ פֿאַרוואַלגערטע בלאַט פֿון פֿאַראַיאָרן, מיט איר געלן מאַנדאַרינען־פּנים. פֿון די פֿענצטער פֿון די אַלטע הייזער זעט זיך שוין ליכט, פֿון עלעקטרישע לאָמפּן רייך אָנגעצונדענע. פֿון צייט צו צייט עפֿנט אַ פֿרוי אַ שפּאַרונע און לאָזט ווייזן איר מיד פּנים, מיד פֿון אַ קנאַפּן יאָרהונדערט פֿון לעבן. אירע טעכטער און אירע זין זיינען אַנטלאָפֿן צו מער מאָדערנע אַפּאַרטאַמענטן. אין אַ שטוב זעען זיך די רוקנס פֿון ריזיקע בענדער פֿון אַ גוט־געזאַמעלטער ביבליאָטעק. אַ גיפּסענע מאַסקע פֿון אַ מת שטייט אין אַ ווינקל. אַ זייגער טיקטאַקעוועט. אין אַן אַש־בעכער ליגט בלוי דאָס אַש פֿון אַ ציגאַרעט. אַ הונט דרימלט. אין אַ דיקער ראַם איז פּאַרגליווערט דער בלייכער נאַקעטער אַקסל פֿון אַ דאַמע פֿון ניינצנטן יאָרהונדערט. — —

איך גיי דאָ זיך איילנדיק פֿאַרביי, ווי איך בין אַ סך מאָל דאָ זיך איילנדיק פֿאַרבייגעגאַנגען. נאָר עס רירט מיך מיין אייגענער טרויער, וואָס איך האָב דאָ יעדעס מאָל געלאָזן. מיין טרויער גייט מיר איצט אַנטקעגן ווי אַ היימישער באַקאַנטער. דער ברודיקער שניי דערמאָנט אין דער צייט: עס איז סוף דעצעמבער. אויפֿן הימל גייען וואָלקנס — בלייערנע מאָנסטערס, אָן אַ ציל. די לבנה ציטערט אויף — ווינטערס פֿאַלשער עפּל אויף אַן אייזערנעם בוים.

ניו־יאָרק, דעצעמבער 29, 1950.

## פֿון תהלים

„און אַצינד, איר מלכים, באַטראַכט,
לאָזט אייך לערנען, איר ריכטער פֿון דער ערד.
דינט גאָט מיט מורא,
און שוידערט אין ציטערניש.
אַכפּערט מיט לויטערקייט, כּדי ער זאָל ניט צערענען,
און איר וועט פֿאַרלירן דעם וועג,
אַז זיין כּעס וועט זיך אָנצינדן באַלד;
וואויל איז צו אַלע וואָס שיצן זיך אין אים.“

ווען די מעכטיקע קעניגן פון דער ערד וואָלטן פון צייט צו צייט אַריינגעקוקט אין תהלים, און געלייענט די אויבנציטירטע, און אַנדערע שורות, וואָלטן זיי אַ סך געלערנט. זיי וואָלטן געלערנט, די דאָזיקע שטאָלצע ריכטער פון דער ערד, אַז איבער זיי הערשט אַ גרעסערער און אַ מעכטיקערער ריכטער פון הימל. זיי וואָלטן געלערנט, די פאַרריסענע פּרעזידענטן, הערשער, טיראַנען און דיקטאַטאָרס, אַז זיי אַליין זיינען ליאַלקעס און ליליפּוטן אין די הענט פון גאָט, דעם קעניג איבער אַלע וועלטן. זיי וואָלטן געלערנט נישט צו זיין אַזוי בלוטדורשטיק און מאַכט־גיריק, וואָרים אַ גרעסערער, אַ קאָסמישער הערשער זאָגט צו זיי: דינט צו מיר מיט מורא, און שוידערט מיט ציטערניש! גאָט וואָרנט זיי: אַכפּערט מיט לויטערקייט, כדי ער זאָל נישט צערענען, און איר וועט פאַרלירן דעם וועג, אַז זיין כעס וועט זיך אָנצינדן באַלד!

אַבי איר מיינט אַז איר זענט די סאַמע הערשער איבער דער ערד און איבער אייך איז שוין נישטאָ קיין מאַכט און קיין שטראָף און קיין געוויסן. טוט אויס אייערע שווערע קרוינען און אייערע אייזערנע בגדים. גאָט׳ס פייערדיקער ווינט זאָל אייך באַרירן. קוקט אַריין פון צייט צו צייט אין די גרויסע, אין די מעכטיקע תהלים־בלעטער. עפנט אויף אין דעמערנדיקע, אין פינצטערע שטונדן דעם תנ״ך. לייענט דאָרט וועגן די פילע קעניגן און לענדער וואָס זיינען פון פאַריסענער און טיראַנישער הערשאַפט און זינד געוואָרן צו שטויב. טראַכט אַז איר זענט בלויז באַרופן אויסצופירן אַ שליחות צום גוטן פון די מענטשן און פעלקער — און נישט צו באַגיין פאַרברעכנס און צו פאַרגיסן בלוט. נאָך מער ווי פאַר יעדן שטערבלעכן וואַרט אויף אייך דאָס פייער פון גהינום. אייך וועלן די פלאַמען פאַרצערן דאָס פלייש און דאָס געביין פאַר יעדן טראָפּן בלוט וואָס איר פאַרגיסט, איר משוגענע הערשער פון דער ערד, אייביק הונגעריקע נאָך מאַכט. איר אונמענטשלעכע פאַרברעכער. אַ ווינט רייסט אייך אויס פון די טראָנען, שליידערט צום אָפּגרונט פון די קעפּ אייערע קרוינען, רייסט אַרויס די דינאַסטיעס ווי וואָרצלען פון דער ערד, פליקט אַרויס ווי דערנער אייערע זוימען און פאַרטיליקט ביז צום גרונט אייער וויסט געדעכעניש. קוקט אַריין אין דעם בוך פון ביכער, איר האַרן פון דער ערד, און עס וועט זיך נידערן אייער שטאָלץ און אייערע מאָנומענטאַלע פּאַזעס אַנטקעגן די אמת׳ע מאַיעסטעטישע גרויסקייט פון גאָט וואָס משפּט אייך און וועגט אויף אַן אייזערנער וואָג אייערע בייזע און פינצטערע מעשים. באַטראַכט זיך, איר האַרן, הערשער און קעניגן פון לענדער, פעלקער און מלוכות. עס וואַרט אויף אייך גאָט׳ס פייערדיקער צאָרן — גאָט׳ס אומפאַרמיידלעכע שטראָף!

ניו־יאָרק, יאַנואַר 4, 1951.

# זעקסטער יאַנואַר אין צענטראַל פּאַרק

איך בין היינט אַריינגעגאַנגען אין צענטראַל־פּאַרק. איך האָב זיך גע־פילט זייער שולדיק אין די ערשטע סענסיטיווע מינוטן וואָס איך בין שוין דאָ לאַנג נישט געווען. דורך יעדער בוים און פלאַנץ, דורך יעדן ערדישן מויל, האָט מיר דער פּאַרק געשיינט צו פרעגן:

— פּאָעט, ווו ביסטו געווען ווען ס׳האָבן מיר ווי געטאָן אַלע בוימער־גלידער? ווו ביסטו געווען ווען בייזע ווינטן, שנייען און רעגנס, האָבן מיך געשלאָגן, האָבן מיר שלעכטס געטאָן, האָבן מיין אידיליע צעשטערט?

אויפן טונקעלן און געדרייטן רייט־וועג זיינען צוויי מענטשן שטאָלץ געריטן אויף אַ ווייסן און אויף אַ ברוינעם פערד. אויפן ווייסן פערד — אַ שיינע פרוי מיט אַ רייצענדן קערפּער. אירע פולע, אירע רייפע בריסט האָבן זיך געוויגט צום טאַקט פון די פערדישע קאַפּיטעס. ווי אַן אַמאַזאָנקע האָט זי אויסגעזען. איר שפּיז, לאַנצעט און פּאַנצער — פון זוניקע שטראַלן. און אויפן ברוינעם פערד איז געריטן אַ מאַן, ווי אַן אַמאַליקער פּריץ. ער איז געריטן אין אַ שווייגנדיקער, אַריסטאָקראַטיש־לעגענדאַרער פּאָזע.

נידעריק צו דער ערד זיינען אויף די קניעס געשטאַנען קליינע מיידלעך און זיי האָבן זיך געשפּילט מיט די וועווערקעס. די וועווערקעס האָבן זיך אויפגעהויבן, ווי מענטשן, אויף זייערע קליינע, הינטערשטע פיסלעך. זיי האָבן געגאַפט און האָבן סענסיטיוו געציטערט אין דער לופט. בוימער זיינען געשטאַנען זאַטע און שטומע. קיין שטורם נישט, האָב איך גע־טראַכט, הערשט אין דער נאַטור. בלויז דער מענטש איז רויט פון זיין צאָרן און בלייך פון זיין נערוועזיטעט. בלויז דער מענטש יאָגט זיך ביז צום פאַרניכטן זיך. בלויז דער מענטש גייט דורך זיין לעבן אומרואיק און פול מיט שרעק.

די קלענסטע שטיינדלעך האָבן געלויכטן ווי קליינע זונען. שטיקלעך צעבראָכענע גלאָז, רעפלעקטירנדיק די זון, האָבן זי פאַרבלוטיקט. אַ פּיי־געלע האָט אָנגעהויבן צו זינגען זייער טרויעריק און מאָנאָטאָן.

די גרויסע זון איז פאַרגאַנגען אַזוי ווי אויף אַ רואיקע פלעמישע מאָ־לעריי, מיט דיקער אימפּאַסטאָ אָנגעוואָרפן — דיקע פלאַמען פאַרב. אויפן האָריזאָנט האָבן צוויי אָנגעצונדענע טענצער רואיק געטאַנצט. ער — שלאַנק ווי אַן עטערישער הייליקער, ביז צום הימל שטייגנדיק אין זיין פיזישער הויכקייט און אין זיין פיבער, האָט געטראָגן אין דער הויך מיט אויסערגעוויינלעכער צאַרטקייט אַ פרוי, וואָס איז געווען דין און אַזוי צאַרט ווי לופט, ער האָט זי געטראָגן און געוויגט צום ריטם פון אַ מאָצאַר־טיש־וויכער, ספערישער מוזיק, וואָס איז געגאַנגען פון אָנגעצונדענע, וואָלקנ־דיקע אָרגלען אין דער לופט.

עפּעס אַן אַנגעצונדן פּנים האָט מיט וואַלקנדיקע הענט געמישט די בלעטער פון אַ בוך פון פּאָעמען און האָט פון דאָרטן געלייענט מיט אַ צעבראָכן מויל און מיט גרויסע טרערן אין די פינקלענדע אויגן. אויף די פעלדער זיינען געדיכטע קופּעס גילדערנע בלעטער געלעגן. ס'האָט זיי אַ גאָלדענע האַנט געשאַרט מיט ברוינע גראַבלעס. מלאכים האָבן געקושט די בלעטער מיט פאַרווייַנטע פּנימער און זיי ווייך אַריינגעשאַרט אין זאַמד־ברוינע זעק. געהויקערט, ווי אַ קליינע בלויע וואָראָנע, איז אַן אַלטע פרוי דורך דעם פעלד געגאַנגען און שטיל פאַר זיך געוויינט, דעם קאָפּ בויגנדיק צו דער ערד.

איך האָב זיך געזעצט אויף אַ באַנק און איך האָב געטראַכט פון דעם שטילן, באַשיידענעם מענטשן, וואָס זיין זון האָט מיך אין היינטיקן באַגי־נען אָפּגערופן און צו מיר געבראַכט די איוב־בשורה אַז זיין פאָטער איז נאָך שווערע מאַטערנישן געשטאָרבן. אַ שטילער מענטש, מיט קנאַפּע פּרעטענזיעס, איז אַוועק אין שאָטן פון דער אייביקייט. ער איז געוואָרן איצט גאַנץ און פולקאָם. ווי נאָר באַטראָטן די שוועל פון טויט — איז זיין לעבן און זיינע מעשים געשלאָסן געוואָרן. ער איז איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיינע עלטערן און אורעלטערן. ער געהערט איצט צו אַן אומגעהייערער רייע פון דורות.

מיט אַ שעה פריער, אין בלויען באַגינען, דערוואכנדיק פון שלאָף אויף מיין סאָלדאַטסקן, אייזערנעם בעט, האָב איך וועגן אים געטראַכט, אָט אַזוי ווי ער אַליין וואָלט געקומען מיר אָנזאָגן אין איילעניש זיין טויט. איך האָב באַטראַכט דעם פּאַרק און כ'האָב געפילט אַז דאָס אַלץ האָט אַ שייכות צום איינזאַמען מענטש וואָס ליגט איצט אַליין אין דעם הויז פון טויט, אַרומ־גערינגלט פון אייז, און אַזוי ווי אַ קליין קינד, צום לעצטן מאָל פון קאַלטע מענטשנהענט אַרומגעוואַשן. —

אין די דאָזיקע מחשבות בין איך געגאַנגען אין פּאַרק און נאָר די גרויסע שטילקייט פון דער נאַטור האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון הויך צו יאָמערן אויפן גורל פון'ם מענטש. —

ניו־יאָרק, יאַנואַר 8, 1951.

## עס קושט . .

עס קושט יעדער געליבטע אָפּ אַ שטיק לעבן פון דיר. יעדער פרוי מאַכט דיך קלענער פיזיש. עס רייסט יעדער דאַמע דיר אַרויס אַ שטיק האַרץ. עס פליקט יעדער מיידל דיר אַרויס אַ שטיק געזונט. עס פרעסט יעדער לידי אָפּ אַ פּאָר יאָר פון דיין ביסל שטערבלעכקייט. עס מאַכט יעדער

ראָמאַנס דיר דאַרער און בלאַסער. דיך קאָסט יעדער נאָוועלע אַן אוצר מיט גאָלד. דיך בויגט איין יעדער ליבע, ווי דאָס פייער בויגט איין גאָלד און זילבער. עס פירט דיך יעדער פרילינג נאָענטער צום האַרבסט. יעדער האַרבסט מאַכט שנייאיקער דיינע האָר. יעדער ווינטער דערנענטערט דיך צום פינצטערן גרוב. —

ניו־יאָרק, יאַנואַר 9, 1951.

* * *

דו טראָגסט מיר אַנטקעגן אַ בוקעט מיט אומערדישע בלומען. זייער פלאַם לעשט זיך נישט אויס. זיי שטייגן צום הימל אין אַן אומפאַרלעשבאַרן הונגער נאָך גאָט. איך האָב געזען די בלומען נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן. זיי שפּראָצן ווי בליצן אין אַן אומערדישן גאָרטן. —

* * *

איך דערוועק אייך פון דער לופט. איך בויג זיך צו צו אייער אימאַזש און איך קוש אייער אויסגעטראַכט פּנים. אָ, געליבטע, איך בין אינגאַנצן אייער עקזאַלטירטער ריטער! איך טראַכט אייך אויס, איך ליב אייך העליש און איך לאָז אייך אַוועקגיין פון מיר אַזוי ווי אַ געשטאַלט פון אַ חלום וואָס געזעגנט זיך מיט אונדז...

ניו־יאָרק, יאַנואַר 9, 1951.

## דאָס בילד פון דאַנטע

איך האָב אין גאַס געפונען אַ קליין בילד פון דאַנטע. דער ווינט האָט עס געטריבן ווי אַ רויטע בלאַט. פון דעם פלאַמיקן קלייד בלייכט אַרויס דאָס קאַלטע, פאַרביסענע און פאַרקלעמטע פּנים פון׳ם פּאָעט. דאָס פּנים פון אַ נביא. שטענדיק, ווען איך טו אַ קוק אויפן בילד פון דאַנטע, ברי איך זיך אָפּ די נשמה. איך פאַרשעם זיך. דאָס וואָרט פונם מייסטער איז נישט כדי צו באַזינגען שיינקייט בלויז. עס איז כדי צו באַשטראָפן די טיראַנען. עס איז כדי צו דערמאָנען די פאַרברעכנס פון די פּייניקער. עס איז כדי צו משפּט׳ן און צו פאַראורטיילן הערשער און הענקער.

אין מיין טונקעלן צימער פלאַמט דאָס בילד פונם בלייכן נביא. דער פּאָרטרעט איז אין פייער געמאָלן. ער גייט אַרויס פון דער פינצטערער נאַכט פון מיטלאַלטער — און די ריזיקע זון פון רענעסאַנס באַלייכט זיין גייסט. —

* * *

אַלע אַמוזירן זיך. אַלע פאַרווילן זיך. אַלע לאַכן. צלהכעיס דער פינצ־טערניש פון דער נאַכט וויל מען אַריינטאַנצן אין פרייד. אין ליכט. אומעטום

הערשט פינצטערניש און שרעק. נאָר דער מענטש יאָגט זיך טייוליש נאָך נאָכן פאַנטאָם פון פרייד, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין שמערץ...

* * *

אין דרויסן איז אַזוי קאַלט. דער שטורם הויבט אויף הייזער אין הויך. די נאַכט איז מורא׳דיק. נאָר איך טראָג צו אַ פריינט אַ קליינע מאָלעריי. אין זיין קאַלטער מאַנסאַרדע האָט דער מאָלער עס געמאָלן מיט געפרוירענע פינגער. עס איז געווען אַזוי קאַלט אין זיין ווינקל צימערל, אַז ער האָט באַדאַרפט די פאַרפרוירענע פאַרבן אָנהויכן מיט זיין וואַרעמען אָטעם. ער האָט דעם שטייפן פענדזל געהאַלטן נאָענט צום מויל. ער האָט אין דער פינצטערער קעלט פון זיין לעבן געמאָלן אָט די וואַרעמע לאַנדשאַפט. די זון שיינט דאָ וואַרעם און העל. עס איז אין יעדן ווינקעל פאַראַן טאָנען מיט שוימיקן ליכט. אַ ליכט וואָס האָט געלויכטן אין גן־עדן. וואָס האָט געלויכטן אויף דער ערד אין די ערשטע טעג. און עס באָדט זיך ביים ים די פרוי וואָס ער האָט קיינמאָל נישט באַזעסן. די פרוי וואָס ברענט דורך זיין מאַרך. און דער גרויסער בוים גרינט ווי אין די ערשטע טעג. און בלומען לויכטן אינ׳ם בילד מיט אַ גרויסן פייער. דאָס אַלץ האָט דער מאָלער געמאָלן מיט אַ קראַנק האַרץ. מיט געפרוירענע פינגער. מיט געפרוירענע פאַרבן.

און איצט טראָג איך עס צו אַ פריינט, אַז עס זאָל זיין קאַלט לעבן באַלייכטן. איך וועל עס אויפהענגען אויף אַ קאַלטער וואַנט און די זון וועט אַראָפּלייכטן אין אַ קאַלטער וווינונג און אָנוואַרעמען די הערצער פון די מענטשן.

ניו־יאָרק, 2 פעברואַר, 1951.

# אויף מיינע ליפּן פלאַמט דיין קוש

ס׳איז נאַכט. ס׳האָט גאָט מיט אַ שער
אָפּגעשוירן אַ שטיק הימלישן פלוש.
פון דיין וויִע גלאַנצט אַ טרער.
אויף מיינע ליפּן פלאַמט דיין קוש.

די לבנה פאַרגיסט די ראָם
פון וואָלקנס ווי אַ פאַרבנטאָפּ.
פון דיינע האָר ריינט דער פלאַם.
איך טוליע צום האַרצן דיין קאָפּ.

ס'איז נאַכט. אויף די וואָלקנס שלאָפט
גאָט אין איינזאַמקייט מיד.
פון דיינע בריסטן שמעקט מיט דופט.
פון מיין האַרצן גייט אַ ליד.

אויפן הימלישן קאַנוועז זיך פּאַשן
די שטערן ווי געמאָלטע שאָף.
אין פייער דיינע אויגן כ'וועל וואַשן,
מיט האַרץ־בראַנדזע קילן דיין גוף.

ניו־יאָרק, אַפּריל 2, 1951.

## דער בוים

איך בין אַן איינזאַמער געזעסן אין פּאַרק. פאַר מיר איז אויסגעוואַקסן אַ ריזיקער בוים. איך בין געזעסן אין זיין שאָטן. טרערן האָבן זיך מיר געגאָסן פון די אויגן — אויס מענטשלעכן טרויער. און אַזוי זיצנדיק האָב איך אָנגעהויבן צו באַטראַכטן ווי אַזוי די וואָרצלען פון'ם בוים זיינען איינגעדרייט אין דער ערד. אויף אַ גרויסער דיסטאַנץ אַרום האָבן די וואָרצלען מיט אַזאַ עקשנות זיך איינגעקרעמפּט אין דער ערד. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט וויפיל רוים זיי פאַרנעמען אינעווייניק, אין דער ערד. מיט וועלכן עקשנות'דיקן כוח זיי זיינען אַריינגעטאָן אין זייער גרויסן קאַמף פאַר עקזיסטענץ. בלויז אַ גרויסער קינסטלער, מיט טיפער וויזיע, האָט געקענט באַגרייפן די שיינקייט פון די דאָזיקע וואָרצלען, וואָס האָבן געשיינט ווי צו זיין אָפּגעטיילט פון'ם שטאַם, און זיי האָבן ווי געלעבט זייער אייגן לעבן, יעדער וואָרצל באַזונדער, ציענדיק יניקה פון די טיפענישן פון דער ערד. אָבער די וואָרצלען זיינען נישט געווען אָפּגעזונדערט. זיי זיינען געווען פאַראייניקט צום גאַנצן בוים, זיי האָבן געטראָגן אויף זיך אַן אומגעהייערע לאַסט — די לאַסט פון אַ געוואַלטיקן בוים. ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן באַטראַכטן די וואָרצלען פון'ם בוים, האָב איך העכער אויפגעהויבן מיין בליק. איך האָב באַוואונדערט דעם מעכטיקן שטאַם. די אייזערנע קאָרע. אינגלעך האָבן די קאָרע צעשניטן, אויסגעגראַווירט אותיות, נעמען און דאַטעס. די קאָרע האָט די וווּנדן פאַרצויגן מיט איר אייזערנעם לייב. די אותיות און די גראַווירן זיינען אויסגעמעקט געוואָרן ווי מיט אַ מעקער. דער שטאַם איז געווען אומגעווייינלעך דיק און אַטלעטיש געבויט. ווירדיק צו זיינע אייזערנע, פאַרקרעמפּטע וואָרצלען — די צווייגן פון דעם אונטערערד. בלויז אַזעלכע מעכטיקע וואָרצלען, וואָס ציען יניקה פון דער קילער ערד'ס אינגעווייידן, האָבן געקענט ליפערן

נאָרונג צו אַזאַ מעכטיקן שטאַם. און פון׳ם שטאַם האָבן זיך מיט דער צייט געמומען אַרויסרייסן ווי פון אַ תפיסה מעכטיקע ביימער ווי די זיילן פון גאָלד. צווייגן האָבן גענומען שפּראָצן, צום ערשט קליין און נישטיק, האָבן זיי מיט יעדן זומער אָנגענומען כוח און מוט. דער שטאַם האָט געדולדיק געליפערט צו די קינדער זיינע כוחות, זיין גבורה, וואָס ער האָט געשעפּט פון די וואָרצלען, וועלכע האָבן זייער גבורה געשעפּט פון די טיפענישן פון דער ערד — וועלכע האָט געשעפּט איר גבורה פון די פלאַמען פון דער זון, וועלכע האָט געשעפּט איר גבורה פון האַרצן פון גאָט. די צווייגן האָבן זיך גענומען ציען אין דער הויך, אַזוי הויך, אַז די זון האָט זיי די ערשטע אין באַגינען פאַרגאָסן מיט ליכט. די דאָזיקע בוימער האָבן גענומען אַרויסגעבן אַנדערע צווייגן־בוימער פון זיך. זיי זיינען געוואָרן אַליין צו פעסטע, געזונטע טאַטעס. דער שטאַם האָט געדולדיק געטראָגן די צווייגן, וואָס זיינען געוואָרן צו בוימער. דער שטאַם — דער גרויסער פּאַטריאַרך, דער זיידע, האָט געהאַט נחת פון זיינע קינדער און קינדסקינדער. אַ לעבן האָט אָנגעהויבן צו רוישן און צו טומלען אין זיין מיטן. פייגל אַלערליי האָבן צווישן די צווייגן געזונגען. מלאכים גאָלדענע האָבן דאָרט היימלעך און הייטער פאַרווילט, שפּאַסנדיק און זינגענדיק. און פון די צווייגן אין פרילינג שפּראָצן אַרויס יונגע, גרינע בלעטלעך. דער גאַנצער בוים רוישט און זינגט מיט זיינע בלעטלעך. עס איז זייער ווייט פון די וואָרצלען טיף אונטער דער ערד ביז צו די בלעטלעך אויבן, גאַנץ הויך, אין דער זוניקער לופט. אָבער, זיי האָבן אַ פעסטע און אַ באַשטימטע שייכות. די בלעטער שפּראָצן אַדאַנק דער מיה פון די וואָרצלען. און אפשר טרינקען די בלעטלעך יענע שטאָפן וועלכע זיינען נייטיק פאַר די וואָרצלען און פאַר זיין גאַנצן אָרגאַניזם. דער שטאַם האָט פעסט געבונדן אַלע זיינע צווייגן, וואָס זיינען שוין אַליין אויך גרויסע בוימער. די בוימער ווייסן נישט איינע פון די אַנדערע, ווי ברידער פון איין גרויסן, שטאַרקן טאַטן. אָבער עס איז פאַראַן אין זיי אַ קעגנזייטיקע שייכות. עס איז שווער אַפילו צו באַשטעטיקן דעם געדאַנק: אַז די וואָרצלען, דער שטאַם, די צווייגן, אַלץ אַרבעט געמיינזאַם כדי די צאַרטע בלעטלעך זאָלן שפּראָצן אין דער לופט. אפשר איז גאָר פאַרקערט: די בלעטלעך, די צווייגן, דער שטאַם — אַלץ אַרבעט כדי די וואָרצלען זאָלן לעבן אין דער ערד. גיכער שיינט צו זיין ריכטיק די מחשבה: אַז עס איז פאַראַן אַ טיפע האַרמאָניע צווישן אַלע טיילן פון׳ם בוים, אין וועלכן אַלץ איז געבונדן און קאָאָרדינירט און לעבט. אַ דאַנק דער געמיינזאַמער מיה און זאָרג פון אַלע זיינע טיילן. אַז עס איז פאַראַן אַ געטלעכע צוועקמעסיקייט אין זיין גאַנצער עקזיסטענץ. די יעניקע וועלכע באַטראַכטן בלויז אָפּגע־

ריסענע טיילן פון זיין אַלגעמיינער עקזיסטענץ, מאַכן אַ טעות. מען מוז באַטראַכטן דעם בוים אין גאַנצן. און דעם בוים מוז מען באַטראַכטן נישט ווי אַ צוועק פאַר זיך, נאָר ווי אַ טייל פון אַ גאַנצן וואַלד פון ביימער. און דעם וואַלד מוז מען זען ווי אַ טייל פון אַלע וועלדער פון דער ערד. און אַלע וועלדער פון דער ערד מוז מען באַוווּנדערן ווי אַ דעטייל אין דער וועלט־לאַנדשאַפט. און די וועלט־לאַנדשאַפט מוז מען באַטראַכטן ווי אַ טייל פון גאָט׳ס אומגעהייערן קאָסמישן פּלאַן.

אָט אַזוי האָט זיך מיין בליק, באַוווּנדערנדיק די וואָרצלען פון׳ם בוים, אויסגעברייטערט אין גליקזעליקייט צו באַוווּנדערן די צוועקמעסיקייט פון דער נאַטור, די אומגעהייערע שיינקייט און דעם גרויסן זין פון אַלע זאַכן אין אוניווערס, וועלכע באַשטעטיקן דאָס טיפע רעליגיעזע געפיל אין האַרצן, וועלכע מאַכן זיכער אַז אַ הימלישע השגחה באַהערשט אַלע זאַכן, די קלענסטע ווי די גרעסטע און אַז גאָרנישט איז אַ צופאַל אין דער וועלט־לעכער עקזיסטענץ. —

ניו־יאָרק, 26 יולי, 1951.

## 17 אָקטאָבער 1951 אין צענטראַל־פּאַרק

איך איל זיך שנעל צו פאַרצייכענען אין מיין טאָג־בוך. איך בין גע־ווען אין פּאַרק. דער צענטראַל־פּאַרק איז פאַרגאָסן מיט טאָנען האָניק. פון דיביימער רינט דער האָניק אין שטראָמען גאָלדענע כוואַליעס. אַ פלאַם איז דער פּאַרק. איך בין געגאַנגען אין די האַרבסט־פלאַמען פון פּאַרק, ווי פּליניוס אין לאַווע פון אויסברעכנדיקן ווולקאַן וועזוף. ווי דאַנטע אין די פלאַמען פון גהינום. אויף אַ באַנק האָט זיך געזעצט אַ מיידל. זי האָט אויסגעזען ווי דער האַרבסט: טרויעריק און קראַנק. און די האָר אירע זיינען געווען רויט ווי דאָס פייער פון קופּער־ביימער. זי האָט געלייענט פון אַ קליינעם, גאָלדיקן בוך. איך האָב זיך צוגעזעצט צו דער באַנק. — פון דער ווייטנס האָט זי אויסגעזען צו זיין אַ שיינע. איר פיגור האָט מיך געררייצט. פון דער נאָענט האָב איך געזען איר אומעט: פון לעבן, פון איינזאַמקייט, פון בענקשאַפט נאָך מאַן, פון שווערע און פיינפולע נעכט פון זאָרג און יסורים, איז זי געווען טרוקן און אויסגעצערט. אויף אַ שכנות׳דיקער באַנק זיינען געזעסן דריי יונגע פרויען און צוויי קליינע קינדער האָבן זיך דאַנעבן געשפּילט מיט הינט, מיט וועווערקעס און מיט רויטע בלעטער. אַ יונגע, צאַרטע שול־מיידל איז דורכגעגאַנגען מיט אירע קאַיעטן. כ׳האָב זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פון צו פרעגן איר ווי שפּעט עס איז. „צען מינוט נאָך פיר!״ — האָט זי געזאָגט, קוקנדיק מיט טויזנט טעם אויף איר קליינעם זייגערל אויף דער לינקער, ווייסער

האַנט. אוודאי איז צען מינוט נאָך פיר, וואָס דען? אַזוי האָט דאָך מיר געזאָגט דאָס ליבע מיידל אין דאַזיקן קעניגלעכן טאָג פון דעם 17טן אָק־טאָבער, 1951. און איך גלויב איר, ווייל זי האָט מיך פשוט פאַרכישופט מיט איר יונג־מיידלשער, גאָלדענער דערשיינונג. עס זיינען געזעסן צוויי קליינע מיידלעך אויף אַ בריליאַנטענעם פעלז. זייערע צוויי הינט האָבן געברויעט אין פעלד: אַ ברוינער און אַ שוואַרצער. אַ דריטער הונט איז אַנגעקומען — עס איז געוואָרן אַ שטורם. די צוויי מיידלעך האָבן לוסטיק געלאַכט. זיי זיינען געוואָרן אויפגערעגט פון דער עראָטישער ברויערײ, פון די דריי הינט. אַ נעגער איז אַנגעקומען און האָט מיט געוואָלט אָוועק־געפירט זיין ווייסן הונט. די צוויי מיידלעך זיינען בלייבע, ווי פּרינצעסינס פון וואַן דייק, געזעסן אויפן פעלז און די זון האָט זיי פאַרגילדעט, פאַר־בראַנדזעוועט אין איר בראַנדז. עס איז דורכגעגאַנגען אַ יונגע פּאַרטאָ־ריקאַנערין. זי האָט זיך צורעכט געמאַכט די זאָקן, דערביי אויפהייבנדיק דאָס קלייד איבער אירע גוט־מאָדעלירטע פיס. אַ נעגער האָט געשריגן „מע־מע!” אַזוי ווי אַ קאַזע. אַ משוגענער, אַ נאַרישער נעגער אַזאַ. אין גראָז איז געלעגן אַ פלעשל „טרי סטאַר ברענדי ־ קאַליפאָרניאַ שערי ווײַן”. די שטראַלן פון דער זון האָבן דערפון געזשלאָקעט די טראָפּנס ווײַן וואָס דער שיכור האָט נישט באַוויזן אויסצוזשלאָקן. די זון איז געפאַלן שיכור צום מערב. איך האָב אויפגעהויבן צוויי בלעטלעך: איינס איז געווען פאַר־פלעקט מיט פלאָם פון רויטער פאַרב. דאָס צווייטע איז געווען פאַר־פלעקט מיט טינט, מיט אַ פּורפּורנעם טינט. די צוויי בלעטלעך זיינען געווען צוויי וווּנדערלעך־געמאָלטע לאַנדשאַפטן. אַ מוראַשקע איז ברוין געקראָכן אויף דער ערד. איך האָב זיך דערפרייט מיט איר. זי איז ווי אַן איינזאַמע מאַהיקאַנערין גלייך אַרויפגעקראָכן אויף מיינע פיס. די וועווערקעס האָבן מיך אַרומגערינגלט, איינע איז מיר אַרויפגעשפּרונגען אויף דער פּלייצע און שנעל צוריק אַראָפּגעשפּרונגען. אַ שפּאָס אַזאַ ליב־לעכער! איך האָב געזען אַז זיי אַלע שפּאַסן פון מיר מיט ליבלעכקייט. זיי האָבן פיינעם הומאָר. אַ יונגע שפּאַניערין האָט זיך טיף איינגעבויגן, געמאַכט אַ סעודה אויף איר קלייד, אַ זיסע וועווערקע האָט פריי און זיס געשפּאַנט אויף איר קלייד, זי האָט עס אַרומגענומען. איך האָב שיעור גע־חלשט פון אייפערזוכט. איך האָב געוואָלט זיין אַ קליינע וועווערקע אויף איר פּשוטן, לייוונטענעם קלייד; געגלעט פון אירע קליינע הענט; פון איר פלושענעם מויל געקושט ווערן. זי איז אַזוי געזעסן אויף דער ערד — אַ געשניצטע שטיקל וואַרעמער אַלבאַסטער. אַ שטיקל האַלז איז שטור־מערהייט געלעגן אויף דער ערד; שוואַרץ איז געווען איר קאָרע. אינע־ווייניק האָט עס אָבער געלויכטן קלאָר ווי חלה. אין אַ קליינעם וואַסער־

ריטשקעלע פון נעכטיקן רעגן האָב איך זיך געשפּיגלט. איך האָב זיך נישט דערקענט. איך האָב אַזש מורא געקריגן פאַר׳ן אומהיימלעכן מאַן מיט דער באָרד. נאַכט איז גערונען איצט פון אַלעביימער, איבער אַלע ביימער. פון די אויפגעשניטענע אַרטעריעס פון דער זון איז גערונען דאָס גאָלדענע ליכט פון טאָג, ווי וויין פון אַ צעשאָסענעם ווײַן־קעלטער, ווי דוד המלכ׳ס וויין. איך בין אַהיימגעקומען מיט צוויי בלעטלעך, וואָס ליגן דאָ אויפן טיש, קליינע מאָלערייען, אַ ברוך־שטיק פון דער קאָלאָ־סאַלער וועלט־מאָלעריי פון האַרבסט דעם 17טן אָקטאָבער אַננאָ דאָמינאָ. איך בין געווען אינגאַנצן רויט פון בראָנדז פון די בוימער און פון גאָלד פון דער זון. עס זיינען פון מיר געפלאָסן און גערונען שטיקער גאָלד און בראָנדז ווי די פלאַמען פון פליניוסעס אָנגעצונדענעם גוף...

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 17, 1951.

# אַ מאָרד

נעכטן ביינאַכט בין איך צוגעגאַנגען צו דעם פאַרפאַלק שיידנפיש. זי, דבורה, איז שוין אין ניינטן חודש. אין אַ וואָך צי צוויי ריכט זיך דבורה אויף איר קינד. זי איז אין זיבעטן הימל. דורכגעגאַנגען אַזוי פיל ליידן אין די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווילן זיי איצט בויען זייער שטילע היים. איך באַוווּנדער ווי די פרויען קענען זיין אָפּטי־מיסטיש. פּונקט ווי זי וואָלט נישט דערוואַרט קיין אָפּעראַציע, קיין קאָמ־פּליקאַציעס, קיין בלוט־פאַרלוסט. וועלכן אומגעהייערן געדולד די נאַטור האָט אַריינגעטאָן אין דער פרוי. מיט וואָסאַראַ געוואַלטיקן כוח זי טראָגט דורך איר עמבריאָן דורך די פיינלעכע ניין חדשים. פרוי! שרייב אָן דיינע איבערלעבענישן. פיר דיין טאָג־בוך. באַשרייב די ווייען אין דיין גוף. ווען פון דיר — נישט פון אדמ׳ען, נאָר פון דיר, חוה, ברעכט זיך אַרויס אַ ניי לעבן, כדי צו גיין זיין וועג אונטער דער זון, דורך וועלדער פיין, דורך אַצעאַנען יסורים, דורך פינצטערער נאַכט פון שרעק און פון צווייפל.

ווען דבורה קומט אַריין אין שטוב, פיל איך די אָנוועזנקייט פון אַ נייעם מענטשן — איר קינד — אַרויסגעוואַקסן פון אומענדלעכע ליידן. די ראַדיאָ, די צייטונגען, די רעדעס פון די שטאַטסלייט, אַלץ איז פול מיט קינפטיקער מלחמה. מיטן פאַרניכטן פון גאַנצע פעלקער. מיטן אויסשטיקן פון דער ערד דאָס לעבן. מיט אַטאָם־באָמבעס וואָס רייסן אויף ווי אַן ערדציטערניש. די פרוי טראָגט געדולדיק אויס איר עמבריאָן אונטערן האַרצן. זי, די אייביקע העלדין פון דער מענטשהייט. דער מאַן פאַרניכטעט די מענטשהייט. די פרוי גיט געבורט צו דער מענטשהייט. —

און אַזוי ווי איך פאַרלאָז דאָס הויז פון די שיידנפישעס, אין דער שפּאַנישער קעגנט, זע איך אַ סך מענטשן פאַרזאַמלט. איך גיי צו נענטער: איך זע אַן אַלטער מענטש ליגט אויף דער ערד אומבאַוועגלעך. אַ טייך בלוט גייט פון אונטער זיין שטומען קערפּער. שטום און שווער ווי אַ שטיין. איך פרעג ביי אַ נעגער: „וואָס איז דאָ געשען?״

— דו זעסט דאָך, — זאָגט ער צו מיר, — אַן אויטאָמאָביל האָט דערהרג׳עט אַ מאַן. און דער אויטאָמאָביל איז אַנטלאָפן.

דער מאַן ליגט צעשלאָגן און צעהרג׳עט אין דער נאַכט. אינמיטן שאָסיי. ערשט האָט ער געלעבט און געגאַנגען זיין וועג אין דער וועלט. ער האָט זיך אפשר געאײלט. גאָט האָט אים געלאָזט לעבן. האָט אים אַן אויטאָמאָביל דערהרג׳עט. צוויי אַמבולאַנס-מענער לעגן דעם הורג אַרויף אויף אַ בעטל. עס איז שווער אים אָפּצורייסן פון דער ערד. ער איז צו־געקלעפּט צו דער ערד מיט זיין בלוט, מיט זיינע פאַרבלוטיקטע מלבושים. מען טראָגט דאָס פאַרבלוטיקטע בינטל ביינער אַריין אין אַמבולאַנס פון „ניקערבאָקער האָספּיטאל״. אָ, ווען דאָס מויל פונם טויטן וואָלט קענען רעדן, וואָלט עס אַזאַ פינצטערן געשריי אַרויסגעלאָזן פון זיינע פאַרבלו־טיקטע ליפּן. פון זיינע פאַרהאַקטע ציין. פון זיין צעבראָכענעם האַלדז. אַזוי שטאַרק וואָלט ער געשריגן און געיאָמערט אַז דאָס געשריי וואָלט געמאַכט אַ לאָך אין אַלע זיבן הימלען.

שטום שטייט דער שטומער עולם. אַן עולם פון פאָרטאָריקאַנער, נע־גערס, שפּאַניער, פיליפּינער און איירישע. פון די שכנות׳דיקע סאַלונען גייען שיכורע געשרייען. עס איז אַ קילער, ווינטיקער אָוונט. אַזוי ווי דער ווינט וואָלט שרייען פאַר׳ן דערהרג׳עטן, אַלטן מאַן. דער אַמבולאַנס פאָרט אַוועק אין דער ריזיקער שטאָט. ווערט פאַרלוירן צווישן די טויזנ־טער אויטאָמאָבילן און לאַסטוועגענער. אויפן שאָסיי בלייבט אַ טייך בלוט פון אַ מאַן וואָס האָט דאָ בלויז געוואָלט פאַרבייגיין. די פּאָליציילייט רעגולירן איצט דעם „טרעפיק״. די אויטאָמאָבילן, די שווער־באַלאָדענע לאַסט-וועגן, זיי פאָרן אַריין אינם געדיכטן, נאָך וואַרעמען טייך בלוט, וואָס צערינט זיך אין אַלע זייטן, אין ריטשקעלעך, אַזוי ווי אין אַ רעגן. אַ בלוטיקער רעגן אַזאַ געפינט זיין וועג צווישן די שטיינער און גריבער פון שאָסיי. דאָס בלוט שמירט איין די גומענע רעדער פון די אויטאָמאָבילן, די רעדער פאַרשמירן די שאָסייען, זיי פאַרבלוטיקן די גאַנצע שטאָט מיטן בלוט פון אַן אומבאַקאַנטן מאַן. קיינעם פעלט נישט איין אויסצושיטן זאַמד צי אַש אויפן בלוטיקן פלעק. מען טוט דאָס ווינטערצייט, ווען עס איז גליטשיק אויפן וועג. אָבער איצט וועט קיינער נישט אויסקערן דעם פאַר־בלוטיקטן שטויב פונם שאָסיי אַראָפּ. יעדער איינער אויטאָמאָביל, לאַסט־

וואַגן, מאַטאָרציקלעט, רייטוועגעלע, פֿאָרט פֿריי אַריין אין אַ מענטשנ׳ס בלוט. הינט שפּאַנען מיט זייערע פֿיר פֿיס אינעם בלוט פֿון מענטש. עמעץ שטופּט אַ פּושקאָרט גלייך אַריין אינעם בלוט. דער פּאָליציימאַן רעגולירט נאָך אַלץ דעם טראַפֿיק, וואָס איז אויף אַ מאָמענט געוועזן געשטערט, אָט צוליב דעם שטומען הורג, דעם אַלטן מאַרטירער, וואָס האָט זיך דאָ אַוועקגעלעגט אויסצובלוטיקן זיין אָרעם לעבן אינמיטן דעם שאָסיי פֿון ניו־יאָרק. דער עולם צעגייט זיך ביסלעכוויז, איינטרעטנדיק אויך אינעם בלוט. נאָר איך פֿיל עפּעס נאָס אין מיינע שיך. מיר דאַכט אַז איך מאַך פֿלעקן פֿון בלוט אויפֿן טראָטואַר. צען בלאָק וויטער, צוואַנציק בלאָק וויטער, פֿיל איך אַלץ ווי איך וואָלט טרעטן אין בלוט. וואָס איז דער וווּנדער? די אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן דאָ זיך איינגעשמירט אין בלוט, זיינען שוין איצט אין ברוקלין, אין זשאַמייקאַ, אין די בראָנקס, אין קווינס. זיי פֿאַרבלוטיקן די שטיינער, די ברוקן, די שאָסייען, זיי מאַכן די שטאָט און די פֿאָרשטעט נאָס פֿון בלוט פֿון עמעצנס צעבראָכענעם מוח און אַרויסגע־רונענעם מאַרך און לעבן.

אָט אַזוי האָט זיך היינט אויסגעלאָשן, זיך ברוטאַל פֿאַרענדיקט דאָס לעבן פֿון אַ מאַן אין זונטיק פֿון דעם 21טן אָקטאָבער, 1951, אַרום אַכט אַזייגער אין דער נאַכט, אויף קאָלומבוס עוועניו און 104טע סטריט. דאָס לעבן האָט זיך אויסגעלאָשן פֿון אַ מאַן וואָס איך האָב אפשר געזען מיט אַ טאָג צוריק זיך שיכורערהייט דאָ אַרומדרייען און רעדן צו די ווענט. אָדער גאָר איז ער אַ סאָלידער, שטילער פֿאָטער פֿון קינדער, און ערגעץ־ווו אין אַ טענעמענט־הויז שפּאַנט אויף די טרעפּ אַ פּאָליציימאַן און ער זוכט עפּעס אַ פֿינצטערע טיר, כדי אָנצוזאָגן צו אַ פֿרוי און צו די קינ־דער די פֿינסטערע איוב־בשורה. און די קינדער יאָמערן איצט ערגעץ אין אַ ווינקעל פֿון ניו־יאָרק׳ס ים פֿון הייזער נאָך זייער דערהרג׳עטן טאַטן — — —

איך גיי אין דער נאַכט אַן איינזאַמער. די וואָלקנס אויפֿן הימל מישן זיך אין אַ פֿינצטערן כאַאָס. די לבנה — אַ פֿאַרבלוטיקט אויג פֿון אַ מכשפֿה, קוקט אַראָפּ צום פּלאַנעט ערד. ניין. דאָס איז דאָך די לבנה׳שע מאַסקע, וואָס קינדער האָבן אַזוי ליב. אויפֿן גאַס איז נאָך אָפֿן אַ געוועלבל מיט שפּילצייג פֿאַר קינדער. די שטוב פֿון די שיידנפֿישעס גייט אויף: דבורה׳ס ליבער, שמייכלענדער פּנים, אין יום־טוב פֿון איר נאָענטן גע־בערן צעלויכטן. און, ווען איך קום אַהיים, מיט נאַסע שיך, שווער ווי בליי, און איך פֿאַל צו אַ טויט־מידער צום אייזערנעם געלעגער, זע איך פּלוצלינג ערגעץ ווו אין ניו־יאָרק אַ צעלויכטענע שטוב; פֿרוי און קינ־דער און דער ערשט־אַריינגעקומענער מאַן זיצן ביים טעלעוויזיע־עקראַן.

וויפיל זיסקייט, וואַרעמקייט און אידיליע גייט פונ׳ם עקראַן. אַ זיסע שטימע גייט פון אַ פרוי׳ס שיינעם האַלדז. עס איז אַזוי אנגענעם צו קוקן אויף דער שלאַנקער זינגערין. אָבער וואָס זיצט דער מאַן אַזוי נערוועז ביים טעלעוויזיע? ער האָט דאָך ערשט געטויטעט אַ מאַן אין גאַס. עס איז געווען שרעקלעך צו הערן דעם לעצטן קוויטש פון אַן אַלטן מאַנ׳ס האַרצן. ער איז אים אַריבערגעפאָרן, האָט אים צעבראָכן דעם רוקנביין, האָט אים געלאָזן ליגן אַ פאַרבלוטיקטן, ער איז ווייטער געפאָרן אין אַנגסט די פּאָליציי זאָל אים נישט נאָכיאָגן, ער האָט דורכגעיאָגט עטלעכע „רויטע ליכט״, עס איז אים „געלונגען״ פון דעם פינצטערן מאָרד אין דער פינצטע־רער נאַכט צו אַנטלויפן. נאָר דער טויטער מאַן מאָנט גערעכטיקייט. ער ברעכט זיך אַדורך די ווענט. אַן אַלטער, שטומער מאַן, אין בלאָטע גע־בליבן ליגן, קלאַפּט אין דער טיר, קלאַפּט שווידערלעך אין אַלע ווענט מיט זיין טויטן קאָפּ.

— וואָס ביסטו אַזוי נערוועז, דזשאָרדזש? — פרעגט די שיינע פרוי.

— גאָרנישט, עמילי. עס איז היינט גאָרנישט געשען. נאָר איך בין אַזוי מיד, אַזוי שרעקלעך מיד...

און אין די ווענט קלאַפּט אַלץ דער אַלטער מאַן מיט זיינע פאַרבלוטיק־טע הענט. און איבערן לאַנד לויפן די אויטאָמאָבילן און די לאַסט־וועג־גענער מיט פאַרבלוטיקטע רעדער. זיי פאַרבן אויס דאָס לאַנד מיטן בלוט פון אַן אַלטן מאַן. נישט גרין וועט פון איצט אָן דער פּלאַנעט לויכטן אין אוניווערס. אַסטראָנאָמען אויף אַנדערע פּלאַנעטן וועלן זען ווי די ערד האָט באַקומען אַ נייעם, אַ מורא׳דיקן קאָליר: רויט. זי פלאַמט אין דער פינצטערניש פון רוים מיט איר בלוטיקער פאַרב... זי גייט אַרום אין איר אָרביטע אַרום דער זון — אַ פאַרגאָסענע מיט בלוטיקע וואָלקנבראָכן פון דער מענטשהייט אין אַ וויסטער, אַטאָמישער מלחמה...

ניו־יאָרק, 29 אָקטאָבער, 1951.

## דער פּאָעט אין פּאַרק

איך בין היינט געווען אויף אַ מאָמענט אין פּאַרק. עס איז געווען אַזאַ טיפע מעלאַנכאָליע אין דער לופט. די צווייגן פון די בוימער האָבן זיך טונקעל אָפּגעצייכנט אויפן בלוי־ווערנדיקן אָוונט. צוויי טשעכאָוו־דאַמען האָבן גערעדט רוסיש צווישן זיך, האָבן געהוסט און זיינען איינזאַמע גע־זעסן אויף אַ גרינע באַנק, אין דער אַלייע. אין דער ווייטקייט, אויפן רייטער־וועג, איז אַ טונקעל־ברוינער פערד לאַנגזאַם געגאַנגען מיט זיין ווייבלעכן רייטער. די פרוי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ רויטן לייבל,

די רויטע האָר ברייט איבער אירע דינע שולטערן צעוואָרפן. איך בין געזעסן אין טרויער פאַרזונקען און איך האָב געטראַכט, קוקנדיק אויף די אַנגעצונדענע פענצטער פון די ריזיקע הייזער אויף צענטראַל־פּאַרק:

— ווי ציטער איך מאָדנע ביים איינזאַפּן אין זיך די דאָזיקע טויט־לעכע מעלאַנכאָליע. ווי זינק איך אין טיפן טרויער שמייכלענדיק. ווי האָב איך הנאה פון מיין שמערץ. ווי איז מיר זיס די דאָזיקע ביטערניש פון מעלאַנכאָליע. ווי בין איך דאַנקבאַר וואָס איך בין אַ פּאָעט און איך באַנעם די וועלט פּאָעטיש. ווי האָב איך ליב צו דערגיין צום סאַמע שורש פון דער וועלט. דער פּאָעט באַגרייפט די וועלט אין איר עסענץ. די מערסטע מענטשן אַמוזירן זיך מיט ביזנעס, מיט תאווה׳ס, מיט געלט מאַכן, מיט גאָלדענע מינצן. די מערסטע מענטשן פאַרנעמען זיך מיט אילוזיעס. דער פּאָעט דער ראָמאַנטיקער איז דער אמת׳ער רעאַליסט. ער באַגרייפט די וועלט אין איר עלעמענטאַרן עסענץ. אין איר קאָסמישקייט. ער באַ־גריפט די וועלט אין איר געוואַלטיקן געטלעכן רעאַליזם. ער נייטיקט זיך נישט אין קיין סובסטיטוטן. די וועלט אַליין איז זיין גרויסע פרייד און זיין טיפער שמערץ.

איך האָב געקושט די געטין פון מעלאַנכאָליע אין איר בלויען פּנים...

ניו־יאָרק, 11 דעצעמבער, 1951.

## מוטער און קינד

די שענסטע סקולפּטור איז נאָך אַלץ „מוטער און קינד״. פון שווערן שטיין געהאַמערט — די מוטער לויטער איינהערונג, איינטוליעניש, איינ־שטראַלונג, איינהאַרכעניש אינ׳ם שטיקל קינד נעבן איר ברוסט. דו גייסט דורך רייכע גאַלעריעס, מוזעאומס, ערמיטאַזשן — פון אַלערליי מענטש־לעכע צושטאַנדן, סיטואַציעס, פּאָזעס, עמאָציעס און קאָנפליקטן. עס איז גרויס און מעכטיק געמאָלן, געזונגען, געפאַרמט און געמייסטערט. נאָר פלוצלינג בלייבסטו שטיין פאַר אַ מוטער און קינד — עס איז אומבאַ־שרייבלעך דיין געפיל. עס איז נישט צום פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר: מוטער ווערט לויטער ליבשאַפט צום וועזן וואָס רייסט זיך אָפּ פון איר. און דאָס געפיל איז אַזוי עמאָציאָנעל און פּרימיטיוו, אַז אויך חיה׳שע מוטער און קינד רירן דיך ביז טרערן. נישט דווקא מענטשלעכע מוטער — נאָר מוטערלעכקייט בכלל, וואָס גיט געבורט צום לעבן. און דו ווייסט אַז דאָס איז דער העכסטער אמת: געבן געבורט צום לעבן. עס איז דער סאַמע פּרימיטיווסטער אַקט: אָפּרייסן פון זיך אַ שטיק לעבן און עס שליידערן אויפן עליפּטישן שטורם־ווינט פון לעבן. עס אַריינוואַרפן צו

די דורות. עס שלײדערן צום אומגעהײערן לעבן אויף דער ערד, אין דער צוקונפט אַרײן.

ציניקער, חכמים, װײזע לײט, איראָניקער, אַלע בלײבן זײ שטומערהײט שטײן פאַר דער סטאַטוע: מוטער און קינד. קײן װערטער זײנען דאָ נישט נײטיק. ראַציאָנעלע קריטיק — איבעריק. צװײ לעבעדיקע מאַסן באַרירן זיך אין אַ געפיל װאָס איז געטלעך. עס קומט דאָ גאָרנישט פאָר. נאָר די נשמה װערט עלעקטריזירט בײם אָנבליק; בײם ערלעכסטן מענטשנ־ציטער: אַ מוטער אומאָרעמט איר קינד. קלײן איז די װעלט־געשיכטע מיט אירע קעניגן, העלדן און מלחמות אַנטקעגן דעם דאָזיקן אמת. גיגאַנטיש איז דער דאָזיקער אמת און נישטיק װערן הערשער, קעניגן, דיפּלאָמאַטן און דעמאַגאָגן. דאָ שטראַלט עס מיט גאָט׳ס געװאַלטיקן אמת. אַלע מענטשלעכע דורות גײען דאָ לעבעדיקע אויף. יעדער אײנציקער מענטש זיצט דאָ נאַקעט אין די אָרעמס פון דער מוטער. אין די שטײנערנע אָרעמס פון דער חיה׳שער, שטײנערנער מוטער. אויף איר פּנים ציטערט נאָך דער שמײכל פון דער געליבטער. אָבער דאָס איז לאַנג צוריק געװעזן. ערנסט װי אַ חיה איז איצט דאָס פּנים. אין מעכטיקן באַשוץ איז איר גוף אויסגעבויגן, אַז קײן שטורם זאָל נישט אָנרירן דעם קינד. זי בויגט זיך אַריבער אים װי אַ שטראַלנדיקער זײל פון ליבשאַפט. זי איז אײזנשטאַרק. זי איז אַ פּאַנצער פון קופּער. אַ שילד פון אײזן. זי איז די מלחמה קעגן מלחמה. זי איז דאָס גאָלד פון העלדישקײט. די גרעסטע, די טיפסטע העלדישקײט.

האָט די זון, געבנדיק געבורט צו די פּלאַנעטן, מיט אַזאַ מוטערלעכע ליבשאַפט זיך איבער אירע פּלאַמענקינדער געבויגן? די דאָזיקע סקולפּטור קען נאָר פאַרגליכן װערן צו דער זון װאָס גיט ליכט צו אירע קינדער. װאָס שטראַלט אויס פון זיך ימים מיט פײער און ליבשאַפט צו די פּלאַנעטן. אין קאָסמישן מוזעאום שטײט אַן אָפּבילד פון דער דאָזיקער סקולפּטור: די זון און אירע פּלאַנעטן. און צושויערס זײנען אויך שטערבלעכע: די שטערן װאָס זײנען לויטער פײערדיקע אויגן...

נױ־יאָרק, יאַנואַר 17, 1952.

## זון־אונטערגאַנג אין צענטראַל פּאַרק

דאָס ליכט פון דער אונטערגײענדיקער זון האָט װאַרעם באַרירט אַלע זאַכן, זײ גיבנדיק אַ מיסטעריעזן און הימלישן אַספּעקט. װילד האָבן זיך געדרײט אין קרײזן איבער מיר פײגל, מיט פײער אין די פליגלען, בילדנ־דיק אַרום מײן אָנגעצונדענעם קאָפּ לעבעדיקע אָרעאָלן פון גאָלד. צװישן די בראָנדז־צעברעקלטע װאָלקנס האָבן אומגעהײערע מאַסן שקלאַפּן גע־

שטופּט אייזערנע, פֿאַרזשאַווערטע רייטוועגן. אַ ברענענדיקער בית־המקדש איז אויפֿגעגאַנגען אין פֿלאַקערנדיקע קאָלומנען. שטיקער קעניגלעכע פֿאָרטרעטן האָבן אַרויסגעלויכטן — אָפּגעזענקטע, אָפּגעבערענטע, מיט צעריסענע גלידער פֿון הערלעכע נוד־פֿיגורן. הייליקע האָבן געקלאָגט. איך האָב געזען דאָס פּנים פֿון גאָט צווישן די לויכטנדע רואינען. די בוימער האָבן זיך געצונדן ווי גאָלדענע מנורות. שטיקער העלער, גלייכגילטיקער הימל האָט אויפֿגעשטראַלט. עמעץ האָט אַרויסגעשטעקט אַ פֿלאַקערנדיקע האַנט פֿון אַ באַרג מצבות. פֿון רוים איז געגאַנגען אַן אָנגעצונדענער רייטער אין אַ פּאַנצער גלייך אויף דער וועלט. אויף אַ קליינער בריק זיינען טרויעריקע געגאַנגען זיבן פֿרויען. איבער זיי האָט זיך דערהויבן אַ צווייטע בריק און אַ טרויעריקע פּראָצעסיע איז געגאַנגען איבער איר. איך האָב אָפּגעציילט מער ווי אַ צענדליק בריקן איינע איבער די אַנדערע און איבער אַלע האָבן געצויגן אומעטיקע פּראָצעסיעס פֿון טרויעריקע זעעלן מיט אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט. גאָלדענע זעעלן האָבן געצויגן ווייט אַריבער די בריקן, איבער פּייכטע, גרינע פֿעלדער. עלטערן האָבן מיט טרערן אין די אויגן געפֿירט קינדער ביי די הענט. די בריקן זיינען אַריינגעשווומען אין די וואָלקנס. אויפֿן רייטער־וועג אין פּאַרק זיינען געריטן אַמאַזאָנקעס, באַוועגנדיק צום ריטם פֿון די ווילד־שוועבנדיקע פֿערד זייערע בריסט. די פֿערד האָבן באַפֿליגלטע געברענט. די פֿרויען אויף די פֿערד זיינען געווען שענער ווי פּאָעזיע. אויף אַ בערגל האָבן זיך באַקעגנט צוויי רייטער. ער בויגט זיך איין איבער איר און האַלדזט זי צערטלעך. זי בויגט זיך צו צו אים און קושט אים אין די ליפּן... זי איז אינגאַנצן אָנגעטאָן אין אַ בלויען קלייד, ווי אין אַ שטיק פֿאַרנאַכטיקן הימל. ער איז אָנגעטאָן אין גרינס. ביידענס פֿערד, אַ ווייס און אַ געלס, וואַרטן געדולדיק ביז זייער דאַמע און הער וועלן זיך אָפּקושן און אָפּהאַלדזן. אפֿשר ווייסן די פֿערד פֿון דער הייליקייט פֿון דעם מאָמענט...

פֿון די פֿעלזן האָבן אויפֿגעשטראַלט מענטשלעכע פּנימער. פּנימער פֿון פֿעלקער וואָס זיינען דאָ פֿאַרטיליקט געוואָרן מיט טויזנטער יאָרן צוריק. די ביימער האָבן זיך נערוועזע געדרייט אין ווינט. פֿאָליציימענער זיינען אַרומגעריטן אין מוזעאַלע קאָסטיומען. ערגעץ אין אַ פּראָצעסיע פֿון מיטלאַלטער האָב איך געזען די דאָזיקע פֿאַרביקע קאָסטיומען. אַ אינגעל איז געגאַנגען אין לויטער גאָלד געדעקט. פֿון די היילן זיינען אַרויס פֿייערדיקע שלאַנגען. אויף אַ דאַך האָט געשפּראָצט אַ וואַזאָן אין יאַנואַר. זיינע בלומען זיינען געווען בונטע פֿלאַמען. שטיקער לעבעדיקע פֿאַרב. אַן אייזערנער באַלקאָן האָט זיך אין דער זון צעשמאָלצן און אַן אַלבום מיט געלע בילדער איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון פֿענצטער. אויף די גאַסן אַרום

צענטראַל פּאַרק זיינען די טראָטואַרן געווען פּאַריסעוועט מיט וואַסער־קאַלירן פון קינדערשע וואַסער־פאַרבן. אַ קליין קינד גייט צווישן ביימער אַליין. עס איז געווען גרין געקליידעט. עס האָט געלויכטן צווישן די ביימער ווי אַ נס. די עלטערן פונם קינד זיינען געווען ערגעץ אויף אַ באַל. דעם קינד זיינען נאָכגעגאַנגען דריי גאָלדיק־באַפליגלטע מלאכים מיט דריי מעשענע, אַלטמאָדישע פּיסטאָלעטן... אַ רייטער אָן אַ קאָפּ איז געריטן אויף אַ טייוולישן, אַראַבישן פערד. אַ מאַלער מיט לאַנגע, ווילדע האָר איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון פּאַרק, און לאַנגזאַם געמאָלן. פון די נאַסע פענדזלען זיינען גערונען געדיכטע פאַרבן אויפן גראָז. פּלוצלינג איז פון דעם געלן גראָז געוואָרן אַ געלע הארבסטיקע לאַנדשאַפט. פּלוצלינג איז דעם מאָלער׳ס גוף נישט געוואָרן. נאָר עמעץ האָט מיט שוואַרצע, נעגערישע הענט באַוועגט גרויסע באַרשטן איבער ברייטע שטרעקעס און געפאַרבט ביימער, פעלזן און לאַנדשאַפטן. איך האָב געפילט די עקזיסטענץ פון פילע פלענער, מאַפּעס און בריקן. איך האָב געהערט פון דער אַרומיקער שטאָט דאָס געשריי פון לעבן ווי אַ מעכטיקע סימפאָניע. איך בין געווען סענסיטיוו צו גאָר דעם כישופדיקן טומל פון דער שטאָט. צום הייליקן גערויש פון לעבן. איך בין געשטאַנען אין פּאַרק ווי אין אַ טיפן זאַק פון שטילקייט און כ׳האָב פאַרנומען די קרעכצן פון אַלע שטאַרבנדיקע און די געשרייען פון אַלע ניי־געבוירענע, וואָס האָבן זיך געהערט פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן עק וועלט.

כ׳האָב געהערט ווי מלאכים שפּילן אויס די שטילקייט אויף זייערע איידעלע פידלען און וויאָלאָנטשעלן. אַ גרופּע כלי־זמרים מיט לאַנגע בערד האָבן אויף זייערע היימישע אינסטרומענטן אויסגעשפּילט קלאָגענדע חתונה־מעלאָדיען. צווישן זיי איז געשטאַנען אידל מיטן פידל — די פידל ווי אַ שטיק פייער, און שמערל מיטן באַס — די באַס ווי די זון. פון ערגעץ אַ טונעל איז אַרויסגעגאַנגען אַ בלאָנדע פרוי מיט בלאָנדע, זיידענע האָר, מיט אַ בלאָנדע פידל. אירע בלאָנדע אויגן האָבן געשפּריצט געלן שניי פון שטילקייט. זי איז געגאַנגען און געגאַנגען מיט די טריט פון טיפער שטילקייט און האָט אַלע שטורעמס איינגעזויגן אין זיך ווי אַ שוואָם. זי האָט שטיל געשפּילט און איבער דער וועלט פאַרהילט אַ וואַל פון כישופ׳דיקער רו. זי האָט צוגעמאַכט מיט אירע ווייסע הענט די בלויע אויגן פון דער וועלט. אין די בלויע דעמערשלייערן פון צופאַלנדיקן אָוונט איז די פרוי צעשווומען, ווי אַן אימאַזש. זי איז אַריין אין געדיכטן וואַלד פון אָוונט־דעמער. ס׳האָבן אַ מיליאָן קנעכט פאַרגראָבן ערגעץ־ווו אינמיטן וואַלד די זון. כ׳האָב געזען ווי זיי שליידערן מיט די רידלען די ליימיקע ערד פון אַ טיפן גרוב און די זון וויינט יעמערלעך איידער זי לעגט

זיך אין דעם טיפן גרוב. און אויך די מיליאָנען שקלאַפן האַלטן צוגע־דעקט די פּנימער מיט זייערע הענט און וויינען ווי קליינע קינדער. די לבנה האָט פּאַסטעליש־בלוי אויפגעציטערט אויפן הימל ווי אין אַ צאַר־טער מאָלעריי. די לבנה האָט געהאַט דאָס פּנים פון דעם קינד אין גרין וואָס האָט צווישן די ביימער מערכעַנהאַפט געבלאָנדזשעט. איילנדיק זיך האָט אַ געשפּענסט געהאַלטן אין זיינע ציטערנדיקע הענט אַ גרויסן כוס מיט וויין און אויסגעטרונקען פאַרן געזונט פון די פּאַרליבטע וואָס האָבן אַרויסשפּאַצירט אין פּאַרק אַריין צו גרינע ביימער. איך האָב געהערט אַן עכאָ פון ווייטע רייטערישע טריט. אַ געהיימע אַרמיי האָט ערגעץ אין די דיסטאַנצן פון רוים מאַרשירט. איך האָב פּלוצלינג דערזען לויכטן ווי די זון דאָס פּנים פון זייער פעלדמאַרשאַל. איך האָב עס דערקענט לויט זיין טיפער מעלאַנכאָליע און לויטן צייכן פון פריען טויט אין זיינע פיבערנ־דיקע אויגן: דאָס איז געווען אַלעקסאַנדער מוקדון. דאָס פערד אונטער אים האָט מענטשלעך געוויינט אויפן גורל פון זיין רייטער...

איך האָב דערהערט די מוזיק פון דער אייביקייט. איך בין געווען דורכזיכטיק ווי קרישטאל. כ׳האָב דורך מיר ווי דורך אַ טעלעסקאָפּ געזען צען טויזנט יאָר שפּעטער — פאַרויס מיט טויזנט דורות דראַמע און היסטאָריע. כ׳בין געווען לויטער עלעקטריש אויג און אויער צו אַ געוואַל־טיקער רעאַליטעט אין אַ וועלט וואָס איז נישט נאָר ערדיש און וואָס נעמט אַרום אומענדלעכע פּלאַנעטן אינם זון־סיסטעם. איך בין געווען אַזוי איידל אַז כ׳האָב פאַרנומען די עקזיסטענץ פון אַלע זאַכן וואָס זיינען געווען און וועלן זיין. איך בין געווען מיין אייגענער טייוול וואָס דעקט אָפּ פאַר מיר אַליין די געטלעכע עסענץ און רעאַליטעט פון גאָר דער מיסטעריע — נישט נאָר אונטער דער זון, נאָר נאָך העכער איבער אַלע זונען, ווייט אַריבער דעם וויסן פון קהלת און פון פאַוסט. ס׳האָט גאָט אַרויסגעשמייכלט צו מיר מיט אַ שמייכל וואָס איז געווען גרעסער ווי דער אַטלאַנטיק. כ׳האָב דערקענט גאָט פון די פלאַמענדע זעאונגען פון ישעיהו, ירמיהו און יחזקאל. איך בין געווען דעמאָלט אין זייערע הערצער ווען זיי האָבן די פלאַם־וויזיעס פאַרנומען. כ׳האָב דערקענט גאָט פון דער צייט נאָך ווען ער האָט איינזאַם אַליין אין אוניווערס אַרויסגערופן די ליכטיקייט פון דער פינצ־טערניש מיטן מעכטיקן כוח פון מענטשלעכן וואָרט און ער האָט אויס־געקנאָטן מיט זיינע אייגענע הענט דעם מענטש אין ליים, אַריינבלאָזנדיק לעבן אין זיין נפש און געבנדיק אים געלעכטער און געוויין און דעם גרויסן דונער־קרעכץ אין האַרצן.

כ׳האָב אָנגערירט אין דאָזיקן זונענאונטערגאַנג מיט דינע זילבערהענט די גאָלדענע קרוין פונ׳ם באַשעפער פון אַלע עקזיסטענצן. כ׳בין געווען

ווי אַ שפּינדל אינמיטן דעם ווירבלווינט פון אַלע לעבנס. און איך האָב זיך צעגאָסן אין אַ טייך פון טרערן דאַנקענדיק דעם אַלמעכטיקן פאַר מיין איבערלעבניש.

ניו־יאָרק, 20 יאַנואַר, 1952.

## דער שניי פון 2טן מערץ, 1952

איך בין היינט געווען אין פּאַרק. עס איז אפשר דער לעצטער שניי פון היינטיקן ווינטער. די קינדער שטעלן אויף פעסטונגען פון שניי. די זון מיט איר פּייער־וואָפן נעמט שנעל איין די קליינע פעסטונגען. צוויי שניי־פיגורן שטייען שטומע און איינזאַמע ביי אַ בוים. קינדער האָבן זיי אויפגעשטעלט קרומע און גולם׳וואַטע. ערד איז אין זייערע אויגן. גרינע גראָז מיט ערד אויף זייערע צעקלאַפּטע קעפּ. ליידיקע פלעשער מיט „קאָקאַ־קאָלאַ״ שטעקן אין זייערע צעבויגענע שניי־הענט. די דאָזיקע צוויי מענטשן פון שניי דאַרפן עס זיין, לויט דער קינדערשער פאַנטאַזיע, גע־פּערלעכע שיכורים. פּיאַקעס. וויין־זויפערס. ליקער־טרינקערס. איינזאַמע צוויי שנייאיקע טרינקערס. זיי שמעלצן זיך אין שניי. טרערן רינען וואַסערדיק פון זייערע ערדיקע אויגן. אַ ביסל וויטער שטייען דריי שניי־פיגורן אין נוד. דריי דינע, צאַרטע טענצערינס. קוים זיי אָטעמען, די שטילע, צערפּולע באַלערינאַס. קוים זיי שטייען אויף זייערע דינע שפּיץ־פינגער. קוים אויפגעטאַנצט אַ שניי־באַלעט דעם צווייטן מערץ־טאָג, שמעלצן זיי זיך שוין אין אַגאָניע. איך האָב רחמנות אויף די דריי זילבערנע טענ־צערינס...

ווי אומבאַהאָלפן די אַלע פיגורן זיינען, טראָגן זיי שוין אין זיך דעם טרויער פון מענטש. פון דעם שנייאיקן באַלעט פון די דינע מיידלעך גייט מיט ריטם און מיט פּאָעזיע. פון די צוויי קרומע, שווערע שיכורים רינט מיט טרויער און אומעט. מאַכסטו נאָר אַ שטומען מענטשנפּנים, ווערט עס שוין פאַרוואַנדלט צו מענטשלעכן שמערץ... אַזאַ אייגנשאַפט האָט דאָס מענטשלעכע פּנים. צוויי אויגן, אַ נאָז, אַ קרום מויל, אַ צעקלאַפּטער שטערן — און דער מענטש שטראַלט אַרויס מיט זיין טיפן וויטיק... אויף אַ בוים שטייען זעקס טרויעריקע טויבן. זיי קוקן אין דער וויים־קייט. זיי שווייגן שטומע. ווען זיי וואָלטן אימשטאַנד זיין צו רעדן, וואָס וואָלטן זיי מיר געקענט זאָגן וועגן דער וועלט? מיר דאַכט: זייער פינצטער, שטיינערדיק שווייגן רעדט מער ווי ווערטער. זיי פרעגן, שיינט מיר: פאַרוואָס ליידט דאָס לעבעדיקע באַשעפעניש אַזוי פיל איידער עס שטאַרבט?

איך גיי שווער און איינזאַם אין פאַרשנייעטן פּאַרק. דער שניי איז ברודיק. דער ווינטער געזעגנט זיך מיט יעדער בערגל שניי. עפּעס צאַרטעס טויכט אויף אין דער לופט. דאָס שיקט דער פרילינג פאָרויס דינע, צאַרטע פּרויען, אומגעזעענע, גייסטערהאַפטע. זיי נעמען אַרום די ביימער און דריקן זיי צו זייערע צאַרטע בריסט. אַ גרויס צערטלעכקייט גייט דורך דעם פּאַרק און באַרירט מיט גאָלדענע הענט אַלע זאַכן פון דער ערד. פון די טויטע וואַקסן אַרויס אומגעווייגלעך־סענסיטיווע, גאָלדענע רויזן. דער פרילינג ציטערט נאָך אומזיכער אין דער לופט — אָבער אויך מעכטיק אינ׳ם גאַנג פון קאָסמישן געזעץ. —

ניו־יאָרק, 2 מערץ, 1952.

## ביי מיין שוועסטער מירעלע׳ס טיש

איך בין געקומען צו מיין שוועסטער אין די בראָנקס. דאָ איז נאָך גאַנץ געבליבן מיין שטעטל פּולאַווו. ניו־יאָרק האָט דאָ נישט אָנגערירט דעם פּולאַווער פאָלקלאָר. מיין שוואָגער דערציילט מיר פון טיפן פון שטעטל. פון „שמואל שקאָש״, פון „עטקע טשוואַק״. איך קוק אָן מיט נייגיר דאָס געשיר. אָט די צוויי „סאָלינגער״־מעסערס זיינען נאָך פון פּולאַווו. צייט האָט מיט די ציין אויסגעגריזשעט דאָס זילבער פון די מעסערס. די שפּיצן פון די קלינגלעך זיינען אָפּגעבראָכן. דאָס שטאָל איז אויסגעריבן פונ׳ם גרויסן קיזלשטיין, פון דער שאַרפער פייל, פון דער זאַמדיקער שוועל, אויף וועלכע מען האָט די מעסערס געריבן. אויף אַלץ קריכט די צייט און זי מאַכט אָן טיפע לעכער. זי פרעסט אַראָפּ דעם גלאַנץ.

אַ קליין לעפעלע, מיט אַ מאָנאָגראַם, האָט די צאַרטקייט פון איידעלן זילבער. עס איז אַ לעפעלע ווי פאַר אַ קינד. די דאָזיקע זילבערנע געשיר, מיט אַ טוצענד טעלערס, איז געווען דרשה־געשאַנק צו מיין שוועסטערס חתונה...

פון די טעלערס איז בלויז געבליבן איין טעלער. די פּייזאַזש, וואָס איז איידל געמאָלן אויפן פלאַך פון טעלער, איז שוין אויסגעריבן. נאָר דו כאַפּסט נאָך אויף צוויי שוואַנען, קילע און בלייכע, אין אַ קליין, פאַר־כישופט וואַסער, אין אַ גליענדיקן וואַסער, אין זון־אונטערגאַנג. אַ קליין הייזעלע צווישן קרומע, נידעריקע קאַרשנבוימער, מיט צאַרטע, ווייכע בלומען וואָס טונקען זיך אין בראָנדז פון זון־אונטערגאַנג. אַ קליינע מיידל פון דער לאַנדשאַפט האָט די צייט נישט באַוויזן אויסצומעקן. זי פּאַשעט אַ קליינע סטאַדע ווייכע, גוטע שעפּסן. די שעפּסן קוקן אויף איר מיט ליב־שאַפט. אירע גאָלדענע האָר, האַלב־פאַרמעקטע, גיסן זיך אַריין אין דעם מערב׳דיקן שטיק זון־גאָלד — אַ מאַסיוו שטיק גאָלד אין דער אַלגע־

מיין־צאַרטער, שטילער לאַנדשאַפט. אַזאַ שטיק זון־גאָלד קען באַלייכטן טויזנט פּייזאַזשן.

מיין שוועסטער האָט אוודאי נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס איך קוק אַריין אינ׳ם טעלער מיט אַזאַ סמוטנעם בליק. ווען איך בין שפּעטער געפאָרן אין סאָבוויי, צווישן נעגערס און פּאָרטאָריקאַנער, גייט מיר געטריי נאָך דאָס ליבע מיידל, מיין שטילע, געדולדיקע כלה — און נאָך איר גייען ווייכע, קינדישע שעפסן און פאַרגליווערטע ציגן אין טייכישן „שליאַד" די ראַמאַנטישע, די רייך־געמאָלענע שוואַנען...

איך פאַרטראַכט זיך איבער די זאַכן פון מיין שוועסטער׳ס דרשה־געשאַנק. איך בין דעמאָלט אַלט געווען פיר יאָר. איך האָב געזען די חתונה. איך געדענק די כלי־זמרים. די מעלאָדיען פון די פידלען און די באַסן זיינען מיר אַריין אין האַרצן...

ניו־יאָרק, 21 מערץ, 1952.

## רייזע מיטן אָמניבוס דעם צוואַנציקסטן מערץ, 1952

די ציטונג אין מיין ציטערנדיקער האַנט האָט שטאָלץ פאַרצייכנט דעם ערשטן פרילינגס־טאָג — העכסט־אָפיציעל. אָבער, „אומאָפיציעל" האָט דאָס וועטער געשטימט מיט דער נייעס. עס טרעפט אַמאָל אויך אַ טאָג פון האַרמאָניע אין דעם כאַאָס פון דער וועלט. דער אָמניבוס איז געווען גרינג, אַזוי ווי ער וואָלט זיך באַוועגט מיט די ענערגיעס פון אַן עלע־מענט. פאַרבייפאָרנדיק צענטראַל־פּאַרק איסט, האָב איך געזען ווי די זון רינט שטראָמיק און קאַסקאַדיש איבער די פעלזן. אַ גייסט פון ליב־שאַפט האָט געקושט די ביימער. ס׳האָבן פרויען שוין געוואַנדערט מיט פרילינגס־וואַנזין אין די גראַציעזע גלידער. פון אַ טאָל פון פּאַרק האָט זיך געזען אַן אַמפיטעאַטער: איך האָב געזען די גייסטער פון אַ גריכיש פובליקום צווישן די טרעפּ. איך האָב געזען די מאַסקירטע אַקטיאָרן. איך האָב געזען די מענער פון כאָר. איין פּנים פון אַ טענצערין איז מיר אַריין אין האַרצן. פון די מאָנומענטן זיינען אַראָפּגעגאַנגען די היסטאָרישע פּי־גורן און זיך אויסגעמישט מיטן עולם. ס׳האָט זיך פּאַנאָראַמיש געעפנט האַרלעם. געביידעס פון שווערן גראַניט, אַרכאַאיש קאָנסטרואירט, זיינען אין דאָזיקן פרילינגס־טאָג געווען גרינג ווי גייסט. אָט עפנט זיך אויף די מעכטיקע, די טונקעל־גרויע געביידע פונ׳ם סיטי־קאָלעדזש. ווי האָב איך מקנא געווען די יוגענט, שוואַרצע און ווייסע, וואָס קען דאָ פאַרברענגען אין קולטור, שטודירן הערדאָט און האָראַצ׳ן, לייענען וואָלט וויטמאַנ׳ס, שעלי׳ס און סווינבורנס פּאָעזיע, וואָס קענען שפּאַצירן דאָ מיט פראַזן פון רוסאָ און בערקלי און דייוויד יום אין די גערוימע גערטנער, צווישן

גרינע מאָנומענטן פון גענעראַלן און באַפרייער, אין כישוף פון פרילינג און קולטור — ספּעציעל אין דעם דאָזיקן גאָלד־שטראַמיקן טאָג פון דעם צוואַנציקסטן מערץ 1952...

דער אָמניבוס איז איצט גרינג געלאָפן איבער די בערגער און טאָלן פון דער אָריגינעל־געבויטער האַרלעם. אויף די רוקנס האָבן פעלזן־בערג פון די פּאַרקן און גאַסן געטראָגן פּאַלאַצן, קירכן און נוצלעכע אינסטי־טוציעס. דאָס אויג האָט זיך געפרייט וואָס עס קען אַריינעמען אַזוי פיל שטיינערנע לאַנדשאַפט — אַזוי פיל וועלטאַל — ווי אַ בוך פול מיט בלע־טער האָט יעדער נייע גאַס זיך געעפנט, זיך אַליין אויפגעמישט און פאַר־מאַכט.

שפּעטער בין איך געזעסן אַן איינזאַמער ביים האָדסאָן — קליין אַנט־קעגן דער גרויסער שטורמישער פּאַנאָראַמאַ. אַזוי קליין איז דער קעניג דוד פון תהלים געזעסן אין טאָל פון שרעק פאַרן מאַיעסטעט פון די הימלען. אומאויפהערלעך פליסן די כוואַליעס — די שטיקער צעבראָכע־נער שפּיאַלטער — אין דעם טאָליקן בעט פון׳ם האָדסאָן. קליין זיינען די אָמניבוסן און אויטאָמאָבילן וואָס לויפן ביי דער זייט פון וועג. איך האָב באַטראַכט די בריק, פון מענטשלעכע הענט פּרעציז אויסגעאַרבעט און קאָנסטרואירט — די פּאָעמע פון אינזשיניערישן גייסט. איך האָב זיך גע־פרייט וואָס איך האָב דערלעבט אַ טאָג ווען איך קען ווידער אָנקוקן די וועלט אַ זוניקע. און ווי גרויס איז פאָרט דער מענטש אַז ער קען מיט זיינע אויגן אַריינעמען אין זיך אַזאַ געוואַלטיקע פּאַנאָראַמאַ. ווי שיין און ווי קלוג איז דער מענטש געבויט אַז ער קען אין זיך רעפלעקטירן אַזאַ הערלעכן טייך, אַזאַ העל־אויפגעהאַנגענעם הימל, אַזאַ מאַיעסטעטישע פּאַנאָראַמאַ פון בערג און אַזאַ אומגעהייערע כוואַליע פון פּאָעזיע קען ער אַריינעמען טיף אין האַרצן אַריין.

ראָזאַלינד איז געזעסן ביים וואַסער. איר גרויסער פוטער איז נאַכלעסיק געלעגן אויף דער ערד, ווי אַ צונויפגעקנאָדערטע חיה, נאָך אין די ווייטיקן פון איר אַגאָניע. ראָזאַלינד׳ס נאַפּט־גרינע אויגן האָבן רעפלעקטירט דער זון׳ס בראָנדז, איר יוגענט׳ס גאָלד, די האָפנונג און די אַמביציע פון אַלע פריערדיקע דורות. איך זאָג איר אַז זי איז אַלט אַכצן יאָר — און זי זאָגט אַז זי איז פונקט אַכט און צוואַנציק יאָר אַלט. גרויס איז איר פוטער אויף דער ערד אַוועקגעוואָרפן, זיך קאָרטשענדיק אין טויטלעכע ווונדן פונם יעגער. אָבער ראָזאַלינד איז דין און שלאַנק. זי וויל זיין אַ טענצערין. איר שוועסטער, זאָגט זי, איז אַ מאָדעל. זי פּאָזירט אין נוד פאַר „מאַגאַזין־קאָווערס״. זי, ראָזאַלינד, וויל זיין אַ טענצערין. זי וויל חתונה האָבן. ראָזאַלינד לייענט נישט קיין אידיש, כאָטש זי איז אַ אידישע

טאָכטער. ראָזאַלינד לייענט נישט קיין ליטעראַטור. זי איז אַליין ליטעראַ־טור. זי ווייסט אַפילו נישט פון שעקספּיר׳ס כאַראַקטער ראָזאַלינדע. ראָ־זאַלינד מיט איר יונגן לעבן איז אַליין אַ גרעסערער כאַראַקטער פון שעק־ספּיר׳ס ראָזאַלינדע. ראָזאַלינד איז אַ קליינער אוניווערס, מיט אירע באַ־גריפן, באַגערן, פילאָסאָפיעס און קאַפּריזן. אין איר בונטן בוקעט פון שוואַרצע, געקרויזטע האָר ציטערן אויף אַ פּאָר גרויע האָר — דערמאָ־נונג אין אַ סך זאַכן. אַ ווייטע דערמאָנונג אין טויט. אין דאָזיקן פּרעכטיקן פרילינגס־טאָג — אַ ווייטע דערמאָנונג פון טויט וואָס בליט אין אַ פרוי׳ס יוגנטלעכן קאָפּ...

איך בין ווידער אין אָמניבוס. היינע׳ס „האַרץ־רייזע״ איז נישט גע־ווען רייכער ווי מיינע אין דעם דאָזיקן צוואַנציקסטן מערץ־טאָג. איך זע ווי אַ שלאַנקע נאָנע פירט אין גאָרטן פון קאָנווענט צוויי מיידעלעך ביי די הענט. זיי גייען פאַרזיכטיק — אַלע דריי, ווי געפירט פון דעם „הייליקן גייסט״. די געביידע פון קאָנווענט איז אַ געשלאָסענע פעלדזיקע פעס־טונג. די נאָנע אין די שוואַרצע קליידער איז ווי אַ קירכע אין מיניאַטור, פאַרמאַכט און געשלאָסן. אויף איר בויך ציטערן גרויסע, גאָלדענע קרייצן. — אין אָמניבוס שטייגן אַריין אַ גרופּע שילערינס, פול מיט פרילינגס־טומעל. זייער רעדן איז דיכטונג. זייער שרייען — הייליקע מוזיק. זייער דער־שיינונג — טעאַטער. מיט זיי איז זייער לערערין. די לערערין שמייכלט ליב, דערמאָנט זיך אירע מיידעלשע טעג. די לאַנדשאַפט פון האָדסאָן עפנט זיך אויף יעדער ווילע פון אַן אַנדער גאַס אויס — אַ שטורמישע פּאַנאָ־ראַמע פאַרן נאָך אַלץ הונגעריקן אויג. הונגעריק נאָך גאָט׳ס זוניק־שיכורער וועלט. הונגעריק נאָך גאָט׳ס אומענדלעכער שיינקייט. דער אָמניבוס טאַנצט אין דאָזיקן פרילינגס־טאָג.

ווען איך קום אַהיים, זע איך ווי ביי מיין בעט ליגט אָפן שעקספּירס אַ באַנד, מאַסיוו געבונדן, די ברעגן פון די בלעטער אין דיקן גאָלד גע־טונקען. מיינע שיכורע פינגער מישן די בלעטער. איך זוך די בלעטער ווו עס רעדט ראָזאַלינדע. וואָס זאָגט ראָזאַלינדע ביים האָדסאָן אין דאָזיקן רייך־געמאָלענעם בין־השמשות פונם צוואַנציקסטן מערץ 1952 ? וואָס זאָגט ראָזאַלינדע אין שעקספּיר׳ס זעקס הונדערט טויזנט ווערטערדיקן ענגליש ?...

ניו־יאָרק, 21 מערץ, 1952.

## מאַן פון גרינעם שימל

איך בין היינט געווען אין צענטראַל־פּאַרק. אַ מאַן פון לויטערן, שטראַלנדיקן גרינעם שימל איז געשטאַנען צווישן די ביימער — אַ סטאַטוע פון עפּעס אַ פאַרקלערטן גריכישן דענקער. אַ ראָזער בלומענבוים האָט

זיך אָפּגעשפּיגלט אין וואַסער, בילדנדיק אַ ראָזן פלעק אין דער טיפעניש. עס האָט אויסגעזען ווי מיראָ׳ס אַ מאָלעריי. דער הימל איז געווען אָפן. אַזוי שטראַלנדיק־אָפן, אַז איך האָב זיך געוווּנדערט וואָס איך פאַל נישט אַרויס פון אוניווערס. אַ ווייסער מאַן איז געגאַנגען מיט אַ נעגערטע — זי האָט אויסגעזען ווי זיין שאָטן. אַ פויגל איז געפלויגן אין דער לופט, זיך איילנדיק אָנצוקומען ערגעץ־ווו איידער עס ווערט נאַכט — אַ געט־לעכער עראָפּלאַן. די לבנה האָט אויפגעטויכט בלאָס אויפן הימל — אַ גערייזירטער קאָפּ פון אַ כינעזער. —

ניו־יאָרק, 22 אַפּריל, 1952.

# אַפּרילישע שורות

נאָכן גרויסן, פיר־טאָגיקן רעגן, ברעכט די זון אַרויס אויפן הימל, דורך אַלע וואָלקנס, מיט איר גאָלדענעם פּנים. די זון — די אומגעהייערע אָנגעצונדענע רויז פון הימל, געמאָלן דורך דער קינסטלער־האַנט פון גאָט. די ביימער אין פּאַרק שטייען פריש־געפאַרבטע. אַ טאָפּ מיט גרינער פאַרב האָבן ביינאַכט די שיכורע מלאכים אויף די ביימער אויסגעגאָסן. שוין פלאַמען אַרויס פון דר׳ערד די קליינע בלומען — פאַרוואַנדלונגען פון פאַרשניטענע קינדער. אַ פרוי דריקט צום האַרץ איר קינד — אַ שטיקל בראָנדזע. אַ פויגל, אַ פאַרכישופטער פּאָעט, טרינקט פון אַ שטייענדיקער גאָלדענער לוזשע. אַן אַלטער מאַן זיצט אויף אַ באַנק: ער טראַכט פון ניינצנטן יאָרהונדערט. אָ, אייביקער שטורעמדיקער פרילינג! האָבן דען האַראַץ, פּעטיעפי און סווינבורן געשריבן שענערע פּאָעזיע ווי דו, מעכ־טיקע נאַטור?!

ניו־יאָרק, 29 אַפּריל, 1952

# די קופערנע כלה

איך האָב זיך אַ מידער צודערשלאָגן צום קליינעם סקווער פּאַרק אין קינסטלער־קוואַרטאַל. עס איז געווען אַ הייסער, אַ שטיקנדיקער טאָג פון די לעצטע טעג פון חודש מאַי. איך האָב אָפּגעציילט אין פּאַרק אַרום פופצן קרומע, צעבויגענע בענק. בענק, אויף וועלכע עס זיינען גע־זעסן עטלעכע דורות. דער פּאַרק האָט עטלעכע דינע בוימער. זיי אָטע־מען שווער די שטיקנדיקע היץ. דעם גאַזאָלין פון די אויטאָמאָבילן און לאַסט־וועגענער. עס איז פּשוט אַ רחמנות אויף די אָרעמע בוימער, פאַר־וואָרפענע אינמיטן שטאָט. דער אייזערנער שטאַכעט אַרום דעם סקווער־

פּאַרק זשאַווערט. די קינדער האָבן געפּרוווט דעם שטאָכעט צעבייגן, צעברעכן.

איך קוק זיך אַרום אויף די דערבייאיקע גאַסן. עס דאַכט זיך מיר אַז איך בין ערגעץ אין אַ קליין שטעטל אין אייראָפּאַ. עס שטייען דאָ קליינע הייזער פון רויטע ציגל און פון שטיין. די פענצטער זיינען קליינע. זיי דערמאָנען, די אַלטמאָדישע הייזער, אין דער אַמאָליקער צייט. העברי דזשיימס און מאַרק טוועין האָבן ערגעץ דאָ געוואוינט. ס'האָט דאָ אָפּט פאַרבלאָנדזשעט אַ שיכורער עדגאַר עללען פּאָו. ס'פלעגט דאָ קומען רעדן וועגן דער גרויסקייט פון לעבן וואָלט וויטמאַן, דער לאַנג איילענדער אַלטער בחור. די הייזער געדענקן זיי גוט. די פענצטער — די אויגן פון די הייזער — געדענקן זיי און זען זיי נאָך. עס איז געווען אַ גוטע צייט. יעדנפאַלס, אַ שטילערע צייט. מיט מער כאַראַקטער און מיט געמיטלעכקייט.

אויף די בענק זיצן אַלטע לייט. עס איז גוט אין דער דאָזיקער צעטומלטער צייט צו זיצן מיט אַלטע לייט. עס ווייעט פון זיי מיט פעסטקייט. מיט געמיטלעכקייט. מיט רואיקייט. עס ווילט זיך צו זיי צוטוליען. זיי געדענקען גוט די צייט פון מיט אַ זיבעציק־אַכטציק יאָר צוריק, ווען עס זיינען נאָך געווען קעראָסין־לאָמטערנעס אויף די גאַסן. ווען אין אַ שטוב האָט געברענט אַ גרויסער לאָמפּ מיט אַן אַבאַזשור, און באַלויכטן מענטשן און מעבל. באַלויכטן בילדער אין שווערע ראַמען. באַלויכטן שפּיגלען און געשיר. קופּערנע און מעשענע געשיר. ווי פּראָמינענט איז נאָך דעמאָלט אין אַ הויז געווען דער קופּער און דער מעש. און אפילו אייזן. די דאָזיקע אַלטע לייט דרימלען אונטער, ווי הינער אין די שטייגן. ווי גרויסע, אומעטיקע פייגל. זייער שלאָף איז אַ גרינגער. מיך ציט צו זיי. עס ווילט זיך עפּעס ביי זיי אַרויסשלעפּן, אַרויסשלעפּן אַ שטיק געמיטלעכקייט ווי טונקעלער פליוש. אַ שטיק אַלטע צייט ווילט זיך אָפּברעכן פון זייערע ריפּן... עס ווילט זיך אַרויסכישופן אַ שטיק פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. אָ, מיט געוואַלט ווילט זיך אָפּברעכן פון זייערע אַלטע גלידער אַ שטיק אַלטע צייט. אַריינגיין אין דעם שטיק צייט, ווי אין אַ תיבה, וואָס זאָל זיך וויגן אינ'ם פייערדיקן מבול פון אונדזער היינטיקן יאָרהונדערט.

עס איז דאָ פאַראַן אַ שטיינערנער פאָנטאַן. קומען מאַמעס מיט זייערע אייביק־הונגעריקע קינדער. אַ טאַטע, מיט אַ ליסע קאָפּ, זעט אויס ווי אַן אַלפאָנס, ברענגט צו פירן זיין קליינע, זיין פּיצינקע טאָכטער. ער פירט זי צום פאָנטאַן. איינמאָל פאַרזוכט דעם טעם פון וואַסער, וויל די טאָכטער זיין ביים פאָנטאַן. זי האָט פאַרזוכט פונם בוים פון עץ הדעת, ציט איר שוין כסדר אַהין. דער קליינער פרוי ציט שוין צום ערשטן פאַרזוך...

מיידלעך און אינגלעך שפּריצן זיך אָפּ מיטן וואַסער. אַ קינד לערנט זיך גיין. טויבן פליען נידעריק און זיי גייען אויפן שטיין ווי פּאַרכישופטע מענטשן. דאָ איז מיט יאָרן צוריק אַ טאַטע אַליין געשטאַנען אַלס קינד. דער מאָנומענט פון אַ קופּערנע מיידל מיט לאַנגע קופּערנע האָר איז דעמאָלט געווען יינגער, שטראַלנדיקער. אַפילו קופּער עלטערט זיך. פאַרנאַכטלעך שוין. אַ קופּערנע זון גייט אונטער. אַ מעשענע לבנה ציטערט אויף. אויסגעבויגן, צעפּרעסן פון מייז — הימלישע מייז, ריזיקע ווי די עלעפאַנטן. אַ בלאָנדע פרוי פאַרבלאָנדזשעט דאָ אַריין. זי זוכט געסט... איר צעהיצט פּנים, אירע שווערע בריסט, איר ריזיקער גוף, פּאַסט נישט אַריין דאָ, אין דער ניינצענטער יאָרהונדערט געמיטלעכקייט. אַ יינגער סטודענט לערנט זיך לאַטייניש פון צעזאַר׳ס אַ בוך „גאַלישע קריגן״. מיט אַן עלטערן הער זיצט אַ יינגע מיידל. זי איז ווייס ווי קרייד. אויפן שטיין שפּילן זיך די קינדער. מיט קרייד צייכנען זיי אָן מאָדנע פיגורן. אויפן שטיין בלייבן איבער גראָטעסקע פּנימער. פייגל מיט גרויסע פיס און מענטשן מיט דינע פליגל. אַן אַלטער מאַן הייבט זיך שווער אויף, גייט מיט דער הילף פון הילצערנע קוליעס. איך זע פון דערווייטנס אַ שפּיץ פון אַ קירכע — אַ גרינער שפּיץ, ווי מיט שימל פאַרוואַקסן. איך בין מיד. איך זיץ דאָ אַזוי ווי מיט בליי צוגעלייט צום אייזערנעם געזעס פון דער באַנק. עס רוקן זיך לאַנגזאַם אַרויס די אַלטע לייט. די קינדער. מיט מיר בלייבט איבער די קופּערנע כלה אויפן מאָנומענט...

ניו־יאָרק, 27 מאַי, 1952.

## ווייַנטרויבן און ווערלען

אין אַ רעגנדיקן וועטער איז דער מאַן געקומען צו מיר מיטן ברוינעם שטענגל ווייַנטרויבן. שוין דערינען אַ יאָר פינף און צוואַנציק. איך בין געלעגן וואָכנלאַנג אין שפּיטאָל און קיין איינציקער פריינט איז נישט געקומען. נאָר אין אַ רעגנדיקן טאָג איז געקומען אַ מאַן וואָס איך האָב קוים געקענט. ער האָט זיך דערמאָנט אין מיר. ער האָט זיך געזעצט נעבן דעם ווייסן, הויכן שפּיטאָל־בעט. ער האָט געבראַכט אַ קליינעם באַנד פּאָעזיע: די לידער פון ווערלען. און אין די לידער פון ווערלען האָט געדעגנט מיט טרערן פונם פּאָעט׳ס האַרץ. עס איז דעמאָלט געווען אַ רעגנדיקער טאָג. איך האָב געמישט ווערלענס סענסיטיווע לידער. איך האָב געקוקט אויפן פּאָרטרעט פון ווערלען, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַון, און אויפן וווּנדערלעך־איידעלן פּנים פון דעם פריינט...

געדולדיק איז ער געזעסן ביי מיין ווייסן בעט. אַ פּאַרלוירענער. אַ שטומער. זיין גאַנץ געשטאַלט איז געווען — שווייגן. דאָס שווייגן זעלבסט

האָט זיך אָוועקגעזעצט נעבן מיר. ער האָט גערעדט דורך די לידער פון ווערלען. ער אַליין איז געווען אַ קאַרג, באַשיידן ליד. אין זיינע גרויסע אויגן איז געווען געטריישאַפט. זיין ביינערדיק פּנים האָט דערציילט פון מענטשלעכע ליידן.

שוין אַ פערטל יאָרהונדערט דעריין. געגוג צייט געווען צו פאַרגעסן דעם געטרייען מענטש. איך האָב טויזנט זאַכן פון זכרון אַרויסגעוואָרפן, ווי מען וואַרפט פון אַ הויז אַרויס אַלטע מעבל און בגדים. נאָר ס׳איז געבליבן די דערינערונג פון דעם דאָזיקן זעלטענעם מענטשן. איך טראַכט אָפט: ווען ער וואָלט דורכגעלעבט די אַלע מלחמות און שחיטות, וואָלט געווען שיין. ווען איך וואָלט אים אַמאָל באַקעגנט, וואָלט איך אים אומגע־אָרעמט און געקושט. וואָרים די דאַנקבאַרקייט צו אים פאַרלאָזט קיינמאָל נישט מיין האַרץ...

אַ מענטש האָט מיך באַזוכט אין אַ רעגנדיקן טאָג. ער האָט געבראַכט אַ ברוינע שטענגל ווייַנטרויבן, אפשר פאַר זיינע לעצטע גראָשנס, און אַ בוך פון ווערלען און זיין פּנים פול מיט האַרציקער פריינטשאַפט...

ווייטער פריינט, ווו דו ביסט ערגעץ אין דער וועלט, איך קען דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן...

ניו־יאָרק, מאַי 31, 1952

## דאָס זאַלצמעסטל

איך קען נישט פאַרגעסן קיינמאָל דאָס זאַלצמעסטל אין אונדזער היי־מישער שטוב. דאָס זאַלצמעסטל האָט געמוזט באַצירן דעם טאַטנס יעדער אָרעמען מאָלצייט. שטענדיק, ווען די מאַמע פלעגט גרייטן צום טיש, האָט זי אויסגעשפרייט דאָס ווייסע טישטוכל און ביים זייט געשטעלט דאָס פּיר־קאַנטיקע זאַלצמעסטל מיט ווייסע זאַלץ. דאָס זאַלצמעסטל האָט געמוזט שטיין אויפן טיש, איבערן ווייסן טישטוכל, כאָטש מיין מאַמע האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו גרייטן צום טיש — עס איז צו אָפט נישט געווען קיין ברויט און נישט קיין שטיקל הערינג. עס איז נישט געווען קיין פליש און נישט קיין פיש. עס איז כמעט גאָרנישט געווען אויפן טיש צו שטעלן. בלויז די אָרעמע, די וואַסערדיקע זופּ. דאָך האָט די מאַמע געגרייט צום טיש מיט ציכטיקייט און מיט אָרעמער יום־טוב׳דיקייט. די אָרעמקייט זעלבסט איז געווען יום־טוב. דאָס ווייסע, קלאָר־געוואַשענע טישטוכל, אַ מתנה פון דער באָבען נאָך, איז געווען יום־טוב. ווער שמועסט נאָך אַז די מאַמע האָט אַוועקגעשטעלט אַ קליינע, געשליפענע קאַראַפינקע מיטן אַליין־געמאַכטן וויין, צי מיט ווישניאַק, און האָט נאָך געשטעלט דאָס דינע,

דאָס גאָלדענע, דאָס פּסח׳דיקע בעכערל — איז אוודאי געווען יום־טוב. אָבער דאָס פלעגט בלויז געשען אין זעלטענע צייטן. ס׳האָט שוין באַדאַרפט זיין עפּעס אַן אורזאַך, עפּעס אַ פייערונג, אויף צו שטעלן די לויכטנדיקע קאַראַפינקע מיט ווייַן אָדער מיט ווישניאַק, און דאָס איידעלע, פּסח׳דיקע, דינע בעכערל פון גאָלד...

קיינמאָל אָבער האָט נישט געפעלט דאָס וואָכעדיקע זאַלצמעסטל. דאָס זאַלצמעסטל האָט שטענדיק באַוויזן אַ נס: עס איז פאַרט געוואָרן אַ מאָל־צייט. דאָס זאַלצמעסטל האָט געהאַט אַ כישוף: אַז עס איז געשטאַנען אויפן טיש, האָט מען שוין עפּעס געמוזט גרייטן. איז דער טאַטע שוין געוואָרן בגלופינ׳דיקער... האָט ער זיך שוין געוואַשן זיינע הענט, געמאַכט אַ ברכה, זיך געזעצט מיט דער געוויינלעכער רואיקייט צום טיש. די מאַמע האָט שוין פאַרט עפּעס צוגעגרייט צום מאָלצייט... און אַז די מאַמע האָט עפּעס געשטעלט, האָט דער טאַטע אַריינגעשטעקט די פינגער אינ׳ם זאַלצ־מעסטעלע, גענומען אַ ביסעלע זאַלץ און האָט באַזאַלצן דאָס עסן צום טעם צו... דאָס זאַלצמעסטל איז שוין נישט געווען גלאַט אַן איבעריקע זאַך, לשם דעקאָראַציע. עס האָט שוין געשענקט זיין טעם צום עסן. עס האָט אָנטייל גענומען אינ׳ם מאָלצייט. אַפילו אויף אַ שטיקעלע ברויט, בפרט אויף אַ פּיצל פליש, האָט דער טאַטע פאַרזיכטיק באַשפּרענקלט מיט זאַלץ... דער נס איז געשען: די מאַמע האָט באַוויזן פון דער גרויער, וויסטער אָרעמקייט צוזאַמענצוכישופן נאָך אַ מאָלצייט פאַר׳ן טאַטן...

מיר, די קינדער, האָבן שוין געגעסן „אומאָפּיציעל״, אין די ווינקלען פון דער קיך. די מאַמע האָט אונדז געגעבן וואָס עס איז געווען אין הויז. מיט אונדז איז זי אָפּגעקומען מיט שהי־פּהי... און פאַר זיך אַליין? אויב מיר, קינדער, האָבן נאָך געגעסן אַ קאַרטאָפל, האָט זי פאַר זיך אַליין גע־נומען די שאָלן פון די קאַרטאָפל... אין אַ קליינעם, אייזערנעם טעפּעלע, ביי אַ קליינעם פייערל, האָבן זיך שטילערהייט געקאָכט די אָפּגעוואַשענע שאָלן פון די קאַרטאָפל... קיין גרויס פייער איז דערצו נישט נייטיק געווען...

מיין האַרץ וויינט ביים דערמאָנען זיך ווי דאָס טעפּעלע מיט די קאַר־טאָפל־שאָלן האָבן זיך געקאָכט פאַר דער מאַמען... פאַר דער גרויסער, פאַר דער הערלעכער מאַמען, וואָס נאָכן דערקענען אַזוי פיל מענטשן, נאָך אַזוי פיל יאָרן, געניט אַנאַליזירנדיק מיין מאַמעס אָרעם לעבן און אירע מעשים, בין איך גרייט צו שווערן אַפילו פאַר גאָט אַז מיין מאַמע איז געווען דער סאַמע גרעסטער מענטש וואָס איך האָב געקענט.... דער סאַמע העראָאיש־סטער מענטש פון אַלע מענטשן... די ריינסטע און די שענסטע לויט אירע מעשים, לויט איר גרויס, מענטשלעך האַרץ...

יאָ, איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם טייערן זאַלצמעסטעלע.... ווי

טייער דו ביסט געווען! ווי געטריי דו האָסט געדינט צום טאַטנס מאָל־צייט, טייער, ליב זאַלצמעסטעלע... איך וועל דיך קיינמאָל נישט פאַר־געסן!...

ניו־יאָרק, 31 מאַי, 1952.

## ביי דער וואַנט פון אַ טעמפּל...

עס איז געווען אינמיטן גרויסן טאָג. אַזאַ טאָג האָב איך שוין לאַנג נישט געזען. אַ טאָג — גאָט׳ס מייסטערווערק. נאָר ביי דער וואַנט פון אַן אַלטן טעמפּל איז געשטאַנען אַ פרוי און האָט געווישט אירע וויינענדיקע אויגן מיט אַ ווייס טיכעלע... פון דעם גרויסן, לויכטנדיקן טאָג איז גע־וואָרן נאַכט... אַ פרוי האָט געוויינט — הויך ווי אַ רוימערין, האָט זי אויסגעזען ווי אַ גראַניטענער זייל פון ווייטיק... דער גרויסער טאָג איז פינצטער און פאַרשעמט געוואָרן. דער פרוי׳ס געוויין האָט פאַרפינצטערט אַפילו די גרויסע זון... פון דער גאַנצער ערד איז געוואָרן איין טיף קבר, איבער וועלכן דער פרוי׳ס טרערן זיינען אַראָפּגערונען, ווי אין אַ גאָל־דענעם בעכער... יאָ, מלאכים מיט פאַרטרויערטע פנימער האָבן אין גאָל־דענע בעכערס געזאַמלט דער פרוי׳ס טרערן...

ניו־יאָרק, 2 יוני, 1952.

## צוויי פייגל

עס איז נישטאָ קיין שענערע זאַך ווי צוויי פייגל, וועלכע שוועבן צו־זאַמען אין דער הויך, זוכן זיך איינע די אַנדערע, אומהאַלדזן זיך און קושן זיך אין ליבע — און ווערן צו איין גאָלדענע פייל אין דער זון...

## ליבשאַפט

ווען דו ביסט לאַנג אין פאַרק, הייבסטו זיך אָן צו פאַרטיפן אין דער נאַטור, אין די זאַכן אַרום דיר; פּלוצלינג עפנט זיך אויף פאַר דיר דאָס לעבן פון בוים. דו דערקענסט זיין ריזיק שטיק לעבן. עפּעס אַן ערענסט־קייט איז פאַראַן אין די בוימער. דו קריגסט ליב די בוימער, די פלאַנצן, די בלומען, די שטילסטע גרעזעלעך. יאָ, דיין האַנט קען מער נישט זיין אַזוי לייכטזיניק און אויסרייסן אַ גרעזל פון דר׳ערד. דו הייבסט אָן צו קריגן דרך־ארץ פאַר דער נאַטור. דו פילסט אַז די פלאַנצן לעבן טאַקע. אַז עס איז אַ חרפּה פאַר דיר עס צו פאַרניכטן, צו צעטרעטן. דו פילסט אַז גאָט האָט עס געשענקט לעבן, דאַרפסטו עס ליב האָבן ,דאָס דאַזיקע לעבן.

דו טיפסט דיך אַראָפּ צום לעבן פון דער נאַטור, און דו אַנטדעקסט עס טאַקע און עס עפנט זיך צו דיר אומגעהייער רייך און גרויס. —

## סימפּאַטיע

ליגנדיק אין פּאַרק, געוואוינסטו זיך צו צו אַלע פּיצלעך לעבן; און דו באַמערקסט די קלענסטע באַשעפענישן מיט סימפּאַטיע. דו הייבסט אָן זיך צוצוקוקן ווי ענערגיש עס לויפן די טונקעלע מוראַשקעס; דו הייבסט אָן ליב צו קריגן באַשעפענישן פאַר זייער שענערן אויסזען פון אַנדערע באַשעפענישן; די ברוינע אינסעקטן, די גאָלדענע פליגעלעך, די געלע מוראַשקעס, די בלייכע שמעטערלינגען, די פייער־מאַטילן, אַ גאַנצע וועלט פון לעבנס קליינע וואָס טוען דיר נישט קיין שום שלעכטס. וואָס קריכן נאָר בלויז אויף דיר, אויף דיין פּנים, אויף דיינע הענט. דו ביסט פאַר זיי עפּעס אַ לאַנדשאַפט אויף וועלכער זיי באַוועגן זיך געמיטלעך. דו ביסט פאַר זיי אַ מאָדנע לאַנדשאַפט. אַזוי ליגנדיק, קריכן זיי אויף דיר, און דו ווילסט זיי נישט אַראָפּטרייבן פון זיך. פּשוט, דו קריגסט זיי ליב.

און דו טראַכסט:

וואָס עס זאָל נישט זיין, נאָכן טויט, ווילסטו אויך אויף ווייטער טיילן דעם גורל פון אַלע לעבנס. דו ווילסט נישט לעבן נאָכן טויט, ווען אַנדערע לעבנס ווערן פאַרניכטעט. דו ווילסט קיין אויסנאַם נישט זיין. צוזאַמען מיט די אַלע באַשעפענישן לעבסטו. צוזאַמען מיט זיי ווילסטו אומקומען... דו ווילסט נישט זיין מער פּריווילעגירט ווי אַנדערע לעבנס...

## אין סאַבוויי

פאַרנאַכט, אין סאַבוויי. פון וואַנען איז דאָ אַריינגעפאַלן דאָס בלייכע, לופטיקע, פוכיקע שמעטערלינגעל? דאָס שמעטערלינגעל באַפאַלט די דאַמען, קיצלט זיי, קושט זיי, האָט זיי ליב. דאָס שמעטערלינגעל פרייט זיך שטאַרק מיט די מענטשן, איבערהויפּט מיט די ווייבער. נאָר די ווייבער זיינען אומגעדולדיק. די ווייבער טרייבן עס אַראָפּ פון זיך. דאָס שמעטערלינגעל פרייט זיך, קושט זיך, אָבער די ווייבער קענען דאָס פריילעכע שמעטערלינגעל נישט פאַרטראָגן.

— ס'טייטש, — ווילט זיך דעם שמעטערלינגעל זאָגן, — ווען זעט איר מיך אין סאַבוויי? איך האָב דאָך אייך ליב. איך קוש דאָך אייך... אַריינגעפאַלן צו אייך אין ברוקלין, פאַר איך דאָך פאַר „גאָפּע" (אָן געלט), דעם גאַנצן לאַנגן וועג מיט אייך, אַזש ביז צו די בראָנקס...

די ווייבער זיינען אומגעדולדיק צום שמעטערלינגעל. ממש אַ רחמנות

אויף זיי. געפינט זיך שוין איינער אַ העלד, אַ גיבור אַ מאַן פון העלדישן אויסזען — און ער טוט אַ כאַפּ דאָס שמעטערלינגעל אין זיין שטאַרקער האַנט און טוט עס אַ שליידער אַרויס דורכן פענצטער — אַ צעקוועטשטס, אַ גאַרנישטס, אַ טויטס!

די ווייבער דאַנקען אָפּ דעם העלד מיט די בליקן... אַן אמת׳ער דזשענטל־מאַן אַזאַ! ער האָט אין אַ רגע געלייזט דאָס פּראָבלעם. געווען אַ ווייס, פּוכקע, ליבלעך שמעטערלינגעל און — שוין אויס! אַ לעבן האָט זיך אויסגעלאָשן — אַזאַ פריילעך, טאַנצענדיק, ליבלעך פּיצל לעבן! דער מאַן איז שטאָלץ געזעסן אין סאָבווי — אַ העלד!

נאָר מיר איז געווען אומעטיק. ווי צו מענטשן אין אַ שטאָט וואָס קענען נישט באַנעמען די פּאָעזיע פון אַ שמעטערלינגעל. וואָס ווערן דע־נערווירט ביים טאַנצן פון אַ שמעטערלינגעל. ווי צו אַזאַ שטאָט וואָס לאָזט נישט דויערן לאַנג דעם הערלעכן נס: אַ שמעטערלינגעל אַ פאַר־בלאָנדזשעטס אין אַ ניו־יאָרקער סאָבווי...

## דאָס פלאַמיקע אויג

ס׳איז פאַראַן אַ בליציק אויג וואָס זעט אַלע לעבנס. אַ פלאַמיק אויג זעט אַלע געבורטן און אַלע גסיסה׳ס. ס׳איז דאָ אַזאַ גרויס אויג וואָס זעט אַלע פריידן און אַלעליידן, וואָס נעמט אַריין אין זיך אַלע לויה׳ס און אַלע פיעסטאָס. עס איז פאַראַן אַן אויג וואָס איז אומגעהייער און עס נעמט אַרום אַלע ערדישע לעבנס און עס ציילט די טעג פון אַלע קרעאַטורן. דאָס פלאַמיקע אויג קוקט אַרונטער צו אַלע טאָלן ווו עס באָדן זיך אין טרערן די יסורים׳דיקע. אַן אויג זעט, פאַרשרייבט אין אַ ריזיקן ספר און פירט חשבון פון דער וועלט.

איינמאָל, אין אַ בליציקער נאַכט פון פייער, פון דונער און פון בליץ, ווען ערדיקע לאַנדשאַפטן האָבן זיך אין די בליציקע פלאַמען אפּגעדעקט און אויפגעוויקלט ווי פייערדיקע מגילות — האָב איך דערזען דאָס דאָזיקע אומגעהייערע אויג — דאָס אויג פון גאָט! איך האָב אויפגעציטערט ביים באַקעגנען זיך מיטן דאָזיקן פלאַמיקן אויג. עס האָט אין דעם מאָמענט דורכגעקוקט דורך אַלע ערדישע לעבנס, דורך די קנאָכנס און אָדערן פון אַלע לעבעדיקע קרעאַטורן. עס האָט אַרומגענומען מיליאָנען מיליאָנען מיילן פון לעבן; און עס האָט אויך מיך געזען, אין מיין גאַנצן מי און מאַטער. איך האָב זיך אין דער דאָזיקער נאַכט אויג אויף אויג באַקעגנט מיטן דאָזיקן פלאַמיקן אויג, און איך האָב אויפגעציטערט אין פרייד און אין עקסטאַז.

זינט יענער נאַכט גיי איך איינזאַם און רואיק מיין שטילן וועג אין טאָל. איך ווייס אַז עס איז פאַראַן אַ פלאַמיק אויג וואָס זעט און פאַרשרייבט אין אַן אומגעהייערן ספר דאָס לעבן פון אַלע לעבנס אונטער די שטערן!

ניו־יאָרק, 15 יוני, 1952.

## מעשוואַרג און קופּערוואַרג

איך בין אַריינגעפאַלן אין דעם געשעפט פון מעשוואַרג ווי אין אַ כישוף־דיקן גאָרטן. די אַלטע, אַנטיקוואַרע טינטערס דערמאָנען אין אַ צייט ווען די איצטיקע פיל־פעדערס זיינען נאָך נישט געווען. ווען נישט מיט גאָלד, נאָר מיט שמאָלערנע פענעס האָט מען געשריבן. עס איז טאַקע געווען אַ סך שטאָל און אייזן אין דער ליטעראַטור. עס זיינען דעמאָלט געווען פאַר־העלטנישמעסיק־רואיקע צייטן. ווען מענער ווי עמיל זאָלאַ און ווי וויקטאָר הוגאָ האָבן געשריבן זייערע מעכטיקע ראָמאַנען. עס ווילט זיך מיר אַהיימ־נעמען אַזאַ ברייטן, פּירשטלעכן טינטער, ווו צווישן דיביידע אָפּגרונטן, אָנגעפּולטע מיט פינצטערן טינט, עס ליגט אויסגעצויגן אַ פיינע נוד — די מוזע, די מעשענע מוזע פון די דיכטער.

די דאָזיקע מוזע וועט מיר שענקען באַגייסטערונג בשעת איך וועל פון די ימים פינצטערניש פון טינט אַרויסברענגען וויזיעס פון פלאַמען. —

די קונערנע פאַנען, דיריינדלעך, די קרוגן און די טעפּ, דאָס גאַנצע קופּער־פלאַמיקע געשיר דערמאָנען אין דער צייט ווען אין אידישע הייזער זיינען געהאַנגען שטאָלץ דאָס פלאַמיקע קופּערוואַרג. די ווייס־געקאַלעכטע ווענט זיינען געווען באַצירט מיטן פייער פון דאָזיקן קופּער. אין זיי האָט מען געקאָכט הערלעכע שפייזן פאַר אידישע ימים־טובים, אויף שבת. דאָ זיינען פאַראַן מערזשערס, שטויסלעך, טשייניקעס און קרוגלעך. די מער־זשערס דערמאָנען אין פריילעכן יום־טוב פסח, ווען די מאַמע האָט מיר געגעבן דעם מערזשער צו שטויסן מצה. אין דעם קופּערנעם טשייניק פלעגט דער זיידע שטעלן טיי אויף שבת. די דאָזיקע טשייניקעס געדענקען גוט יאַן סאָביעסקי און סטעפאַן באַטאָרי, געדענקען די פּוילישע קעניגן און קעניגינס. די מעשענע לייכטער און לייכטערלעך דערמאָנען מיט ווייי־טיק אין מיליאָנען אידישע הייזער. ווען מען האָט באַקעגנט דעם שבת מיט פייערלעכקייט. אַ פלאַם איז געגאַנגען פון די ליכט. דאָס הייסע חלב האָט פאַרטריפט דאָס מעשוואַרג. דאָס זילבערוואַרג. די מאַמע האָט אַריינ־געקוקט אין אַ בענטשערל, צי אין דער צאינה וראינה. איך האָב אין מאַטן שיין געלייענט אַ מעשה־ביכל. געלייענט וועגן קעניג שלמהס שטול, וועגן די מלכה שבא, וואָס הייבט אויף איר קלייד הויך ביז איבער די קניעס, ווען זי קומט צום גרויסן מלך שלמה...

פאַראַן דאָ מעשענע כוסות און מעטאַלענע פלעשער פון שאַמפּאַניער. מענטשן האָבן לוסטיק פון זיי געטרונקען. ליפּן אײדעלע זײנען געװען פּײכטע פון װײן. װאָנסעס האָבן זיך באַנעצט מיט שאַמפּאַניער. דאַמען־אויגן האָבן אויפגעלויכטן אין פרײלעכקייט און לוסט. אָ, װי דאָס אַלץ דערמאָנט אין שטיקער אָנגעצונדן לעבן...

פאַראַן דאָ מעשענע קאַסעס, גוט פאַרפאַנצערטע אין אײזן און אין שטאָל. צירונג־קעסטלעך — מיט גאָלד באַצירט. זיי דערמאָנען אין קעניגינס װאָס האָבן דאָ באַהאַלטן זייער װוּנדערלעכן צירונג. זייערע טייערע דיאַמאַנטן און פּערל. קעבס־װײבער, װאָס האָבן געהײם געהאַלטן אין די מעשענע קאַסעס די מתנות פון די מאָנאַרכן, װאָס פלעגן קומען דורך מיסטעריעזע טונעלן פאַרברענגען נעכט פון ליבע... די דאָזיקע קאַסעס האָבן פּיראַטן אויסגעפּילט מיט געגנבעטע אוצרות. איך שטײ פאַר די געהײמע מעטאַלענע קאַסעס אַ פאַרכישופטער. איך זע מלכה שבא׳ס הענט, בלאַסע און ציטערנדיקע, אַרויסנעמענדיק די בלאַסע פּערל װאָס דער קעניג שלמה האָט איר געשענקט... איך זע די גאָלדענע מלכה שבא... איך זע די בלייכע פּערל...

אַלץ איז דאָ פון מעש און קופּער. און דער הויכער איד, זע איך, איז שטאַרק פאַרזאָרגט. אָט שטייט ער אין אַ װינקעל — אַ ריזיקער זייל פון מעש. זיין פּנים איז װי פון געלן מעש אויסגעקלאַפּט. די שװערע הענט — אויסגעהאַמערט װי פון אַ מאַרעק שװאַרץ. די באָרד — אַ שטיק שװערער מעש. שטיקער צויטן פון דער באָרד זיינען געבליבן הענגען פאַרגלי־װערטע. אפשר, פאַלט מיר איין אין געדאַנק, איז ער גאָרנישט קיין לעבעדיקער איד. נאָר אויף אַ װײלע דאָ אַרויסגעגאַנגען פון דעם ים פון מעשענער און קופּערנער היסטאָריע. פלוצלינג קומט אַריין דעם איד׳ס הויכע, ריזיקע טאָכטער. מיט איר אַריינקום, דאַכט זיך, אָטעמט אויף דאָס מעשװאַרג און דאָס קופּערװאַרג. מעשענע פיגורן װעקן זיך אויף, באַגריסן דאַכט זיך, די טאָכטער, די קופּערנע אידישע פּרינצעסין. אַזוי האָט גע־מוזט אויסזען די העברייאישע פּרינצעסין, בערעניקע, די געליבטע פון טיטוס הרשע. בלאָנדע האָר — שטיקער מעש — פאַלן פון איר קאָפּ. די אויגן — װי אַ קופּערנער רויך, נאַכט און פײער אין זיי. שװאַרץ — פון אַלט־מיידעלשן אומעט. פלאַם — פון איבערגעשטאַנענער ליידנשאַפט.

דער מעשענער איד, ר׳ אברהם, לאָזט אַרויס פון זיין קופּערנער ברוסט אַ שװערן קרעכץ:

— איר װייסט אפשר פון אַ פיינעם אינגערמאַן פאַר מיין טאָכטער?...

— דער טאַטע מיינט אַז איך בין פון מעש. אַז איך בין אַ מעשענע פיגור װאָס מען מוז מיך באַלד פאַרקויפן... פאַרקנסן...

— דער טאַטע האָט רעכט! ער וויל חתונה מאַכן זיין טאָכטער. איר זענט דאָך טאַקע אַ לויכטנדיקע שוינקייט... — זאָג איך צו מירעלען, דער ליבער טאָכטער.

זי ווערט רויט. אַ פלאַם גייט אַריין אין אירע פולע, מעשענע באַקן. פון אַ ווינקל קוקט איר אַן פול מיט מיטלייד אַ ציפּערבלאַט פון אַן אַלטן, הונדערטיאָריקן זייגער, וועמענס אומרו ציטערט ווי אַ האַרץ. אַ קליינער צווערג פון שווערן קופּער, מיט אַ קינדיש פּנימל, שמייכלט איידל צו מי־רעלען. אַ גרויסע קופּערנע פּאַווע קוקט אַרויס פון אַן אַנטיקן קונסטווערק. אַ גאָלדענער מלאך, דאַכט זיך, רייסט זיך אָפּ פון אַ קראַנץ זינגענדע מלאכים און ער שוועבט גלייך צו מירעלען...

טאָכטער מיט איר ריזיקייט געראָט אַריין אין .איר ריזיקן טאַטן. זי שטייט אַ פאַרגליווערטע אין הוילן מעש פאַרפרוירן. איך הער איר הייזעריקן קול, ענלעך צום הייזעריקן קלינגען פונם אַנטיטשנעם זייגער:

— ווען מיין טאַטעשי וואָלט „געגלייכט” דאָס אינגעל וואָס איך האָב ליב געהאַט, וואָלט איך שוין לאַנג געווען חתונה געהאַט...

איך פאַרשטיי אַז דאָ איז עפּעס אַ היימישע דראַמע פון ליבע, אַ מין ראָמעאָ און יוליע־געשיכטע. דער טאַטע ברומט אַרויס דורך זיינע געלע, צעפּוילטע ציין:

— אַ שאַרלאַטאַן! אַ לאָבוז! אַ קעשענע־גנב איז ער!

איך מיש זיך נישט אַריין אינעם דאָזיקן רירענדן עסק. מיינע אויגן זיינען פאַרכישופט פונם מעשוואַרג. איך מוז קויפן דעם ניס־קנאַקער דעם וואונדערלעכן. די שנאָבלען פון אַ קלוגן אָדלער צעקנאַקן די ניס...

ניס... אויך דאָס דערמאָנט אין היימישע אידישע שטיבער... דער פעטער שמחה און די מומע נעכע זיינען געקומען צוגאַסט... עס איז שבת בייטאָג... פון די סעדער טראָגן זיך מחיה׳דיקע ריחות... דער פעטער און די מומע צעקנאַקן די ניס מיט זייערע אייזערנע הענט... פאַרשעמט ליגט אויפן טיש דער מעשענער ניס־קנאַקער...

איך גיי אַהיים דורך דער בויערי. די טרעמפּס און די וואַגאַבונדן ליגן שיכורע אויף די שוועלן פון חורבות... די זון זינקט אין מעריב — אַ ריזיק שטיק קופּער... איך טראָג אין האַנט, איינגעוויקלט אין אַ צייטונג, דעם ניס־קנאַקער — דעם גרויסן, קלוגן אָדלער... איך וועל לאָזן אַרויספליען דעם אָדלער פון מיין האַנט... ער וועט דערגרייכן די גרויסע נוס — די זון — ער וועט זי צעקנאַקן...

ניו־יאָרק, יוני 17, 1952.

עס איז גרויסער, פייערלעכער זון־אונטערגאַנג. עס ברענען ביבליאָ־טעקן אין אומגעהייערע פלאַמען. מלאכים גייען אַרויס פון וויניעטן און פרוון אויס זייערע בראָנדזענע פליגל. אַ וואָלקנדיקע האַנט מישט די פייערדיקע בלעטער, וואָס קאָרטשען זיך אין די פלאַמען מיט יסורים. דאַמען־פנימער ציטערן אויף מיט אַ שיינקייט וואָס איז אומבאַשרייבלעך. קלאָונען וויינען אין דעם גרויסן זון־אונטערגאַנג. אַ מחבר׳ס פאַרבנ־פאַרשמירטע האַנט שרייבט אויפן לעצטן בלאַט פון בוך: „דער סוף, נע־בעך!" „פיניטאַס דע לאַ קאָמעדיאַס" — לויכט אַרויס טרויעריק פון דעם לעצטן בלאַט פון אַן אַלטן סאַטירישן ראָמאַן. „די ענד" — שטראַלן אויף צוויי ווערטער פון אַ פאַרברענטן וואָלום פון פּראָזע. איך בין מיד. איך דרימל איין. נאָך אַזוי פיל ווערק האָב איך גרייט פאַר דער גרויסער דרו־קעריי. שווערע פעק מיט דערציילונגען ליגן אין די קאָמאָדן. עסייען זיינען אויסגעקלעפּט אין מאַטע בלעטער פון אַלבומען. די דאָזיקע פעדער האָט אָנגעשריבן הונדערטער רעפּאָרטאַזשן. טויזנטער מיניאַטורן. מיליאָנען ווערטער. און אַלע ווערטער האָבן געטרונקען דאָס בלוט פון דיין האַרצן. דו האָסט אַלע דיינע ווערק אַרויסגעפירט פון דיין געביין. דו ביסט געווען זייער שענק, זייער קרעטשמע. אין רייכע גאָלדענע כוסות האָבן זיי פאַר׳־שיכורט און פאַרטאַנצט דיין לעבן און דיין געזונט. ביז צום בלייך ווערן פון דער לבנה אויפן פרימאָרגנדיקן הימל, האָבן דיינע ווערק אין דיר גע־הוליעט, אין דיין גאָלדענעם האַרצנס־שענק...

ביים פאַרענדיקן דעם איצטיקן באַנד זע איך ווי געהיימנישפולע, בלאַ־סע הענט שמירן מיט שטראַלן איבער אַ קאַנווע. אין גאָלדענע אותיות וואַרפן זיי נאַכלעסיק אָן אויפן גרויסן, פאַרביקן פאָרהאַנג פון טאָג:

FINIS